# משה'לע און שיינדעלע.

## ערשטעם קאַפּיטעל.

גוט איז זומער נישט צו געהן אין חדר צוליב רבי-געלד, באַקען זיך אויף דער זון, ליגען שעה'נווייז אין טייך, אַרומטרייבן זיך מיט יונגלעך, עסען האַרטע גרינע עפּעל, וואַרפען שטיינער אין אַ פרעמדען פענסטער, אַרויפכאַפּען זיך אויף אַ פוהר בשעת דער פוהרמאַן זעהט נישט, שפּילען זיך מיט אַ הינטעל, האָדעווען טויבען, צושלאָגען זיך מיט אַ חבר, נאָכקרימען אַ קאַליקע און וואָס ווייניגער שלאָפען.

גוט איז אויך צו ליגען זומער מיט'ן פּנים אַרויף אויף אַ ברייטען פעלד מיט זאַנגען, אין שכנ'יש מיט די שטילע בלויע קאָרנבלימלעך און זיך אָהן מחשבות צוהאָרכען צום ווייטען סקריפּ פון אַ וואָגען, צום טרוקענעם און פרעהליכען טשוויטשערן פון פויגעל, צום באַסיגען זשומען פון ביהנען, צו דער לאַכעדיגער זאַווערוכע פון פראָשען-קולות, צום פערטראַכטען אָבגעהאַקטען האַווקען פון אַ ווייטען דאָרף-הונד און צו די טויזענדער-טויזענדער קלאַנגען אין גראָז און אין די קאָרן און אויפ'ן שטויביגען וועג און אויפ'ן בלויען הימעל אפילו.

נאָר גוט איז אויך אויפצושטעהן גאָר פריה, אויפרייסען

ווי משה׳לע, ברייט די אויגען און מיט אַ פּערצאַפּעלטען הערצעל אַרויסקוקען דורכ׳ן קליינעם פענסטערל אויף גאָטס ליכטיגער וועלט. מען דאַרף זיך נישט אָנטהאָן, מען בעדאַרף זיך נישט וואַשען—מען דאַרף נאָר קוקען.

עס מאַכט נישט אויס, וואָס דער הויף איז גרויס און אָרים און וויסט, אָהן בוימער און אָהן גראָז. עס איז גענוג דאָס הילצערנע הייזעל מיט׳ן מאָך־בעוואַקסענעם דאַך, וואָס שטעהט אַנטקעגען משה׳לעס פענסטערל, און דער לאַנגער גרויער פּאַרקאַן, וואָס ציהט זיך דערביי, און די שטיקלעך גלאָז, וואָס לייכטען־אַרויס, ווי ווייסע פייערלעך, פון דער ערד, און דאָס פויגעלע, וואָט פליהט פרעהליך אַדורך מיט אַ טרוקענעם שטרוי אין שנאָבעל, און דער בלויער הימעל, וואָס הענגט אין דער הויך, ווי אַ פונאַנדערגעעפענטער בלוי־זיידענער שירם, און די זון, וואָס פלייצט מיט בלענדענדיגען ליכט. דער גאַנצער הויף טובל׳ט זיך אין וואַרימען גאָלדענעם ליכט, און מעהר ווי דאָס בעדאַרף מען נישט. ווארום אַז עס איז דאָ זון אויפ׳ן הימעל, איז נישטאָ קיין נויט אויף דער וועלט, איז אַלץ גוט.

משה׳לע וואָלט לאַנג געקוקט דורכ׳ן פענסטערל, אַלע טאָג מיט דערזעלבער נייגיריגקייט און דורשט, ווען נישט די מאַמע, וואָס שלעפּט איהם פאַר׳ן הענטעל—ער זאָל זיך אָנטהאָן, וואַשען און דאַווענען, און ווען נישט שיינדעלע.

שיינדעלע איז שוין לאַנג אויפ׳ן הויף. זי שטעהט־אויף זעהר פריה. דאַווענען דאַרף זי נישט. אַמאָל געהט זי פאַרביי פענסטערל, זוכט כלומר׳שט עפּיס אויף דער ערד און פערשווינדט באַלד הינטער דער שטוב. אַמאָל הערט זיך ווי זי זינגט ערגיץ פון אַ ווינקעל הויף. דאָס שטימעלע איז יונג, דין און וואונדערליך זיס. נאָר משה׳לע מוז דאַווענען. דאַווענען מוז ער נישט נאָר צוליב דעם, וואָס די מאַמע הייסט, אָבער אויך צוליב דעם, וואָס ער אַליין וויל עס.

משה׳לע איז פון נאַטור זעהר אַ פרום יונגעל און האָט זיך זיין פאָרשטעלונג וועגען גאָט. אויפ׳ן הימעל זענען דאָ גאָלדענע פּאַלאַצען און גאָט זיצט אין דעם שענסטען פון זיי. ווי שען

דאַרף עס זיין, ווען אַזאַ קליין צעהן-יעהריג יונגעלע שטעהט אויף דער ערד און דאַוועט פאַר גאָט, וואָס זיצט אויפ׳ן הימעל אין אַ גאָלדענעם פּאַלאַץ? קוקט גאָט אַראָב פונ׳ם גאָלדענעם פּאַלאַץ צו דעם יונגעלע אויף דער ערד און שמייכעלט, ווי אַ גוטער פאָטער, וואָס איז שטאַרק צופרידען מיט זיין קינד. נאָר זומער טהוט משה׳לע עבירות און די ערשטע און גרעסטע פון זיי איז די, וואָס ער דאַוועט שלעכט און איילענדיג. גאָט זיצט טאַקי אין גאָלדענעם פּאַלאַץ און קוקט-אַראָב, אָבער ביי משה׳לען לויפען אין דאַוונען די געדאַנקען און עס ווילט זיך זעהן שיינדעלען און זיין אין דרויסען. פאַרהאַן נאָר איין סגולה דערצו: שטעלען זיך אין אַ ווינקעל, אויפהויבען די אויגען צום הימעל און אָבזאָגען מיט האַרץ און מיט אַ ריינעם קאָפּ, אָהן זייטיגע געדאַנקען, אַ קורצע תפילה, מיט יודישע ווערטער, וואָס ער האָט איינמאָל, אין אַזאַ מינוט, פערפאַסט.

און די תפילה איז אַזאַ:

„רבונו-של-עולם! זיי מיר מוחל. איך האָב דיך ליב ווי מיין טאַטען און מאַמען און נאָך ליבער, און איך האָב פאַר דיר מורא. היינט דאַוועט איך נישט גוט, דערפאַר וועל איך היינטיגען טאָג קיין שום עבירה נישט טהאָן. גאָטעניו, איך האָב דיך ליב, ווי דער ווילנער גאון האָט דיך ליב געהאַט.״

טיף אין האַרצען פיהלט משה׳לע, אַז אָט די קורצע תפילה, וואָס איז אַ סוד און קיינער ווייס ביי איהם נישט פון איהר, האָט אפשר מעהר וואָג פאַר׳ן גאַנצען לאַנגען דאַוונען. טייל מאָל דאַכט זיך איהם, אַז גאָט הערט זיך צו צו יעדען וואָרט זיינס און איז איהם מוחל. דעמאָלט דערפיהלט ער צו גאָט נאָך אַ גרעסערע ליבע און אויפ׳ן האַרצען ווערט וואונדערליך לייכט. די־דאָזיגע לייכטקייט איז אויך אַ פיזישע: פונקט ווי אַ שווערע לאַסט וואָלט איהם אַראָבגעפאַלען פון קאַרק.

איצט איז ער אינגאַנצען פריי. אָבגעטרונקען טיי, לאָזט זיך משה׳לע אַרויס אויפ׳ן הויף, און דאָ בעגעגענען זיך צוויי קינדער—אַ יונגעלע מיט אַ מיידעלע. דאָס יונגעלע האָט פערטראַכטע גרויע אויגען, אַ דין העלזעל און דינע הענדטלעך. זיינע בעווע-

גונגען זענען צוריקגעהאַלטענע און אָנגעשטרענגטע, ווי ביי אַ מענשען, וואָס טראַכט אַ סך. דערפאַר איז דאָס מיידעלע דורכ-אויס שמייכעל, אויגען-גלאַנץ און בעוועגונג. די אויגען איהרע זענען אויך גרויע, אָבער שטראַהלענדיגע, שמייכלענדיגע און האַר-ציגע, און ברעמען האָט זי, ווי האַלבע רייפעלעך, און דינע פריי-שע ליפּעלעך, פּונקט ווי אויסגעשאָרענע פון עפּיס אַ רויטער מאַ-טעריע, און פון קליינעם יונגען שטערען לויפען אַהינטער טונ-קעלע כוואַליעס האָהר און ענדיגען זיך אין צוויי צעפּלעך אויפ'ן רוקען.

שיינדעלע בעגעגענט איהם פרעסט און האַרציג.

—אַ!—שרייט זי אויס—אַזוי שפּעט אויפגעשטאַנען.

אָבער משה'לע בויגט-איין דעם קאָפּ און זאָגט שטיל אַרויס:

—נעכטען אין אָוונד איבערגעלייענט אַ נייַ ביכעלע: „דער שרעקליכער מערדער ריכאַרד"...

—מיט אַ וואַלד?

—מיט אַ וואַלד.

—און מיט גזלנים?

—און מיט גזלנים.

—וועסט מיר עס אויך איבערלייענען?

—נו, אודאי.

—ווען?

—הייגט אין אָוונד.

פּאַמעליך, אונבעמערקט געהען ביידע אַרויס פון הויף אין גאַס אַריין, די זון באַקט, אויפ'ן טראָטואַר קריכען-אַרום יאָהריגע האַלב-נאַקעטע קינדער אין צולעכערטע העמדלעך, ביי די שווע-לען פון די קרעמלעך געניצען ווייבער, מחנות פליגען טאַנצען אַרום די פענסטערלעך, מאָגערע ציגען עסען דאָס טרוקענע האָלץ פון די פּאַרקאַנעס, אַ שיטערער שטויב ציהט זיך לאַנגזאַם איבער דער לענג פון גאַס און ירוחים דער וואַסערפיהרער, שטעהענדיג מיט באָרפיסע פיס אויפ'ן צוויי-רעדערדיגען וועגעל, שמייסט די ווייסע קורצע שקאַפּע און גריילצט אין דער הייסער שטילקייט מיט זיין לעדיגען פאַס.

און פֿאַמעליך געהט משה׳לע מיט שיינדעלען. זיי ריידען נישט, נאָר דאָס שווייגען גיט זיי דאָס אייגענע, וואָס אַנדערע דאָס ריידען. זיי פֿערשטעהען זיך מאָדנע גוט צווישען איינאַנדער און לייכֿט איז זיי אויף דער נשמה. צווישען זיך שפּילען זיי זיך זעלטען און שולדיג דערין איז אייגענטליך משה׳לע. שיינדעלע וואָלט זעהר געוואָלט שפּילען, טאַנצען, זינגען, אויפפּיהרען זיך אַזוי, ווי אַלע צעהניעהריגע מיידעלעך פֿיהרען זיך אויף. נאָר משה׳לע האָט ליב ערנסט, חלומות, מעשה-ביכלעך און שווייגען. און שיינדעלע איז נישט-ווילענדיג אונטערגעוואָרפען זיין ווילען, ווי אַ מיידעלע, אין וועלכֿער עס שפּירט זיך שוין דאָס קינפטיגע ווייב. שיינדעלע מיינט, אַז משה׳לע איז זעהר אַ קלוגער און זעהר אַ געראָטענער און זי דאַרף איהם פֿאָלגען און הערען. משה׳לעס ערנסטקייט איז אָבער נישט די ערנסטקייט פֿון אַ גריבלער אָדער פֿון אַ שווערען כאַראַקטער, נאָר פֿון פֿריהיגען אומעט, פֿון פֿיהלען דעם פֿאַרב פֿון די הימלען, פֿון ציטערן פֿאַר די בלאַסע קאַלטע לבנה-שטראַהלען, וואָס ווירקען אויף איהם אונפֿערשטענדליך, פֿון בלוט-אָרימקייט און פֿון סתם בענקשאַפֿט. דאָס האַרץ בענקט ביז טרעהרען און טיילמאָל, אַז קיינער זעהט נישט, וויינט ער טאַקע אָהן אַ שום סבה.

—משה׳לע,—פֿרעגט פּלוצלונג שיינדעלע—אָט דער ריכֿאַרד, וואָס דו האָסט מיר געזאָגט, איז טאַקע זעהר אַ שרעקליכֿער מערדער?..

משה׳לע קוקט צו אַ שפּיץ פֿון אַ ווייטען בוים, וואָס זעהט זיך אַרויס הינטער אַ דאַך פֿון אַ הייזעל. דער בלויער הימעל רוהט אויפ׳ן שפּיץ בוים און משה׳לען דאַכֿט זיך, אַז דאָרט לאָזט זיך אַראָב דער הימעל. כאָטש ער ווייס, אַז דאָס איז נישט אַזוי, אַז ער האָט זיך שוין פֿיל מאָל געגאַרט דערמיט, פֿונדעסטוועגען האָט ער אונגעהויער ליב צו זיין גענאַרט און גאָר אונגערן נעהמט ער עס אָן פֿאַר אַנ׳אמת. אויב דאָרט לאָזט זיך ווירקליך אַראָב דער הימעל, מוז דאָרט זיין אונגעוועהנליך גוט.

נאָר שיינדעלעס פֿראַגע צושלאָגט איהם די רעיונות.

—ווער, ריכֿאַרד?—רייסט ער אָב די אויגען פֿונ׳ם הימעל

מיט'ן שפיץ בוים—ריכאַרד איז דוקא געווען אַ גוטער מענש... ווענסט הערען...

משה'לע וויל איהר שוין אויפ'ן אָרט דערצעהלען, ווער ריכאַרד איז געווען, נאָר צו וואָס ריידען, אַז ער וועט עס איהר לייענען אין אָווענד, אַז דער הימעל לאָזט זיך דאָרט ווייט אַראָפּ אויפ'ן שפיץ בוים, אַז שיינדעלעס האָהר זענען פערגאָסען מיט זון, אַז אין גרינעם הויז, דאָרט, ביים רייכען טאָטער, שפּילט מען אויף אַ פידעל און אַז עס וועט נאָך אַזוי לאַנג זיין זומער און זומער. פון חדר איז ער פריי און גאָט איז אַ גוטער און טהאָן דאַרף מען, דאַכט זיך, גאָרנישט און אַ ביכעלע איז שטענ-דיג פאַרהאַן אונטער'ן האַנד און שיינדעלע וואוינט אַ טהיר נע-בען אַ טהיר.

—שיינדעלע,—פרעגט ער פלוצלונג—וואָס האָסטו ליב: טאָג צי נאַכט?

שיינדעלע ענטפערט האַסטיג, מיט אַמאָל, נישט געטראַכט:

—טאָג.

—און איך: נאַכט...—זאָגט ער נישט פעסט אַרויס און ווישט-איבער דעם שטערען מיט'ן דינעם הענטעל, ווי אַ דער-וואַקסענער נערוועזישער מענש.

# ביי שיינדעלע'ן אין שטוב.

## צווייטעם קאַפּיטעל.

אויפ'ן טונקעל-בלויען הימעל גליטשען זיך אַרויס דריי שטע-רענדלעך, פּונקט ווי דריי גאָלדענע פליגעלעך, וואָס שפּילען זיך איבער אַ גרויסען רוהיגען ים, און די קליינע פענ-סטערלעך ביי שיינדעלע'ן אין שטוב זויגען די קיהלע אָווענד-לופט, ווי אַ מענש מיט קראַנקע לונגען. אויפ'ן הויף דרעהען זיך אַרום יודען און ווייבער און קינדער, פּונקט ווי ביי זיך אין שטוב, האַלב-נאַקעטע, מידע און פערשמועסטע. מאַנכע שטעהען אין קופּקעלעך, מאַנכע רוקען זיך אַרום ווי שאָטענס און אַנדע-רע זיצען אויף דער ערד מיט אָפענע הערצער, מיט אַרויפגערוק-טע היטלען, אָנגעשפּאַרט צו אַ וואַנד, פּונקט ווי וואַנדערער ערגעץ אין אַ וואַלד נאָך אַ לאַנגער און שווערער נסיעה. דאָס זענען אַלץ שכנים,—מענשען, וואָס וואוינען אין די קליינע דירה'לעך פון דעם גרויסען הויז מיט די פערוויינטע פענסטערלעך. דער גרע-סטער טייל פון זיי וועט שלאָפען אויפ'ן הויף, אונטער'ן פרייען הימעל, און דאָס גיט-צו דעם הויף עפּיס אַ היימליך און אונגע-וועהנליך אויסזעהן. נישטאָ קיין בעזונדערע געזינדען, קיין צו-

שיידטע משפחות. דער הויף, דער גרויסער זומערדיגער הויף האָט
זיי אַלעמען פעראייניגט, און עס דאַכט זיך—נאָר איין משפחה
איז דאָ, וואָס וואוינט ווי אַ גרויסער לאַגער אונטער דעם פרייען
הימעל מיט די דריי שטערענדלעך-פליגעלעך.

שיינדעלע׳ס מאַמע איז אַ ברויט-בעקערין, און ביי זיי ווערט
מען נישט נתפעל פון היץ, פון אַ הייסען טאָג. זיי האַלטען נאָר
אָפען די פענסטער און געהען זיך נישט אָבקיהלען אין דרויסען.
שיינדעלע׳ס מאַמע, פייע, וואָס אַזוי הייסט אויך משה׳לעס מאַמע,
איז אַן׳אויסגעטריקענטע יודענע מיט יונגע אויגען, אַ מת מיט אַ
שענעם און אַ וואַרימען שמייכעל, און זיצען נעבען איהר, אָדער
עסען דאָס, וואָס זי דערלאַנגט, אָדער בעקומען פון איהר אַ גלעט,
אָדער זיין דער וואַרימט פון איהר שמייכעל, איז זעהר אָנגענעהם.
זי האָט אויך ליב מעשה-ביכלעך, תחינות, יציאת מצרים, חנה׳ן
מיט די זיבען קינדער און משה׳לען. פאַר משה׳לען גרייט זי
שטענדיג אָן אַ גוטע זאַך צום עסען, גיט איהם אָב דעם שענסטען
אָרט ביים טיש און טענטעלט זיך אַרום איהם, ווי אַ גוטע און
אַ האַרציגע מאַמע. אַמאָל פערגעסט זי זיך און לויבט איהם אין
די אויגען:

—נישטאָ אַזאַ וואויל קינד...

דעמאָלט ווערט משה׳לען אי פרעהליך, אי אומעטיג, און
ער לאָזט-אַראָב די אויגען. ער שפירט אויך, אַז ער איז אַ
וואוילער. נאָר אין אַן׳אַנדער אָרט האָט ער בעדאַרפט זיין, צווי-
שען אַנדערע מענשען זיך האָדעווען און וואַקסען און לעבען.

משה׳לע איז שוין לאַנג געקומען און האַלט אַ גרוי ביכעלע
אין האַנד. דאָס ביכעלע איז נישט מעהר און נישט ווייניגער ווי
דער שרעקליכער מערדער ריכאַרד, אָבער משה׳לע קאָן נישט
אָנהויבען לייענען, ווייל די אַלטע פייע איז פערנומען. זי וויל
אויך הערען. אָהן איהר טאָר מען נישט לייענען. פון קיך קומט
אַריין רחל׳ס ברודער דער משוגע׳נער, וואָס שלאָפט הינטער׳ן
אויווען, עסט פון אַ טאָפּ, קלאַפּט זיך אַ גאַנצע נאַכט מיט אַ
פינגער אין שטערען אַריין און האָט נאָר דריי ווערטער: איז
אַז איז. קיינער ווייס נישט דעם טייטש פון דעם און וואָס

מיינט ער דערמיט. פון שטערען ביז'ן מויל איז ער געראָטען אין שיינדעלע'ן: ער האָט אויך גרויע גוטע אויגען, ווי שיינדע-לע און איהר פאַמיליע, אָבער ווייטער געהען שוין שטריכען פון אַ משוגע'נעם: דאָס מויל צוקרימט, דער האַלז לאַנג און אויסגע-בויגען, די האָהר פון בּאָרד ערטערווייז אויסגעריסען. נאָר שמיי-כלען האָט ער ליב, און אַז ער רוקט זיך צו לאַנגזאַם און מיט זעהר שטילע טריט צום טיש, שמייכעלט ער צו משה'לען קעלביש און וואַסערדיג און ברומט שטיל אַרויס:

—איז אַז איז... איז אַז איז...

משה'לע בעצאָהלט איהם אויך מיט אַ שמייכעל און פיהלט בעת-מעשה, אַז נאָר דאָ אין שטוב איז איהם גוט, דאָ, נעבען שיינדעלע'ן, נעבען דעם משוגע'נעם ברודער, נעבען דער אַלטער אויסגעטריקענטער פּייע'ן, אין די קליינע צימערלעך, ווי קעסטע-לעך, און אין דעם מחיה'דיגען ריח פון פרישען ברויט. און נישט איין מאָל אין אַזאַ מינוט טראַכט זיך אין איהם אַזוי לייכט און שטיל, פּונקט ווי ער וואָלט געהאַלטען צוגעמאַכט די אויגען, ווע-גען דער מאַכט פון עלטערן און פאַרוואָס זאָל אַ קינד נישט קאָ-נען איבּערגעהן פון די אייגענע עלטערן צו אַנדערע? פאַרוואָס זאָל ער נישט טאָרען זיין שיינדעלעס אַ ברודער און פּייע'ס אַ זוהן? פאַרוואָס קאָן מען אַלץ אין דער וועלט איבערטראָגען, אי-בעראַנדערשען, איבערשטעלען, איבערמאַכען, און דאָס נישט? און איהם דאַכט זיך, אַז גוטסקייט, שטילקייט און שלום-בית זענען פאַרהאַן נאָר דאָ אין שטוב און קוקען דאָ אַרויס פון אַלע ווינ-קעלעך.

דאָס לייענען הויבט זיך אָן, ווען פּייע ענדיגט איהר אַר-בייט און זעצט זיך אַוועקביים טיש ווי אַ הויפען מענש, אַנ'-איינגעשרומפּענע, אַנ'אויסגעטריקענטע, אַ בינטעל שאַרפע ביינער, מיט יונגע אויגען, מיט אַ טיכעל אויפ'ן קאָפּ און די עקען פער-בונדען אונטער'ן האַלז. זי זיצט און הערט מיט דעמזעלבען אויס-דרוק פון אויג, ווי ביי שיינדעלע'ן, נאָר שיינדעלע איז יונג, פריש, מילך און בלוט, און די ליפּלעך איהרע זענען אַזוי ווי אויסגעשאָרענע פון עפּיס אַ רויטען שטאָף. משה'לע לייענט פון

דעם שרעקליכען מערדער ריכאַרד, וואָס האָט זיך אַרומגעשלעפּט איבער ווילדע וועלדער און פּוסטע פעלדער מיט אַ באַנדע גזלנים. דער־דאָזיגער מערדער איז געווען שרעקליך דרייסט, מוטהיג און בייז, דאָך האָט ער געהאַט אַ האַרץ אַ גוטע, און אָרימעלייט פלעגט ער שאַנעווען. די שפּראַך פון ביכעל איז אַ דייטשע און אַ רוסי־שע און אַ טערקישע, נאָר מען בעדאַרף האָרכען ווי אַזוי משה'לע לייענט. די אומגעלומפּערטע ווערטער און זאַצען בעקומען אין זיין לייענען בלוט און לעבען, און ביי דער שטילקייט פון די צוהערער דאַכט זיך, אַז דאָ, ערגעץ דערביי, אָטעמט ריכאַרד מיט זיינע שרעקליכע גזלנים און זיי קוקען־אַרויס מיט פייער־דיגע אויגען. און משה'לעס קול גיסט זיך און גיסט זיך אין דער שטילקייט, ווי אַ קלאָר וואַסערל. דאָ איז דער קול ווייך און האַר־ציג, ווי אַ תפילה, דאָ צעוואַקסט ער זיך, ווי אַ געוויטער, און דאָ פליסט ער גלייך און איינטעניג, ווי מוסר. אַמאָל שעפּטשעט ער און בעט זיך ווי אַ קינד, קוים צום הערען. ביי דער אַלטער ווייזען זיך טרעהרען אויף די אויגען און ביי שיינדעלע'ן ציטערן די אויסגעשאָרענע ליפּעלעך.

משה'לע פיהלט, אַז דאָס לייענען—איז זיין האַרץ. זיין האַרץ איז דאָס שולדיג. זיין האַרץ בעט זיך, זיין האַרץ געווי־טערט, זיין האַרץ פאַלט־איין און שעפּטשעט. דאָס האַרץ זיינס רעגירט מיט'ן קול. און בשעת ער ענדיגט, איז נאָך לאַנג שטיל און ביי די צוהערער קוקען שטייף אַרויס די אויגען פון אָנ־שטרענגונג, פּונקט ווי זיי וואָלט נישט געלייענט געוואָרען, נאָר זיי האָבען אַליין ערשט איבערגעלעבט אַ גרויס געשעהעניש. איינ־מאָל, בשעת שיינדעלעס טאַטע, אַ פרומער יוד, וואָס האַלט די וועלט פאַר אַ פאָרהויז, איז גראָד פאַרבייגעגאַנגען און זיך צוגע־הערט צופעליג צו משה'לעס לייענען, איז ער ביז'ן סאַמע סוף געבליבען שטעהן אונבעוועגט, מיט'ן קאָפּ אויף אַ זייט און מיט די אויגען פערקוקט אין איין פּינטעל, און אַז משה'לע האָט גע־ענדיגט, האָט ער אַ ציה געטהאָן מיט די ליפּען, אַ דרעה געגע־בען מיט'ן קאָפּ און אַרויסגעזאָגט:

—אַ לייענער אַ ביסעל... נשתומם צו ווערען...

און איז אַוועקגעגאַנגען, שאָקלענדיג אַלץ מיט'ן קאָפּ.

נאָכ'ן לייענען פיהלט משה'לע אַלעמאָל קאָפּשמערצען און האַרץ-קלאַפּעניש, און עפּיס נעבעלדיגס שווימט פאַר די אויגען. אָבער שיינדעלע האַלט איהם ביי די הענדטלעך און קוקט איהם אָן מיט אונרוהיגע פערטיפטע אויגען. זי קוקט איהם אָן און זעהט איהם אָבער נישט. זעהן זעהט זי ריכאַרד'ן און דעם וואַלד און בּ׳גזול'טע מענשען און נאַכט צווישען די וואַלד-בוימער און וואַלד-סודות. און עס קלאַפּט איהר דאָס הערצעל און מחשבות שפּרינגען איינע איבער די אַנדערע. צי געפינט זיך אפשר אַמאָל נישט, דאַכט זיך איהר, דאָס הייזעלע, וואו זיי וואוינען איצט, אין אַ געדיכטען וואַלד און צי דרעהט זיך דאָ נישט אַרום ריכאַרד מיט זיין באַנדע? צי פאַלט ער איצט נישט אָן, צי שיסט ער נישט אין אַן'איינזאַמען דורכפאָהרער? וואָרום ריכאַרד, נאָכדעם, ווי משה'לע האָט וועגען איהם געלייענט, לעבט געוויס, ער איז דאָ אויף דער וועלט, ווי עס איז דאָ משה'לע און די מאַמע און דער טאַטע און דער משוגע'נער ברודער. צי זענען אַמאָל נישט די שכנים, וואָס דרעהען זיך אַרום איבער'ן הויף, גזלנים, מערדער, באַנדיטען, רוצחים פון ריכאַרד'ס באַנדע?

שיינדעלע דריקט איהם שטאַרקער די הענדטלעך און טיפער און טונקעלער ווערט איהר קוק. און זיין בליק פאַלט-אַריין אין איהרען און עפּיס גיט זיך איהם איבער פון איהר צו איהם און הייס אַרום די שלייפען ווערט איהם און די נעבלען ווערען גרעסער און איהם דאַכט זיך, אַז פליגלען הויבען איהם ביים רוקען זאַכט און שטיל, און לאַנגזאַם נידערט דער באַלקען צו דער ערד. נאָר די אַלטע פייע, וואָס לאָזט זיי זיצען אַ ווייל'ע אַזוי, קומט-אָן פון קיך מיט עפּיס אַ מאכל און באַלד קלינגט אַ טעלער, אַ לעפעל אויפ'ן טיש, און דער כשוף ווערט צורונען.

צוריק שטוב, ווי געווען, דער באַלקען נידערט נישט, פון אַ ריכאַרד איז קיין זכר נישטאָ. עס איז נאָר דאָ אַ משה'לע און אַ שיינדעלע, און עס הערט זיך פייע'ס קול:

—אָט איז אַ נחת... פייע ווייס דאָך גאָרנישט, וואָס פאַר

אַ יונגעל זי האָט... אַי לייענסטו, מיין קינד... צו צוקערן יעדעס וואָרט...

קיין שום נייעס איז נישטאָ אין איהרע רייד. אַלע טאָג דאָסזעלבע. אַלע טאָג שיט פייע מיט אַזוינע ווערטער, אָבער משה'לען פּאָכען זיי ווייך איבער די באַקען, ווי אַ מחיה'דיג ווינטעלע.

און אַז פייע געהט שוין אַוועק צו זיך אין פינסטערן און איינגען קאַמערל שלאָפען און אַז פון דאָרטען הערט זיך נאָך צוזאַמען מיט אַ סקריפּ פון אַן'אַלטען בעט, ווי זי רעדט אַזוי ווי פאַר זיך וועגען משה'לעס מעלות, געהט משה'לע מיט שיינדעלע'ן אַרויס אויפ'ן הויף. אַ בלויער איינגעשטילטער הימעל מיט גאָל-דענע טאַנצענדיגע קנעפּעלעך בעגעגענט זיי פון אויבען און אויף דער ערד זענען אויסגעלעגט וואַרימע שאָטענס, און פון די שאָ-טענס בלייכען-אַרויס עלטערע בערדיגע פּנימ'ער מיט צוגעמאַכטע אויגען. אויפ'ן הויף איז שטיל. מאַנכע פון די שכנים שלאָפען, אַנדערע דרעמלען זיצענדיג.ביידע קינדער זעצען זיך אויף אַ קלאָץ.

—וואו קאָן איצט זיין ריכאַרד?—פרעגט שיינדעלע מיט פערטיפטע שאָטענדיגע אויגען.

און אַז משה'לע ענטפערט נישט, פרעגט זי נאָכאַמאָל:

—משה'לע, וואו, מיינסטו, קאָן איצט זיין ריכאַרד?

אָבער משה'לעס געדאַנק דרעהט זיך אַרום די גאָלדענע שטערנדלעך, און ער הערט נישט, וואָס זי פרעגט. אין דער ווייס-שוואַרצער לופט פון אַ זומערנאַכט ווערען איהם שאַרפער די געזיכטס-ציגען, ווי ביי אַ געשטאָרבען קינד און ער זעהט-אויס נאָך בלאַסער, ווי אַלעמעל.

—אָן יענץ שטערענדעל מוז זיין זעהר ווייט...—רופט ער זיך אָן מיט אַ מיד שטימעלע, אָנווייזענדיג מיט'ן פינגער אויף אַ ווייטען גאָלדענעם פלעק פון אַ שטערן.

—משה'לע...—זאָגט שיינדעלע פלוצלונג אַרויס, צורוקענדיג זיך נעהנטער צו איהם.

—וואָס?..

—משה׳לע ?..

—וואָס ?

—מיך שרעקט עפּיס...

—נו,—מאַכט משה׳לע נישט זיכער, דערפּיהלענדיג ווי די נאַכט-שטילקייט דערוועקט אין איהם גופא אַ מורא—אַ מענש טאָר זיך נישט שרעקען. גאָט איז אויפ׳ן הימעל, גאָט איז אויף דער ערד. אָט דאָ, נעבען אונז, איז אויך פאַרהאַן גאָט...

נאָר אַזוינע ווערטער ווירקען נישט אויף שיינדעלען. די שטילקייט פון דער נאַכט איז גרויס, געדיכט און וואַרים, און אונפערשטענדליך בלויט דער הימעל און ביי זעהען-אויס די שטערן און אויף דער ערד ליגען בערדיגע יודען, וואָס שאַר-כען מיט דער נאָז און וואַרפען נאָך זיך אַ שאָטען. שיינדעלע׳ן דאַכט זיך, אַז זי לעבט דאָס ערשטע מאָל אין אַזאַ שטילקייט און זעהט דאָס ערשטע מאָל אַזאַ נאַכט. דאָס גיט זיך איבער אויך משה׳לען, און ביידע דערנעהנטערן זיך און ביידענס בעק-לעך טרעפען זיך צוזאַמען און ביידענס אָטעם ווערט צוזאַמענ-געמישט.

—משה׳לע...

—וואָס ?

—איך האָב מורא...

—דו וואָלסט געקאָנט אויסזיצען אַ נאַכט אויפ׳ן גאַס ?—פרעגט משה׳לע שטאַרק פערקלערט.

—ניין,—לאָזט שיינדעלע אַראָב דעם קאָפּ און נעהמט זיך אַרום מיט די הענדטלעך ביי דער ברוסט, פונקט ווי זי וואָלט זיך געהיט פון אַנ׳אָנפאַל.

—און זלמן...—וויל משה׳לע עפּיס דערצעהלען און האַקט זיך אָב.

איהם ווילט זיך מעהר נישט ריידען, ער וויל זיך בעסער איינפּאַסען אין דער שטילקייט, און ער קוקט אַלץ אין דער שטי-לער בלויקייט פונ׳ם הימעל, אין דעם אונגרויהיגען גאָלד פון די שטערען און נאָך ערגיץ אנדערש-וואו, וואָס איז אויסער דעם הימעל און אויסער די שטערען, וואו ער זעהט מאָדנע פאַנטאַ-

סטישע בילדער און געשטאַלטען, וועגען וועלכע ער וועט קיינעם קיינמאָל נישט דערצעהלען, וואָרום קיינער וועט עס נישט פער־שטעהן און נישט הערען.

זיצען אין דרויסען קאָן מען אייגענטליך וויפיעל מען וויל, וואָרים זומער, בשעת מען שלאָפט אויפ'ן הויף, שפּאַרט מען נישט צו די טהיר. אָבער אַז עס ווערט קיהלער און די שלאָ־פענדיגע יודען ציהען אויף זיך אַרויף די אַראָבגעפאַלענע קאָל־דרעס און קעהרען זיך איבער אויף דער אַנדערער זייט מיט אַ געדיכטער סאָפּעריי, פּונקט ווי זיי וואָלטען וועלען טיפער אַריינ־קריכען אין דער וואַרימער שטומער ערד, הויבען זיך אויף ביי־דע קינדער און געהען אין שטוב אַריין. פאַר'ן צושיידען זיך צוקושען זיי זיך נישט־צוגעגרייט, האַסטיג און פּלוצלונג. און פערשווינדען באַלד אין די שוואַרצע מיילער פון די קליינע היל־צערנע פאָרהויזלעך. נאָר אַז משה'לע טרעט פאָרזיכטיג איבער די שוועל פון דער פינסטערער דושנער שטוב, וואָס איז אָנגע־פילט מיט שלאָף און סאָפּעריי, בעפאַלט איהם עפּיס אַ נישט־ניחא'קייט און איהם דאַכט זיך, אַז ער איז שוין דאָ נישט גע־ווען פון יאָהרען־לאַנג, אַז דאָס איז אַ פרעמדע שטוב, מיט פרעמ־דע אונהיימליכע שאָטענס פון פרעמדע מענשען...

# משה'לעס טאַטע

## דריטעס קאַפּיטעל.

אַ מאָדנער יוד איז משה'לעס טאַטע. בשעת ער איז צופרידען, האָט ער ליב צו קייפען געשלייפטע פסח'דיגע כוסות טאַמע נאָך פסח און האַלטען זיי צווישען די פינגער אַנטקעגען דער זון; און בשעת ער איז אויפגעלעגט, נישט צופרידען, זעצט ער זיך ביי ראָג טיש, די הענד אויף די קניה, די געדיכטע אַראָבגעהאַנגענע ברעמען בייז צונויפגעבויגט, און, קוקענדי'ג אין איין פינטעל אויף דער פּאָדלאָגע דורך די קאַלטע גלעזער פון די ברילען, טענה'ט ער אַלץ איין זאַך:

—בעי קאָטאַ, ניע בעי קאָטאַ... בעי קאָטאַ, ניע בעי קאָטאַ...

פאַרהאַן נאָך אַנדערע מאָדנע דרכים אין זיין כאַראַקטער. דהיינו: ער האָט זיך ליב צו חבר'ן מיט קינדער און דער-וואַקסענע האָט ער פיינט, אויסער דעם אַלטען זלמנ'ען, וועלכען ער בעגעגענט טיילמאָל קאַלט און טרוקען, סתם אָהן אַ שום סבה, און אַמאָל וואַרים און צופרידען, אויך סתם אָהן אַ שום סבה. קומט דער אַלטער זלמן אַמאָל אין אָוועגד, ווי געוועהנליך, קוקט

איהם אָן משה׳לעס טאַטע מיט אַזוינע אויגען, ווי ער וואָלט איהם קיינמאָל נישט געקאָנט, ווי ער וואָלט איהם געזעהן דאָס ערשטע מאָל אויף זיין לעבען, און גיט אַ זאָג מיט אַ נידעריגען שלעכטען קול:

—געקומען... אָנגעטראָגען זיך... נו, וואָס ביזטו געקומען? וואָס, וואָס ביזטו געקומען? געה אַהיים שלאָפען...

און אַמאָל, פערקעהרט, טהוט ער זיך געשווינד אַ הויב פון אָרט ביי זלמנ׳ס קומען, שפּרייט-אויס ביידע הענד אין דער-הויך און שרייט-אויס מיט שמחה:

—אַ, זלמן... איז דאָ! זלמן... איז דאָ!

משה׳לעס טאַטע רופט-אָן זלמנ׳ען מיט׳ן נאָמען און נאָך מיט אַ צולאָג—מיט זעהר אַ מאוס׳ען צונאָמען, וואָס יענער האָט מסתמא בעקומען נאָך יונגעלוויייז. נאָר זלמן בעליידיגט זיך זעלטען אויפ׳ן טאַטען, און ער מאַכט זיך גאָרנישט דערפון, ווען דער טאַטע נעהמט איהם אויף שלעכט. זלמן איז בכלל אַ קאַלטער און אַ רוהיגער מענש. לויט זיין מיינונג, בעדאַרף אַ מענש קיינמאָל פון קיין זאַך נישט נתפּעל-ווערען. וואָרום, ערשטענס, פּאַסט עס נישט פאַר אַ מענשען און, צווייטענס, נעהמען זיך אַלע אומגליקען פון התפּעלות, פון צו-הויך שרייען, פון צאַפּלען זיך, גאַפען און בעוואונדערן. רוהיג בעדאַרף מען זיין, קאַלט, געלאַסען און שטיל. דעמאָלט וואָלט די וועלט גאָר אַנ׳אַנדער פּנים געהאַט. אויסערדעם, געדענקט נאָך זלמן משה׳לעס טאַטען, ווען יענער איז נאָך געווען אַ יונגעל און ער האָט איהם געלערנט שלעפּען גרינע אוגערקעס פון פרעמדע גערטנער. ביידען האָט נישט געפעהלט קיין אוגערקעס אין דערהיים, נאָר זלמן האָט ליב אַזאַ מלאכה, וואָס איז עטוואָס עהנליך צו אַ גנבה און איז פערבונדען מיט געפאַהר. אין געצעהלטע פאַלען, בעדענקט משה׳לע, בשעת אין שטוב איז געווען שטיל, דער טאַטע אין גאַס, אויפ׳ן טיש איז געשטאַנען טיי, האָט זלמן, אין אַ שמועס מיט דער מאַמען, פאַרבייגעהענדיג צוגעוואָרפען:

—אַ פערפיהרטער מענש איז דיין שמעון... אַנ׳אַנדערן דערפעהלט עפּיס, ער האָט צופיל... און דערפאַר איז ער אַ פער-

פיהרטער. אַ גאָלדענער קאָפּ, גאָלדענע הענד, טויג זיך צו אַלץ אין דער וועלט. אַ לערנער, אַ זכרון—נישטאָ נאָך אַ צווייטער צו איהם. אָבער... גאָרנישט. אַ שגעון, אַ פּערפיהרטער מענש, אַ צו-דרעהטער קאָפּ. אַרויסגעוואָרפען די רייד. נישטאָ זיך וואָס צו דערוואַרטען פון איהם. איך קאָן איהם, דעם חברה-מאַן.

די מאַמע האָט טרויריג און איינשטימיג צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

—הערסטו, אָט דאָס טענה איך דאָך שטענדיג. דאַכט זיך, אַזאַ געראָטענער, און ס'איז אַרויסגעוואָרפען אויפ'ן ווינד. אומ-גליקליך איז אַ ווייב מיט איהם. פאַר די קינדער אַרט זיהם נישט. דעם יאָך פון פּרנסה וויל ער נישט טראָגען. וועגען דירה-געלד קימערט ער זיך גאָרנישט. צו מיין קאָפּ בעדאַרף עס אַלץ אויסגעהן,—איז די מאַמע אַראָב פון וועג און אָנגעהויבען אויס-צורעכענען אַ צעטעל מיט עולות פון טאַטען, וואָס זענען זלמנ'ען שוין לאַנג גוט בעקאַנט געווען.

נאָר משה'לען קומט-פאָר דאָס סאַמע אונפערשטענדליכסטע אין טאַטען דאָס, וואָס בעת ער האָט אַזוי ליב קינדער, בעת ער טראָגט זיי אַרום אויף די הענד, מאַכט זיי צאַצקעס און געהט מיט זיי שפּאַצירען, מיידט ער איהם, משה'לען, שטענדיג אויס, און בשעת ער רעדט מיט איהם, ווערט זיין פּנים פער-צויגען מיט אַ שלעכטער ערנסטקייט, די געדיכטע אַראָבגעהאַנגענע ברעמען בויגען זיך אויס, און משה'לען דאַכט זיך בשעת-מעשה, אַז ער שטעהט פאַר אַ פרעמדען קאַלטען יודען, וואָס וויל איהם דאָ עפּיס טהאָן אַ רעה.

זעהר זעלטען רעדט ער מיט משה'לען גוט, מיט ליבע, צערטליך, ווי אַנדערע טאַטעס מיט קינדער. משה'לע האָט אויך בעמערקט, אַז אין אַ פרעמדער שטוב, צי אויפ'ן הויף מיט יודען איז דער טאַטע פרעהליכער, ווי אין דערהיים. מיט פרעמדע מענ-שען איז ער גאָר אַנ'אַנדערער. פאַר זיי האָט ער אַ וויץ, אַ גוט וואָרט, אַ שמייכעל אָדער אַ געשיקטע בעוועגונג. אין דערהיים צווישען די אייגענע קינדער איז ער דאָס רוב אומעטיג און שטיל. אָבער דאָס איז נישט דער אומעט און שטילקייט פון אַ

געהאָ־בוואַמען, פון אַ שוואַכער נאַטור, נאָר פון אַן׳אונצופרידענעם מענשען, וואָס געפינט זיך קיין אָרט נישט אין שטוב. פאַרוואָס איז דאָס אַזוי, פערשטעהען אפילו נישט די עלטערער קינדער און מען איז שוין אַזוי געוועהנט דערצו, אַז מען רעדט קיינמאָל נישט וועגען דעם און מען בעוואונדערט עס נישט. און דאָך האָבען ליב די קינדער—משה׳לעס ברידער און שוועסטער—אָט דעם יודען מיט די געדיכטע אַראָבגעהאַנגענע ברעמען, מיט די שפּאַ־קולען אויף דער ברייטער נאָז, מיט די לאַנגע, פּעך־שוואַרצע האָהר, צו וועלכע עס פּאַסט זיך לחלוטין נישט די געדיכטע בּאָרד, וואָס האָט קיין שום קאָליר נישט. די געדיכטע שוואַרצע האָהר האָבען דאָך נישט פערשלונגען דעם שטערען, וואָס איז מעהר בּרייט, ווי הויך, און איז שטאַרק דורכגעשניטען מיט קנייטשען. דער סאַמע כאַראַקטעריסטישער קנייטש איז דער, וואָס ליגט אויף דעם אָרט שטערען, וואו עס הויבּט זיך אָן די נאָז און די געדיכטע ברעמען. דער־דאָזיגער קנייטש האָט דריי קאַנטען: צוויי אַרויף און איינעם אַראָב און ליגט טיף איינגעשניטען אין הויט. בשעת דער טאַטע קוקט מיט די קליינע גלאַנציגע אויגען, רוקט זיך דער קנייטש צוזאַמען און עס דערנעהנטערן זיך די ברעמען, פּונקט ווי צוויי בוימלעך וואָלטען געלעגען איבער צוויי קליינע פּייערלעך. אַ גאַנצען טאָג שפּילט דער קנייטש: דאָ ווערט ער ברייטער, דאָ שמעלער, און די ברעמען רוקען זיך, בויגען זיך אָדער גלייכען זיך אויס. נאָר בעסער פון אַלץ געפעלען משה׳לען דעם טאַטענס נעגעל. זיי זענען לאַנגע, גלאַנציגע, האַלב־רונדע און ראָזע. אַז דער טאַטע לעגט־אַוועק די גאַנצע האַנד אויפ׳ן טיש, זעהען זיי אויס ווי געטאָקטע און ווי אַרויפגעקלעבטע אויף די שפּיצען פינגער. זיי זענען אַזוי רונ־דיג, אַז זיי פערנעהמען פונקט אַ האַלבען פינגער אין דער־ברייט. די פינגער אַליין זענען ווייכע, פולע און לאַנגע. פון ווייטען מאַכט דער טאַטע אַן׳איינדרוק פון אַ משכיל און אַ ניהיליסט. פון נאָהנטען זעהט ער אויס אַ סך יודישליכער, און אַז מען זאָל פון זיינע לאַנגע האָהר מאַכען געדרעהטע בויגעלדיגע פּאות׳ן,
 וואָלט ער אויסגעזעהן, ווי אַ קליינשטעדטעלדיגער רב. אָבער זיין

סאַמע שטרענגסטער שטריך זענען די דיקע לאַנגע וואָנסען, וואָס ציהען זיך איהם ביז צו דעם האַלז, און משה'לען דאַכט זיך שטענדיג, אַז ווען מען זאָל איהם אָבגאָלען די באָרד און אָב-שערען די האָהר, וואָלט ער אויסגעזעהן מיט די דיקע לאַנגע וואָנסען, ווי זעהר אַ בייזער פריסטאַוו.

די גרעסטע תאוה זיינע איז — קויפען און לייענען אַ לשון-קודש'דיג בוך. לייהען אַ בוך איז נישט אין זיין נאַטור. אַז מען קלויבט זיך איבער אין אַ נייער דירה, כאַפּט ער זיך באַלד מאַ-כען פּאָליצקעס ביי די ווענד פאַר זיינע ביכער, און די מאַמע בעדאַרף אָנקומען צו פרעמדע, זיי זאָלען פונאַנדערשטעלען די בעטען און די איבעריגע שטוב-מכשירים. און ביכער האָט ער אַזויפיל, אַז מען פיהרט זיי אין זעק און אין קאַסטענס. גנבים עקזיסטירען פאַר'ן טאַטען נאָר פאַר ביכער, און אַז אַ פרעמדער מענש געהט-אַרויס פון שטוב, וואַרפט דער טאַטע אַ פערבאָרגע-נעם און פערדעכטיגען בליק צו די פּאָליצקעס. אין דידאָזיגע פּאָליצקעס ליגט זיין נשמה, און בשעת ער קוקט אויף זיי, שפּראָצט-אַרויס פון זיין אויג אַ בעזונדער פייערל, פונקט ווי זיי וואָלטען געוואונקען און גערעדט צו איהם, ווי לעבעדיגע, פונקט ווי זיי וואָלטען געשמייכעלט צו איהם, ווי ברידער.

אין אַ צער, צי אין אַ פרייד—דער טאַטע האַלט אַ בוך. די סאַמע ליבסטע צייט צום לעזען איז ביי איהם אין מיטען נאַכט. משה'לע, וואָס האָט שרעקליך מורא פאַר מייז, בערוהיגט עס און, אגב, שלאָפט זיך בעסער פאַר'ן שיין פון לאָמפּ און פאַר'ן שטילען שאָרך פון אַנ'איבערגעקעהרטען בלעטעל.

דאָס בוך, איידער עס ווערט געלייענט, ווערט עס שטאַרק בעטראַכט. דאָס בעטראַכטען געדויערט גאַנץ לאַנג. פריהער ווערט בע[illegible]ראַכט און בעטאַפּט דאָס פּאַדערבלעטעל, דערנאָך דאָס פּאַ-פּיר. לסוף ווערט עס צוגעטראָגען צו דער נאָז און עס ווערט בעשמעקט דער דרוק-פאַרב. בשעת מעשה שמייכלען איהם עטוואָס די קנייטשען אַרום די אויגען מיט יענעם שמייכעל פון אַנ'איינ-זאַניען, וואָס פיהלט, אַז קיינער פערשטעהט איהם נישט, און ער איז צופרידען דערפון.

די מאַמע האָט פיינט די ביכער און די פּאָליצקעס. נאָך איהר שכל נאָך דאַרף מען אַ בוך לייהען און בעסער טראַכטען פון דירה-געלד. געווענליך האָט זי מורא פאַר'ן טאַטען, נאָר אַז איהר ווערט צו-איינג, וואַרפט זי איהם צו שטיל און פערביטערט, ווי מען וואַרפט-צו אַ קליין שפּיציג שטיינדעלע פון דער זייט:

—דיינע ביכער ליגען מיר שוין גוט אין די ביינער... אָט דאָ האָב איך זיי... דירה-געלד...

דער טאַטע קוקט זי אָן מיט די קאַלטע גלעזער פון די ברילען און מיט צונויפגערוקטע ברעמען:

—ביי דיר איז דאָך אַלץ אַזוי... בעי קאָטאַ, ניע בעי קאָטאַ...

וואָס איז ביי איהר אַלץ אַזוי—בלייבט אַ רעטעניש.

אַז דער טאַטע איז גוט און אויפגעלעגט, וואָס דאָס טרעפט זיך זעהר זעלטען, דערצעהלט ער פאַר די שטוביגע פון דעם נייעם בוך. ער דערצעהלט מיט שמייכעל און מיט גלאַנץ אין די אויגען, וואָס פּאַסט זיך זעהר צו זיין פּנים און וואָס מאַכט ליכ-טיגער און וואַרימער אין שטוב. טהאָן טהוט ער עס ליגענדיג, מיט איין האַנד אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ, אין דער צווייטער—דאָס בוך און דעם מיטעלסטען פינגער האַלט ער צווישען די בלעטער. אויסער יודישע געשיכטע, איז זיין ליבסטער העלד—נאַפּאָלעאָן. פון נאַפּאָלעאָנ'ען דערצעהלט ער זיך אָן געוואַלטיגע וואונדער. בעזונדערס ריהרענד איז זיין כוח. איינער אַליין גוסס'ט ער אויף אַ פערוואָרפענער אינזעל, וואָס טראָגט עפּיס אַ ווייבער-שען נאָמען. אין דער נאַכט פון זיין שטאַרבען האָט נאַפּאָלעאָן דערזעהן דורכ'ן פענסטער אַ נייעם שטערען, וואָס האָט אַ ווילע העל געלויכטען און איז דערנאָך פאַמעלעך און טרויעריג אונ-טערגעגאַנגען.

—יאָ,—האָט נאַפּאָלעאָן שווער אָבגעזיפצט—דאָס איז מיין שטערען... ער איז אונטערגעגאַנגען, איך שטאַרב...

און נאַפּאָלעאָן האָט דערפילט, ווי עס קיהלען איהם די פיס און ווי דאָס האַרץ בלייבט שטעהן.

משה'לען פלעגען צוטרעטען וואַרימע טרעהרען צו די אוי-

גען, נאָר אין דער אייגענער רגע פלעגט ער דערשפירען אַנ'-אונגעוועהנליכע ליבע צום טאַטען דערפאַר, וואָס ער ווייס וואָס צו דערצעהלען און דערפאַר, וואָס ער האָט געמאַכט אַזוי ליב און היימליך אין שטוב. אַלע זיצען און האָרכען מיט גרויס אויפ-מערקזאַמקייט, און אפילו די מאַמע טראַכט איצט נישט פון דירה-געלד און קוקט צום טאַטען מיט ברייט-אויסגעשטעלטע אויגען און מיט צונויפגעפרעסטע ליפען. און דער טאַטע קוקט נישט אויף קיינעם בעזונדער. ער קוקט אויפ'ן מיטען שטוב און דער-צעהלט.

פאַרוואָס איז דער טאַטע קיינמאָל נישט אַזוי גוט, ווי ער איז איצט, אין דערדאָזיגער רגע? פאַרוואָס איז ער דאָס רוב בייז, נישט צופרידען, קאַלט און פרעמד? פאַרוואָס האָט ער קיי-נעם נישט ליב, נאָר די פאָליצקעס מיט זיינע ביכער? אויף די-דאָזיגע פראַגען האָט משה'לע יעדען טאָג געטראַכט און קיינ-מאָל קיין תשובה נישט געפונען, אויסער ווען און בענקעניש. אָט דער יוד מיט'ן דרייקאַנטיגען קנייטש צווישען די ברעמען און מיט די קאַלטע גלעזער אויף די אויגען האָט דאָך געקאָנט אַריינ-טראָגען פרייד אין שטוב און לייכטער מאַכען אַלעמענס געמי-טער, ווען ער וואָלט געוואָלט זיין ווייכער, ריידעוודיגער, נעהנ-טער און בעהאַרצטער, ווי עס בעדאַרף זיין אַ טאַטע.

פאַרהאַן טאַטעס, וואָס מען קאָן זיי קושען, מען קאָן זיצען ביי זיי אויפ'ן שויס, אָננעהמען זיי פאַר דער באָרד, שפּילען און לאַכען זיי פרעהליך אין פנים אַריין. משה'לעס טאַטע איז אָבער נישט פון די. און דערדאָזיגער אומשטאַנד פערשאַפט משה'לען דעם שווערסטען און פייגליכסטען וועהטאָג אין האַרצען.

באָר אַזוי גוט איז ער יום-כפור אין שוהל און אין די טעג, ווען עס וועררען צייטיג די גוטע עפּעל. בשעת עס ווערען צייטיג עפּעל, הויבען זיך אָן ביסלעכווייז פונאַנדערציהען די כמאַר-נע ברעמען זיינע, דאָס פנים ווערט איהם ליכטיגער, פונקט ווי אַ שטראַהל וואָלט כסדר געשפּיעלט דערויף. און עפּטער שמייכעלט ער און עפּטער געהט ער אין גאַס, און אַז ער קומט אַהיים, ברענגט ער די שענסטע און די טייערסטע עפּעל. אַליין עסט ער

זיי נישט. ער לעגט זיי אויס אויפ׳ן טיש און קאָן זיך קיינמאָל נישט אָפּוואונדערן פון זייער שענקייט און ריח. נעהמט ער איי-נעם אין די הענד, אַ צווייטען, דרעהט זיי אום פאַר די אויגען, פאַר דער נאָז, לעגט זיי דערנאָך אַנידער און נעהמט זיי ווי-דעראַמאָל אין די הענד אַריין.

—נאַ, דיר אַ שענעם עפּעל, משה׳לע...—הערט משה׳לע פערקירצט זיין נאָמען אויף זיין טאַטענס ליפּען—עס, עס.

משה׳לע עסט אַ גרויסען עפּעל, וואָס האָט אַ פאַרב פון פּו-טער מיט אַ רויטער באַק. באַלד גיט איהם דער טאַטע אַ צווייטען עפּעל אין דער צווייטער האַנד אַריין. מישט זיך אַריין די מאַמע און זאָגט, אַז דאָס קאָן איהם פערשאַטען, נאָר דער טאַטע פערשטעלט איהם ווייך מיט די הענד.

—זאָל ער עסען, ניש׳קשה...—זאָגט דער טאַטע—אַזוינע עפּעל זענען אַ היילונג פאַר׳ן מאָגען.

דער טאַטע איז אַ פרומער. אָבער די פרומקייט זיינע איז עפּיס אַ בעזונדערע, אַנ׳אָבגעטיילטע, נישט עהנליך ווי ביי לייטען, פונקט ווי ער וואָלט זיך געהאַט זיין אייגענע אמונה. כאָטש אויף זיינע פּאָליצקעס שטעהט זיך זעהר געמיטליך אַ ש״ס, אין וועלכען ער קוקט גאַנץ אָפט אַריין, פונדעסטוועגען רעדט ער קיינמאָל נישט מיט קיינעם פון גאָט, פון יענער וועלט, פון גיהנם און גן-עדן, שטראָפט נישט קיינעם, מישט זיך נישט אַריין אין יענעמס ענינים, וואָס זענען שייך צו פרומקייט, און אַז עס מאַכט זיך אין שטוב אַ שאלה פון פליישיגס-מילכיגס און משה׳לעס מאַמע געהט-אַרום אָהן אַ קאָפּ, שמייכעלט ער פערבאָרגען אין זיינע לאַנגע וואָנסען און קוקט זי אָן פון דער זייט מיט איראָניע, און אַמאָל וואַרפט ער איהר צו מיט גאַל:

—צדקות מיינע... ווען נישט די, וואָלט דער בורא-עולם שוין לאַנג זיך אָבגעזאָגט פון אונזער זינדיגען וועלטעל... אַ קליי-ניגקייט, דו האַלסט דאָך אונטער די הימלען מיט דיין פרום-קייט... יודען זענען דאָך אַ פאָלק צוליב דיר...

אָנשטאָט אַנ׳ענטפער, בויגט-איין די מאַמע דעם קאָפּ, רוקט זיך אָב פון איהם מיט פערביטערונג און פערדרוס און זיפצט-אָב

פּיט אַ שטילען דערשטיקטען זיפץ. זי ווייס זעהר גוט, אַז מיט׳ן טאַטען איז זיך נישט אָנצוהויבען, אַז ער וועט איהר אַלעמאָל בעסער ענטפערן, איידער זי איהם.

אָבער דער טאָג יום-כּפּור שפּילט ביי איהם אַ גרויסע ראָ-לע. צו יום-כּפּור איז ער זיך שטאַרק מכין. אָהן ווערטער און שטיל ענדערט ער זיך און מאַכט זיך גרייט צו דעמדאָזיגען טאָג, און עס מאַכט דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט געגאַנגען ריי-דען מיט גאָט אויג אויף אויג. דאָס איז אויך דער איינציגער טאָג, ווען ער וויל זעהן דאַוונענדיג זיינע קינדער און אפילו זלמנ׳ען. יום-כּפּור בעדאַרפען אַלע זיין אין גאָט און מיט גאָט. דאָס איז נישט אַ טאָג פון אויסבעטען און אויסהאַנדלען אַ גוט יאָהר, וואָס איז אַ קרעמערישע און אַ וואָכעדיגע זאַך, נאָר אַ היי-ליגער גאָטליכער טאָג איז דאָס, ווען דער מענש בעדאַרף פון זיך אַראָבוואַרפען דאָס מענשליכע און דאָס גשמיות׳דיגע, און קיין שום קרעמערשע כּוונות נישט האָבען. מיט אַ וואָך פריהער דינגט ער שוין אָן שטעדט פאַר די קינדער און פאַר זלמנ׳ען, און די גאַנצע וואָך בעריהמט ער זיך ווי אַ שטיפעריש יונגעל ביי יעדער געלעגענהייט:

—וואוילע שטעדט געדונגען... אַ סך אָרט... בעסער ווי פאַראַיאָהרען...

אָבער פאַראַיאָהרען האָט ער דאָס אייגענע גע׳טענה׳ט.

מיט מחזורים איז ער אפשר דער רייכסטער יוד אין שטאָדט. ער האָט זיי צעהנדליגער, גרויסע, מיטעלע און קליינע, און ער האָט ליב, ווען די קינדער פערטראַכטען זיך אַ ביסעל, וואָסער מחזור צו נעהמען.

—ווילסט דעם—נעהם דעם, אַניט, נאַ דיר דעם—דרעהט ער די מחזורים אין האַנד און האָט הנאה פון דעם אויסוואַהל.

נאָך פאַרטאָג, ווען די זון שטעהט-אויף נישט קיין איינגעפ-וואַשענע און קוקט, ווי אַ פערשלאָפענע, אַ גרויליך-רויטע אויף דער וועלט, געהט שוין דער טאַטע אין שוהל אַריין. פון שטוב קלויבט ער זיך אַרויס שטיל, אַז קיינער זאָל נישט הערען, פונקט ווי עמיצער וואָלט איהם געוואָלט שטערען אין זיין הייליגען

גאַנג. משה׳לע וואָלט אויך געוואָלט געהן אַזוי פריה, נאָר דער טאַטע וויל איהם נישט מיטנעהמען. דער עלטערער ברודער, וואָס האָט זיך אָנגעלייענט מיט טריפה ביכלעך, קומט שפעט אין שול, נאָר דער טאַטע זאָגט איהם גאָרנישט. מעגליך, אַז דאָס געפעלט איהם נישט, אָבער ער איז דעמאָלט צו-גוט, אַז ער זאָל איהם אויסריידען. עס איז נישטאָ אַ מענש אין דער וועלט, וואָס זאָל קאָנען אין דעם טאָג אַרויסרופען אין איהם כּעס און פערדרוס. וואָרים בויגט ער זיך צו דער באַנק און מאַכט פאַר איהם אָנ׳אָרט. בשעת משה׳לע קומט אין שוהל אַריין, שטעהט שוין דער טאַטע אין טלית, מיט די ברילען אויף דער ברייטער נאָז, און קענטיג איז אויף איהם, אַז ער איז אַנ׳אָנגעדאַוועטער, אַנ׳אָנגעזאָגטער. עס שמעקט פון איהם פערלעגענער טלית, יוד און טאַטע. דאַוונען דאַווענט ער זעהר שטיל און קוקט קיינמאָל נישט אין מחזור אַריין: די תפילות קאָן ער אויסווענדיג. אַ גאַנצען טאָג שטעהט ער אויף די פיס. אַמאָל שמייכעלט ער צו אַ בעקאַנטען יודען, וואָס שטעהט אין אַ ווייטען ווינקעל, און אַמאָל שנעלט ער זלמנ׳ען אין דער נאָז און טרייבט איהם פרעהליך אונטער:

—דרעמעל נישט, זלמן, דאַווען!

און עס מאַכט דעם איינדרוק, ווי דער טאַטע מיט אַלע יודען פון שוהל וואָלטען געפאָהרען אויף אַ גרויסער שיף, וואָס ציטערט און וויגט זיך אויף בייזע אונרוהיגע כוואַליעס פון ים, אָבער דער טאַטע איז מוטיגער און זיכערער, ווי די אַלע אַנדערע יודען, ווייל ער גלויבט, אַז די שיף וועט נישט אונטערגעהן. דער טאַטע, דאַכט זיך משה׳לען, האָט איצט גאָט נעבען זיך. ער האָט איהם נעהנטער, איידער דער הויכער מאָגערער רב, וואָס שאָקעלט זיך דאָרט, נעבען ארון-קודש, ווי אַ בוים. ער האָט איהם ביים האַרצען און ביי די אויגען און זיין אָבשיין פאַלט איהם אויפ׳ן פנים, ווי אַ ווייכער שיין.

נאָר פאַרהאַן תפילות, וואָס דער טאַטע ווערט ביי זיי מאָדנע אומעטיג און אַמאָל פערפאַלט איהם אַ טרעהר אויף דער באָרד. און אַז משה׳לע קוקט זיך צו, זעהט ער, ווי דער טלית ציטערט אויף דעם טאַטענס גוף. דאָס גיט זיך איבער אויף

משה׳לען. נאָר ביי זיך פרעגט ער: וואָס וויינט דער טאַטע? וויינט ער טאַקי? און משה׳לע קוקט זיך אַרום: דער טאַטע וויינט גראָד ביי אַזוינע תפילות, וואָס אַנדערע יודען זאָגען זיי גלייכגילטיג.

נאָך שחרית שיקט ער משה׳לען עסען. משה׳לען בעליידיגט עס, נאָר ער מוז געהן. משה׳לע איז אָבער זעהר פרום און וויל בשום אופן נישט עסען. ער וויל זיין ווי אַלע גרויסע פאַרטיגע יודען, וואָס פאַסטען ריין דעם טאָג און וואָס האָבען גאָט נעבען זיך. אַ פּאָר שעה דרעהט ער זיך אַרום איבער די גאַסען, ווערט געוואָהר אין שטוב, וואו עס עקעלט איהם פון די שוועסטער, וואָס פאַסטען נישט און דאַרפען נישט דאַוונען, און קומט צוריק אין שוהל אַריין מיט אַ טויטען פנים, ווי קאַלך. דער טאַטע קוקט איהם אָן און שווייגט.

—זעץ זיך,—זאָגט ער שטיל,—זעץ זיך און זיץ...

משה׳לע זעצט זיך און ווידער פיהלט ער דעם בעקאַנטען איינגעוואַרימטען ריח פון פערלעגענעם טלית, יוד און טאַטע, און ער טראַכט ביי זיך, אַז נאָך קיינמאָל פיהלט ער זיך נישט אַזוי פאַר אַ קינד פון אָט דעם יודען, ווי היינט. און דאָס גיסט איהם אָן מיט שטילען תענוג.

צו נעילה דאַכט זיך, אַז די ליכט ברענען מיט אַ מידען פייער, אַז אויף די ווענד ליגט אַן׳אָבגעחלש׳טקייט, אַז דעם חזן פערפעהלט אָטעם, און אַז נעבען יעדען יודען שטעהט גאָט און גלעט איהם—ער זאָל קומען צו די כחות. גאָט איז אַזוי דייטליך אין שוהל, אַז עס פיהלט זיך זיין אָטעם און זיין אויג, און דאָס שרעקט עפּיס נישט. פערקעהרט, דאָס האַרץ, דאָס שוואַכע אויסגעפייניגטע האַרץ ווערט אָנגעזאַפּט מיט ליכט און מנוחה, פונקט ווי פערבלאָנזשעטע פער׳יתום׳טע קינדער האָבען פלוצלונג געפונען זייער טאַטען. גאָט האָט זיך, אפנים, אַראָבגעלאָזט פון זיינע הויכע הימעלפּאַלאַצען און לעבט אויך איבער אַ שווערען טאָג אויף דער ערד, פונקט ווי זיינע יודען. פאַר משה׳לען איז דאָס זעהר אַ וויכטיגער געדאַנק, אַרום וועלכען זיין קליין דענקמאַל לאָזט שטאַרק אין בעוועגונג די רעדלעך, אָבער

אין דער אייגענער צייט פיהלט ער עפּיס אַ פיזישע נישט-גוטקייט, פּונקט ווי וואָלט געלעגען אין אַ היצקראַנקהייט. עס האַקט אין די שלייפען, עס דריקט אונטער׳ן האַרצען און עס טריקענען די ליפּען. איהם דאַכט זיך, אַז ער האָט קיינמאָל אויף זיין לעבען נישט געגעסען, אַז עס ווילט זיך גאַרנישט עסען און אַז זיין קערפּערל, וואָס ווערט אַלץ שוואַכער און שוואַכער, שווימט ער- גענץ אין אַ ווא־רימער און גרינער פינסטערניש. פּלוצלונג דערפיהלט משה׳לע דעם טאַטענס האַנד אויפ׳ן שטערען. די האַנד איז אַ וואַרימע, אַ ווייכע און אַ געטרייע.

— דיר טהוט וועה דער קאָפּ, מיין קינד?.. — פרעגט דער טאַטע מיט אַנ׳אונבעקאַנטער ווייכקייט, און משה׳לע דערפיהלט, ווי קאַלטע קיילעכלעך טאַנצען איהם אויפ׳ן רוקען.

דער טאַטע שפּרייט-אויס זיין גראָבען ווינטער-מאַנטעל און לעגט משה׳לען דערויף. ליעגענדיג, צוגיסט זיך אין משה׳לען די שוואַכקייט און עס דאַכט זיך איהם, אַז די גרינע פינסטערניש, אין וועלכער ער שווימט, הויבט איהם אויף ערגעץ זעהר הויך און וואַרפט איהם תיכף ומיד אַראָב אין אַנ׳איינגען דושנעם טהאָל, וואו עס דרעהען זיך מיליאָנען משונה׳דיגע פליגעלעך. נאָר פּלוצ- לונג קומט ווידער די האַנד צו זיין שטערען, און צוויי קליינע גרויע אויגען בעדעקט מיט גלעזער, דערנעהנטערן זיך צו איהם.

—אַט באַלד... אַט באַלד... האָסט מיך געָנאַרט, נישט גע- געסען...

און אין די ווערטער ליגט נישט קיין פאָרוואורף, נאָר רחמנות און ליעבע. נאָך עטליכע מאָל קומט די האַנד און נאָך עטליכע מאָל דערנעהנטערן זיך די קליינע גרויע אויגען מיט די גלעזער. און אַפּאָר מאָל פאַלען שטיל די ווערטער פון מויל:

—אַט באַלד... אַט באַלד...

אין שוהל ווערט שטילער, טונקעלער און דושנער, פּונקט ווי אַלץ איז לאַנגזאַם אָבגעשטאָרבען, דערשטיקט געוואָרען פון פערפעהלטען אָטעם. גאָט אַליין, דאַכט זיך, האָט זיך אַוועקגע- זעצט אָברוהען נעבען טהיר אויף אַ באַנק. ער האָט אַ פּנים פון אַ מענשען, מען קען אָבער נישט וויסען, וואָס דאָס איז פאַר אַ

פּנים: עס איז לענגליך און קיילעכיג און טונקעל און העל, אַמאָל איז עס אַלט און אַמאָל איז עס יונג, און אויגען האָט ער אַמאָל שוואַרצע און אַמאָל גרויע און אַמאָל בּלויע און פערהילט איז ער אין אַ לייכט ווייס רויכעלע, ווי אין אַ וואָלקענדעל.

אויף דער לעצטער בּאַנק זיצט ער. נעבּען טהיר. נעבּען יואל דעם וואַסערפיהרער און בּערקע דעם מאַרקטרעגער. דער לעצטער, נישט דער ערשטער, נאָר דער בּעסטער, דער בּעסטער, דער בּעסטער.

צווישען די ווייכע טליתים בּעוועגען זיך שאָטענס, וואָס וואַקסען, ווי בּערג, און אויפ'ן פענסטער ציטערן קאַלטע לבנה־שטראַהלען, פּונקט ווי אין אַ ווינטער־נאַכט. קוקט מען אויף די דאַוונער, ווערט הייס און דושנע, קוקט מען אויף די שטראַהלען, שוידערט פון קעלט. נאָר אָט דערהערט זיך אַ פּאַטש אויפ'ן בּעלעמער, אַ שטים פון אַ מאַנסבּיל, וואָס וויל שטאַרק עסען, שרייט־אויס ענערגיש, איילינג און וואַלעענדיג:

—והוא רחום יכפּר עון!

און אַ געדיכטער געוויש צוטראָגט זיך איבּער די דאַוונער, ווי אַ ווינד צווישען וואַלד־בּוימער.

דאָס לעבּען איז צוריק אַריינגעטראָטען, אָבּער צוזאַמען מיט זיין נישט־פרומקייט און וואַכענדיגקייט, וואָס פיהלט זיך אין יעדען טאָג, אין יעדען קלאַנג פון מעריב, און גאָט, דאַכט זיך, איז שוין מעהר נישטאָ אין שוהל.

—משה'לע! — ציהט איהם דער טאַטע פאַר'ן הענדטעל — משה'לע, מען דאַוונט שוין מעריב...

נאָר משה'לע שלאָפט נישט—ער שווימט. און אַ שווימענדיגען זעצט איהם דער טאַטע אַנידער, פערבּינדט איהם מיט אַ טיכעל דעם האַלז און פיהרט איהם אין קאַלטע לבנה־שטראַהלען אַהיים. דער טאַטע געהט צוזאַמען מיט זיין לאַנגען שאָטען, אונטער'ן אָרעם טראָגט דעם טלית־זעקעל און עס פיהלט זיך גוטער טאַטע אין זיין טראָט און גוטער טאַטע אין זיינע בּעוועגונגען און אפילו אין די צויאָגטע פּאָלעס פון זיין מאַנטעל.

אָבּער צומאָרגענס איז ער דער אייגענער, און דאָס שווע-

רע גרויע לעבען אין שטוב ווערט נאָך שווערער און גרויער
אונטער דעם טאַטענס קאַלטע אונצופרידענע בליקען.

ווידער קומען אין שטוב קאַלטע שטומע טעג, וואָס ווערען
נישט דערוואַרימט פון דעם טאַטענס שמייכעל, און עס מאַכט
דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט געווען אַ פרעמדער קוואַרטיראַנט,
וואָס צאָהלט נאָך דערצו נישט קיין דירה-געלד. און אויף דער
מאַמען ליגט די גאַנצע נויט ווי אַ שוואַרצער וואָלקען: זי לויפט
אין מאַרק, זי גרייט צום טיש, זי הייצט דעם אויוועז, זי מאַכט
הלוואות און צאָהלט דירה-געלד און ווישט זיך שטילערהייד די
אויגען אין קיך און בעקלאָגט איהר מזל פאַר זיך אַליין, אַז
קיינער זאָל נישט הערען. אָבער אויף דעם אַלעם בעקומט זי
איין ענטפער פון טאַטען: אַ ניי ביכעל אין די הענד און אַ
שאָרך פון די בלעטלעך מיט אַ ריח פון פרישען דרוק-פאַרב...

# מיט'ן טאַטען אין וואַלד.

## ערשטע קאַפּיטעל.

נאָך פּסח, בשעת די ערד הויבט-אָן צו גרינען, געהט שוין משה'לעס טאַטע מיט פרעמדע קינדער אין וואַלד אַריין. אַ טאָג דערצו קלויבט ער אויס סאַמע אַ וואָכעדיגען, אַ געוועהנ-ליכען, בשעת אַנדערע טאַטעס האָרעווען און לעגען-אַוועק דאָס געזונד פאַר פרנסה. די מאַמע טאָר דאָס נישט איבעררייידען. די מאַמע מוז שווייגען. וואָרום משה'לעס טאַטע האָט שרעקליך פיינט אַרבייט און פרנסה, און נאָך טויזענדער מאָל פיינטער, ווען מען דערמאָהנט עס איהם. ער קאָן אפילו נישט איבערטראָגען דידאָזיגע צוויי ווערטער. זיי רופען אין איהם אַרויס עפּיס אַ פּיזישען וועה-טאָג, פון וועלכען ער פערקרימט זיך, פונקט ווי ער וואָלט אַראָב-געשלונגען אַ ביטערע רפואה.

— אָבער עפּיס פערדינען בעדאַרף דאָך אַ מענש, — זאָגט איהם אַמאָל די מאַמע מיט אַנ'אויסגעמאַטערטען קול און קוקט איהם נישט אין די אויגען אריין פון שרעק און ערגערניש,—ווי לעבט עס אַ מענש אַזוי הפקר, פרעג איך דיך...

אָבער דער טאַטע ענטפערט איהר נישט און ער האָט בעת-

מעשה אַזאַ מינע, פונקט ווי אַ פליג וואָלט איהם איינבייסען.

בשעת דער טאַטע געהט מיט די קינדער אין וואַלד, מוז זיך משה'לע לאַנג ביי איהם איינבעטען — ער זאָל איהם אויך מיטנעהמען. און אַז ער נעהמט איהם מיט, קומט עס ביי איהם אַרויס פרעמד און קאַלט, ווי אַ שווערע און אַ געצוואונגענע טובה, וואָס אַן'עלטערער טהוט אַן'עלטערן און נישט ווי אַ טאַטע אַ קינד.

משה'לע געהט דער ווייטערסטער פון איהם און הערט זיך צו מיט אַ שטומען וועה, ווי ער דערצעהלט פאַר די פרעמדע קינדער, וואָס משה'לע האָט זיי גאָרנישט ליב, פון גראָזען און בלומען און בוימער. דער טאַטע קאָן אַלע גראָזען און קרייטעכצער, אַלע בלומען און בוימער. ער ווייס, ווי זיי הייסען, ווי זיי וואַקסען און ווי אַזוי מען בעדאַרף זיך נוהג-זיין מיט זיי. נישטאָ אַזאַ בוים, אַזאַ גרעזעל, וואָס זאָל זיין דעם טאַטען נישט בעקאַנט. אפילו אַזוינע בוימער, וואָס וואַקסען אין ארץ-ישראל, צי אין אַנדערע ווייטע לענדער, קאָן ער אויך. וועגען געוויקסען דערצעהלט ער מיט אַזאַ לשון, פונקט ווי ער וואָלט ריידען וועגען לעבעדיגע מענשען: דער בוים האָט, צום ביישפּיל, ל י ב זיין צווייגעל, ווי אַ מאַמע איהר קינד; דאָס גרעזעל ב ע נ ק ט נאָכ'ן צווייטען גרעזעל, וואָס איז נעבען איהם אויסגעריסען אָדער צוטראָטען געוואָרען; דאָס בלימעל ט ר י נ ק ט דעם טהוי און ביינאַכט מאַכט עס צו די בלעטעלעך—ש ל אָ פ ע ן בעדאַרף עס; אַן'אָבגעהאַקטער בוים ש ט אַ ר ב ט-אַוועק—דאָס ל ע ב ע ן געהט פון איהם אַרויס, ווי דאָס ב ל ו ט פון אַ דורכגעשאָסענעם האַרץ, און אַזוי ווייטער.

אַרויסגעהענדיג פון שטאָדט אויפ'ן פעלד, וואו וואַרימע שטיפערישע ווינדטעלעך גלעטען די באַקען, און וואו דאָס פרייע ליכט פון דער ערד ביז'ן הימעל גיט פרעהליך אַ זעץ אין די אויגען אַריין, אַרט שוין משה'לען נישט, וואָס דער טאַטע האַלט זיך מיט פרעמדע קינדער און לאָזט איהם געהן אַ דערווייטערטען פון זיך. זאָל ער ריידען פאַר זיי, זאָל ער דערצעהלען. משה'לע בעדאַרף איהם שוין נישט מעהר. ער האָט שוין איצט זיינע אייגענע, אונגעהויער-וויכטיגע רעיונות און שפּירונגען, וואָס מיט

זיי איז גוט צו פערבלייבען אַליין. עס איז דאָ אַזויפיל הימעל, אַזויפיל פעלד, אַזויפיל ליכט און פרייער שטח. און קליין און איינג און שלעכט זעהט איהם אויס די שטאָדט אַנטקעגען דעם לעדיגען, אונענדליך-ברייטען, נישט-פערבויטען פעלד, וואָס צעהרט דעם טאָג-ליכט און קאָן עס נישט פערצעהרן. און משה׳לע קוקט אַרויף און אַראָב און ביי די זייטען און פרעגט זיך:

—פון וואַנען נעהמט זיך אַזאַ גרויסע, אַזאַ וואונדער-גרויסע ערד?

גאָט האָט זי בעשאַפען. גאָט בעשאַפט דורך אַ וואָרט, דורך אַ שפרוך. ער זאָגט—און עס ווערט. אָבער ווי ווערט עס פון אַ שפרוך אַזאַ אמת׳ע ערד, אַזאַ שווערע, אַזאַ גרויסע, וואָס מען קאָן זי גראָבען און זייהען און בריען און געהן אויף איהר? אָט די זון האָט געוויס גאָט בעשאַפען. די זון איז ליכט...

אויפ׳ן וועג פאָהרען פויערים און זיי שלאָגען-איבער משה׳לעס געדאַנקען. די וועגעלעך סקריפען, די פערדלעך געהען לאַנגזאַם, דער שטויב קנוילט זיך ביי די רעדער, די פויערים זיצען רוהיג מיט אַראָבגעהאַנגענע פיס, מיט בייטשען אין שוואַרצע הענד, מיט אַ פעסטען זיכערן קוק פון אונטער׳ן שטערען, און משה׳לע איז זיי שרעקליך מקנא. און בע׳טעמ׳ט איז דער ריח, וואָס דערטראָגט זיך פון זיי: פעלץ און פערד און דזיעגאַכץ און מאַכאָרקע. עס דאַרף זיין, לויט משה׳לעס געדאַנקען, זעהר אָנגענעהם צו האָבען אַן׳איינזאַם שטיבעלע ערגיץ אין פעלד, נעבען אַ וואַלד, מיט קליינע פענסטערלעך, מיט בהמות, מיט הינד און שעפסעלעך, און זייהען און אַקערן די ערד און פאָהרען איצט אין שטאָדט אַריין צוזאַמען אין אַ לאַנגער שורה מיט אַנדערע פויערים פאַמעליך, רוהיג, אָהן דאגות און זיכער.

—ס׳בעגאָם!—שרייט פרעהליך אויס צו זיי משה׳לעס טאַטע מיט אַן׳אויפגעהויבענעם קאָפ.

די פויערים דאַנקען רוהיג און שמייכלען, אָנקוקענדיג לאַנג דעם יודען מיט די קינדער.

די פעלדער זענען יונג-גרין, פריש-גרין ווי גרין פאַפיר. יונגע שפיציגע גרעזעלעך פון שפעטיגער תבואה שטעהען גלייך, ווי שפיל-

קעלעך פון ביידע זייטען וועג, אויף פרישער מאַמעדיגער ערד.
פון נאָהנט שטעהען זיי בעזונדער, פון ווייטען זעגען זיי צו-
נויפגעגאָסען, און עס דאַכט זיך, אַז די ערד איז דאָרט פער-
מאָהלט מיט גרינעם פאַרב. וואו-נישט-וואו גרויט אַ שטיבעלע מיט
קליינע חנ׳עוודיגע פענסטערלעך, וואָס קוקען ווי קליינע קלוגע
גרויע אויגען אין דער ווייטער וועלט אַריין. און דאָ און דאָרט
שפּאַצירט-אַרויס אַ פרוכט-בוים, פונקט ווי ער וואָלט פריהער גע-
ווען בעהאַלטען, אָנגעטהאָן אין ווייסער בליהונג, ווי אַ כלה-מיי-
דעל אין אַ ווייסען חופּה-קלייד, און הינטער איהם שפּאַנט שלאַנק
אַ הויכער יעגלבוים פונקט ווי אַנ׳אויסגעפוצטער חתן הינטער דער
כלה. די אַלטע בעראָזע, וואָס שווימט-אַרויס פון דער זייט מיט
צוצויגענע צווייגען, פונקט ווי פונאַנדערגעשפּרייטע הענד, זעהט-
אויס ווי אַ מיוחס׳דיגע באָבע, וואָס בענשט דאָס פּאָרל. ווי אַ
שוואַרץ-בלויער רויך ציהט זיך פון ווייטען דער וואַלד, און עס
דאַכט זיך, אַז אַ ברעג הימעל פאַלט אין איהם אַריין ווי אַ ליכ-
טיג וואַסער. די זון באָדט אין גאָלד די יונגע פעלדער, און עס
שמייכעלט גרעזעל צו גרעזעל; בלימעל צו בלימעל, ווייס-וואָלקענ-
דעל צו ווייס-וואָלקענדעל. ערגיץ שרייט פריידיג אויס אַ פויגעל,
און אַז מען הויבט-אויף די אויגען, זעהט מען, ווי ער פליהט
אונטער׳ן הימעל, ווי אַ שוואַרץ קיילעכעל מיט צוויי עקען ביי
די זייטען.

עס דאַכט זיך, אַז די זון ווערט גאָלדענער און גאָלדע-
נער. מעהר גאָלד און מעהר וואַרימקייט, מעהר ליכט און מעהר
טאָג, פונקט ווי ווייסע מלאכים וואָלטען פון די ברייטע פרייע
הימלען צוגעגאָסען דעם טאָג מעהר ליכט. און, ווי לעבעדיגע
שטיפען לייכטע ווינדטעלעך. עס דאַכט זיך, אַז מען קאָן זיי
אָנכאַפּען, פערהאַלטען, צודריקען זיי צו דער באַק, אַריינלעגען
אין אַרבעל, ווי אַ פויגעלע, ווי אַ שמעטערלינג. דידאָזיגע ווינד-
טעלעך שפּיעלען זיך מיט די יונגע גרעזעלעך, מיט משה׳לעס
באַק, מיט׳ן שטויב אויפ׳ן וועג. מיט אַל  ן זענען זיי גוט און
הבר׳ליך. אַז זיי קומען פאַרביי אויער, גיבען זיי עפּיס אויף דער-
גיך אַ זאָג, פונקט ווי זיי וואָלטען עפּיס פערשפּרעכען אַ גוטע

זאַך, נאָר מען ווייס נישט וואָס. צו-שנעל ריידען זיי. אָבער דער, וואָס פערשטעהט זייער לשון, דעם ווערט מקוים דאָס צוגעזאָגטע, און משה׳לע פערקנייטשט דעם שטערן און פרובט טרעפען.

לינקס פון וועג הויבען זיך אָן די ציגעלניעס מיט די צווייע הויכע קוימענס. דידאָזיגע ציגעלניעס זענען בעריהמט אין שטאָדט. לויט משה׳לעס ידיעות האַלטען זיך דאָ אויף גזלנים, מערדער, בייטעלשניידער, קאָרטענשפּילער, מכשפים, רוחות און ריזען, וואָס פערצוקען אַלע טאָג אַ הונדערט מענשען און מען קאָן צו זיי קיין שום תרופה נישט קריגען. די אַלע שרעקליכע אַרבייטען ווערען אָבער אָבגעטהאָן ביינאַכט, און בייטאָג איז נישט אַזוי געפעהרליך, נאָר פונדעסטוועגען קלאַפּט משה׳לען דאָס האַרץ און מיט אָנגעשראָקענע אויגלעך זוכט ער אויף דעם גרויסען שטח פון צוגראָבענער לייהמיגער ערד, וואו עס שטעהען אַלטע בנינים און שטאַהלען, אַ פּאָר ריזען אָדער עטליכע מכשפים. מכשפים און ריזען זענען אָבער נישטאָ, און אָנשטאָט זיי דרעהען זיך אַרום פערשמייעטע פערציגעלטע יודען צווישען לאַנגע שורות וועגלעך מיט קליינע פערדלעך, און עס הערט זיך ווי זיי שרייען איינער צום צווייטען:

—חאַצקעל, צעהל-אויס! די מאָס איז שוין דאָ. נישט געדאַכט זאָלסטו ווערען!..

עס וואָלט געווען העכסט אינטערעסאַנט צו פרעגען, וואו טהוען זיך אַהין בייטאָג די מכשפים מיט די ריזען, אָבער עס איז נישטאָ ביי וועמען צו פרעגען. אַ גרויסער דערוואַקסענער מענש וועט נישט וועלען געבען קיין געהעריגען ענטפער וועגען דעם און אַ יונגעל ווייס גאָרנישט. און משה׳לע בעשטימט ביי זיך, אַז זיי, די נישט-גוטע, מוזען איצט שלאָפען אין די צווייע הויכע קוימענס, וואָס קוקען צום הימעל מיט שוואַרצע מיילער, פונקט ווי זיי וואָלטען איהם וועלען איינבייסען. דידאָזיגע ציגעלניעס זענען אודאי שרעקליך, אָבער רעכטס פון וועג שפּי-

לעבן אַזויפיל פעלד-פאַרבען און עס איז דאָ אַזויפיל ליכט און הימעל, אַז די חאַצקעלס מיט די לייהמיגע גריבער, מיט די הויכע קוימענס, מיט די מכשפים און ריזען געהען באַלד אַרויס פון זכרון און זיי שרעקען נישט מעהר. אָדער, פערקעהרט, זיי זענען גאָר נויטיג דאָ, ווי עס איז נויטיג דער שאָטען דעם שטראַהל, די נאַכט דעם טאָג, דער טונקעלער הימעל דער לבנה.

פון די ציגעלגיעס לויפט דער וועג גלייך אין וואַלד אַריין. אויף דעמדאָזיגען וועג איז שוין וועניגער שטויב און וועניגער שפורען פון רעדער. קענטיג, אַז מענשען געהען דאָ אויך וועניג, און עפּיס אַ קדושה וועהעט שטענדיג פון די ערטער, וואו מענשען געהען וועניג. סאַמע אינמיטען וואַקסט גראָז, און עס קוקט פון ווייטען אַזוי יונג און זעפטיג, פונקט ווי עס וואָלט געוואַקסען ערגיץ אויף אַן׳אָבגעהיטען פעלד און נישט אויף אַ מיטען וועג. דער מעכטיגער שיין פון טאָג שלאָגט אין די אויגען אַריין און עס ווערט הייסער צו געהן. אויפ׳ן בלויען הימעל קומען פון ערגעץ צושווימען, פונקט ווי פון גאָטס כסא-הכבוד אַרויס, ווייכע קליינע קרייזעלדיגע וואָלקענדלעך. זיי בעוועגען זיך לאַנגזאַם אָדער בלייבען פלוצלונג שטעהן, ווי ווייסע טויבען פאַר אַ בלויען וואַסער. אַמאָל בעהעפטען זיך צוזאַמען עטליכע וואָלקענדלעך און רוקען זיך אַזוי איבער דער גלאַטער הימעל-בלויקייט פּאַמעלעך-פּאַמעלעך, קוים צום מערקען, פונקט ווי זיי וואָלטען זיך געהאַלטען פאַר די הענד און צוגעמאַכט די אויגען און אַזוי געצויגען זייער ווייטע און ווייטע נסיעה.

נאָר פלוצלונג ווערען זיי זיס-אָבגעשוואַכט, לאָזען זיך איין, פערלירען זיך און שטאַרבען, ווי שניי, מיט אַ ווייס לייכט שמייכעלע אין דער געדיכטער הימעל-בלויקייט.

משה׳לע ווערט נישט מיד צו קוקען אויפ׳ן הימעל און אויף דער ערד. פערקעהרט, ער פיהלט בחוש, אַז צוויי אויגען זענען וועניג פאַר אַ מענשען. ער האָט נויטיג בעדאַרפט האָבען נאָך אַ צעהן אויגען. וואָרום בשעת מען קוקט איך איין זייט, איז זעהר טשיקאַווע צו וויסען, וואָס עס טהוט זיך אין דער צוויי-

מער זייט, און בשעת מען קוקט אויף די וואָלקענדלעך, ווילט זיך אויך זעהן, וואָס פאַר אַ פליגעלעך עס דרעהען זיך אַרום אינ׳ם יונגען גראָז אָדער ווי אַזוי זעהט-אויס דער פויגעל, וואָס האָט זיך פלוצלונג צופייפט אויף אַ דערבייאיגען בוים. טיילמאָל דאַכט זיך, אַז דאָס סאַמע זיסטע, וואָס מען קאָן זיך ווינשען אין לעבען, איז געהן אין אַ הייסען טאָג צווישען פעלדער אין וואַלד אַריין. אָבער געהן נישט אויף איין טאָג, נאָר אויף שטענדיג, אויף אייביג, דאָס גאַנצע לעבען, אָהן אַנ׳אָבשטעל, אָהן אַנ׳אויפהער, כסדר, און קוקען אויף הימעל און ערד, אויף וואַלד און פעלד, אויף פויגעל און פליגעלע. און מיטנעהמען שיינדעלען האָט מען בעדאַרפט. שיינדעלע פעהלט. זי האָט איהם בעדאַרפט געהן ביי דער זייט מיט די אויסגעשאָרענע ליפלעך און מיט דעם קינדישען שנעלען טריט, אַ בעוועגליכע און אַ האַסטיגע. און פאַרוואָס האָט ער זי באמת נישט מיטגענומען? האָט ער עס נישט געוואָלט טהאָן צוליב די יונגלעך, וואָס לויפען אַרום, צופרידענע, אַרום טאַטען? אָדער ער איז נישט געווען זיכער, אַז דער טאַטע וועט איהם מיטנעהמען?

משה׳לען פערדריסט שטאַרק, וואָס שיינדעלע געהט נישט מיט איהם צוזאַמען און איז פערבליבען אין שטאָדט. דערדאָזיגער אומשטאַנד פערשאַפט איהם עפּיס אַ פיינליכע שפּירונג, פונקט ווי ער וואָלט האָבען אויפ׳ן געוויסען אַ גרויסע עולה. אָבער באַלד ווי ער דערזעהט דעם וואַלד, דעם אַלטען גרויסען סאָסנע-וואַלד, וואָס שטעהט פעסט אויף דער ערד מיט זיינע ריזיגע שטאַמען און לעבט זיך זיין בעזונדער לעבען, ווערט איהם צוריק לייכט אויף דער נשמה און ער פערגעסט אָן אַלץ און אַלעם. דער וועג, וואָס לויפט פון די ציגעלניעס אַהער, לאָזט זיך דאָ אַראָב אין אַ טהאָל, פונקט ווי ער וואָלט זיך געבוקט פאַר די שטרענגע שווייגענדיגע בוימער. משה׳לען טהוט אַ צאַפּעל דאָס הערצעל ביז וועהטאָג און שמחה צוזאַמען. ער וויל אויסשרייען, אָדער אַ שפּרונג טהאָן, אָבער ער איז שוין געוועהנט צו דיסציפּלינירען זיינע געפיהלען, נישט אויסדריקען זיי פאַר אַלעמען אין

די אויגען, לאָזען זיי שוימען בלויז ביי זיך אין די אייגנע קע-
מערלעך פון זיין הערצעל, און מיט אָנגעשטרענגטע אויגען מאַכט
ער שנעלע טריט צום וואַלד.

דער טאָג ברענט אויף די שפּיצען פון די הויכע סאָסנעס,
נאָר אונטען ליגען שמעקעדיגע בעוועגליכע שאָטענס מיט פּאַ-
סען און נעצען פון גאָלד. דידאָזיגע פּאַסען און נעצען פלאַטערן
אויך אויף די שטאַמען און צווייגען פון די בוימער, און איבער׳ן
גאַנצען וואַלד געהט אַ שפּיל פון גאָלד מיט שאָטען: זיי בע-
וועגען זיך, פלעכטען זיך איבער, רוקען זיך פונאַנדער און צי-
טער׳ן פּונקט ווי לעבעדיגע, און עס דאַכט זיך, אַז זיי יאָגען
פּאָרזיכטיג איינאַנדער.

אַז מען קוקט אויף אַלע בוימער מיט אַמאָל, דאַכט זיך,
אַז זיי געהען: די הינטערשטע בוימער שפּאַרען זיך, די זייטיגע
לויפען, איבעריאָגענדיג איינער דעם אַנדערן, און די פאָדערשטע
געהען. מאַנכע בויגען זיך אָן אין גאַנג, מאַנכע האַלטען מיט
שטאָלץ הויך דעם קאָפּ און אַנדערע געהען געאָרעמט. ביי די
זייטען זעהט זיך וואו-נישט-וואו דער הימעל אין בלויע פּאַסקע-
לעך, פּונקט ווי עמיצער וואָלט דאָרט אויסגעהאַנגען זיידענע בלויע
סטענגעס, און אויבען קוקט ער אין רעדעלעך און קרייזעלעך. ביי
די זייטען איז דער הימעל בלוי, אויבען—בלוי מיט גאָלד צוזאַ-
מען. טיילמאָל פערשווימט אַ ווייס קינדיש וואָלקענדעל אין אַ
רעדעלע הימעל און קוקט מיט ליכטיגען שמייכעל און נייגע-
ריגקייט אין וואַלד אַריין, קוקט, קוקט, ווי אַ ווייס מלאכ׳ל און
שווימט זיך לאַנגזאַם אַרויס פונ׳ם רעדעלע.

און אין וואַלד איז שטיל, און פונ׳ם האַרטען גראָז, פער-
לעגט מיט אַלטע נאָדעלבלעטער און צווייגען, געהט-אויף אַנ׳-
איינגעשלאָסענער געדיכטער וואַלד-אַראָמאַט, פון וועלכען עס
שווינדעלט מחיה׳דיג דער קאָפּ, ווי פון גוטען פּסח׳דיגען וויין.
טיילמאָל דערהערט זיך אַנ׳אונבעקאַנטער טשוויטשער פון אַ פוי-
געל און אַמאָל דערטראָגט זיך פון ערגעץ אַ שאַרפער קנאַק,

פונקט ווי עמיץ וואָלט געגאַנגען איבער טרוקענע צווייגען. דער טשוויטשער מיט׳ן קנאַק רופען זיך תיכף אָב אין אַנדער זייט, פונקט ווי אַ סיגנאַל, וואָס ווערט איבערגעגעבען פון איינעם צום צווייטען. נאָכ׳ן סיגנאַל ווערט ווידער שטיל מיט יענער אָנגע־שטרענגטער און סודות׳פולער שטילקייט, וואָס נעסטיגט זיך שטענ־דיג אין אַ גרויסען געדיכטען וואַלד, אָדער אין אַ הייליגען אָרט, וואו עס שטעהען אַ סך מענשען מיט פערפרעסטע ליפען און שווייגען.

פונ׳ם האַרטען וואַלד־גראָז קוקען־אַרויס ווי פערוואונדערט קליינע ווייסע בלימעלעך, פונקט ווי שנייעלעך, און משה׳לע הערט, ווי דער טאַטע רופט זיך אָן צו די נייגיריגע יונגלעך:

—פון דידאָזיגע בלימעלעך, קינדער, ווערען שפעטער ווע־רען יאַגדעס... רויטע יאַגדעס...

## פינפטעם קאַפּיטעל.

אַריין טיפער אין וואַלד, בלייבט משה׳לעס טאַטע שטעהן צו-
זאַמען מיט די קינדער. ער קוקט זיך לאַנגזאַם אַרום,
נעהמט אַראָב דאָס היטעל און ווישט זיך איבער דעם שווייס פון
שטערען. פון זיין אָטעמען איז קענטיג, אַז ער איז מיד, אויפ׳ן
האַלז, הינטער דער באָרד, צוקען איהם אָנגעצויגענע אָדערן,
אָבער אין די אויגען און אין די וואָנסען שפּילט איהם אַ שמיי-
כעל. פּלוצלונג גיט ער זיך אַ בויג-אויס מיט די הענד צו דער
ערד, ציהט-צוזאַמען די קניה און גיט אַ פאַל אינ׳ם שמעקעדיגען
וואַלד-גראָז, נעבען אַ דיקער הויכער סאָסנע.

—אַי, גוט, קינדער, אַי, גוט אין וואַלד...—רעדט ער אַרויס
פונ׳ם גראָז און שמייכעלט מיט אַ מאָדנעם שמייכעל, ווי אַ קינד,
ווי גאָר אַ ווייכער מענש, אפילו ווי אַ מאַמע, און זיין פנים
ווערט איהם אינגאַנצען געענדערט.

די קינדער לעגען זיך אויס אַרום איהם, ווי קליינע בערג-
לעך אַרום אַ העכערן באַרג. די בעקלעך פלאַמען, די אויגלעך
ברענען, די שטערענדלעך פערשוויצט. אויפ׳ן האַלז, אויף די

הענד און פיס—שטויב פון וועג, נאָר זיי ליגען גליקלעכע און ווילען שטיפען. משה'לע לעגט זיך אויך אַוועק, עטוואָס אין דער זייט פון עולם, אינ'ם האַרטען שמעקעדיגען וואַלד-גראָז, מיט'ן פּנים אַרויף, די פיס אויסגעצויגען און די הענד פערלעגט הינ-טער'ן קאָפּ. אַ זיסע מידקייט צוגיסט זיך איהם איבער די גלידער און עפּיס אַ גאַנצקייט פיהלט ער אין גוף, אַ גאַנצקייט פון קאָפּ ביז די פיס. אַ ווײַלע בלייבט ער אָהן געדאַנקען, איבערגעבענדיג זיך דערדאָזיגער זיסער מידקייט, דערנאָך הויבט ער ווידער אָן קוקען אויף די בוימער און אויף די גאָלדענע שטראַהלען-געצען, וואָס רוקען זיך סודות'דיג איבער'ן וואַלד, און אויף די רעדעלען הימעל, וואָס ברענען מיט אַ בלויען פלאַם הויך איבער די סאָ-סנעס. מען קאָן שעה'נווייז לאַנג קוקען אויף אַלץ און נישט מיד ווערען, און אַז מען קוקט לאַנג אויף דעם אַלעם, דאַכט זיך, אַז מען ווערט אויך אַ בוים, וואָס איז אַרויסגעוואַקסען הויך אי-בער דער ערד און שטעהט מיט אַלע בוימער צוזאַמען אונטער דער זון. און דערנאָך ווערט וואונדערליך שטיל אויף דער נשמה און די בלוטען, מען ווערט צוריק א מענש, די אויגען מאַכען זיך צו און מען פיהלט זיך אַזוי זיס איינגעוויגט, פונקט ווי אין ווייכע זיידענע וואָלקענס... און די ערד ליגט שוין נישט אַזוי ווייט און נידעריג פון הימעל. פּאַמעליך דערהויבט זי זיך צו איהם און זיי צוקושען זיך.

משה'לע געדענקט נישט, ווי לאַנג ער האָט געהאַלטען צו-געמאַכט די אויגען און וואו איז ער געווען פאַר דערדאָזיגער צייט. אָבער שפירען שפירט ער, אַז דאָרט, וואו ער איז געווען מיט צוגעמאַכטע אויגען, האָבען געפלאַטערט גאָלדענע שטראַהלען און זונען האָבען געשמייכעלט און ווייטע בלויע שטערענדלעך האָבען געטאַנצט און פרייע ברייטע הימלען האָבען זיך געוויגט. און נאָכאַמאָל וויל ער עס איבערלעבען אין די זכרונות, נאָר דער וואַלד לאָזט נישט. מען מוז קוקען אויפ'ן וואַלד, אויף אָט די מענגעס געהענדיגע בוימער, אַרום וועלכע עס פליסט די שטיל-קייט, ווי אַ ברייטער טיפער טייך. מען מוז קוקען אויף זיי און ווערען אויך אַזוי, ווי זיי. מען מוז אויך ווערען אַ בוים. נאָר

וואוהין געהען זיי? וואוהין געהען די געוואַלטיגע מענגעס ביי-
מער אין אַזאַ שטילשווייגען? אַלץ געהט: דער הימעל געהט, די
בוימער געהען, די גאָלדענע שטראַהלען געהען, די טונקעלע שאָ-
טענס רוקען זיך, און דאָך איז אַלץ אַזוי שטיל און פערגלי-
ווערט, פונקט ווי קיין איין זאַך וואָלט זיך נישט בעוועגט.

בעוועגונג אין שטילקייט און שטילקייט אין בעוועגונג.
און עס איז שווער צו וויסען, ווער פון די ביידע איז שטאַר-
קער, פאַר'ן אויג—בעוועגונג, פאַר'ן אויער—שטילקייט. און די
הויכע שלאַנקע סאָסנעס שפּאַנען ווי ריזען איינע אונטער די אַנ-
דערע אין רויטע העמדער מיט גרינע מיצען אויף די קעפּ, ווי
אַנ'אונבעקאַנט פאָלק, וואָס לעבט נישט צוזאַמען מיט די מענשען
אויף דער ערד, און עס דאַכט זיך, אַז זיי שפּרייזען-איבער מיט
ברייטע טריט איבער משה'לעס טאַטען מיט די יונגעלעך, וואָס
ליגען אַרום איהם.

נישט ווייט פון משה'לען שטעהען צוויי בוימער אַרומגע-
נומען, געוויקעלט און געטוליעט איינער צום צווייטען. איין בוים
איז אַ העכערער, דער צווייטער—אַ קלענערער און דער קלענע-
רער ליגט אין די אָרעמס פון דעם העכערן. משה'לע קוקט אויף
זיי און קאָן בשום אופן נישט געדענקען, צו וועמען זיי זענען
עהנליך. עפּיס אַזוינס האָט ער שוין געזעהן, אָבער ווען און וואו
געדענקט ער נישט. ערשט נאָך אַ לאַנגען טראַכטען און אָנשטרענ-
גען דעם זכרון דערמאָהנט ער זיך, אַז אַזוי האָט ער טיילמאָל
געזעהן געהענדיג אַ בחור מיט אַ מיידעל אין גאַס. דער בחור איז
געווען העכער, דאָס מיידעל נידעריגער און זי האָט זיך געטו-
ליעט אין זיין אָרים.

אָבער פאַרהאַן אויך טויטע בוימער, ווי טויטע מענשען.
די ליגען אויף דער ערד, פערטריקענט און פערוועלקט, אין אַנ'-
אונבעהאָלפענער פּאָזע: קענטיג, גלייך פון אָרט געפאַלען און
מעהר וועלען זיי זיך שוין קיינמאָל נישט אויפהויבען. אַמאָל
ליגט טויט אינ'ם גראָז אַ גרויסע לאַנגע סאָסנע. און אַז מען
קוקט אויף איהר, בעפאַלט עפּיס אַ רחמנות... דאָס אונבעוועגליכע
ליגען איז אויך אַזוי שרעקליך, ווי דאָס ליגען פון אַ טויטען

מענשען. פון וואָס איז געפאַלען דערדאָזיגער בוים? האָט איהם עמיץ אומגעוואָרפען אָדער ער איז קראַנק געווען? דער טאַטע זאָגט, אַז בוימער ווייטען אויך פון קראַנקהייטען, פונקט ווי מענשען. אָבער די בוימער קוקען נישט אויף זייער געפאַלענעם ברודער. זיי שפּאַנען זייער וועג און באָדען פרעהליך די קעפּ אין די וואַרימע גאָלדשטראָמען פון דער זון.

און משה׳לע פיהלט, אַז דער רייך פון וואַלד איז איבער זיין שכל, אַז דער וואַלד האָט אַזאַ כשופ׳דיגע מאַכט, וואָס לאָזט זיך נישט דערקלערן, ווי עס לאָזט זיך נישט דערקלערן, פון וואַנען שטאַמט גאָט. און עס קומט איהם אויפ׳ן זכרון דער מערדער ריכאַרד און זיין באַנדע, וואָס הויערן טאָג און נאַכט אין די וועלדער, און עס ווערט איהם קשה, ווי אַזוי קאָן מען לעבען אין אַ וואַלד און זיין אַ שלעכטער מענש, אַ מערדער? ווי אַזוי קאָן מען איינאָטעמען די לופט אין וואַלד און ווען בעת־מעשה עמיצען שלעכטס טהאָן? און ער בעשליסט ביי זיך, אַז ווען ער וואָלט איצט אָנבעגעגענט דעם שרעקליכען מערדער רי־כאַרד, וואָלט ער זיך פאַר איהם נישט דערשראָקען, וואָרום דאָ, צווישען די גוטע בוימער, וואָלט איהם ריכאַרד זיכער גאָרנישט געטהאָן.

— אַז איך וועל זיין אַ גרויסער, — טראַכט משה׳לע, — וועל איך דאָ אויסבויען אַ קליין הייזעלע און וואוינען צוזאַמען מיט... שיינדעל׳ען. און אַלע טאָג וועל איך אויפשטעהן פריה און זעהן, ווי עס געהט־אויף די זון.

און דערדאָזיגער געדאַנק טראָגט משה׳לען אַוועק ווייט אין עתיד־אַריין און ער זעהט זיך ווי אַ גרויסער שטאַרקער מענש, וואָס וואוינט אין אַ שען הייזעלע, אין וואַלד. דאָס היי־זעלע האָט קליינע ליכטיגע פענסטערלעך, און אַז מע קוקט אַרויס פון איין פענסטערל, זעהט מען, ווי עס געהען אָהן אויפהער מענגעס בוימער, אויבען בעגאָסען מיט גאָלדענער זון, ווי מיט קרוינען. און עס ווערט איהם אַזוי לייכט, אַזוי העל און אַזוי האַרציג־גוט אויף דער נשמה, אַז אַ פייכטקייט טרעט איהם צו צו די אויגען, און, אַ פערשעמטער, אַ פערדרויטעלטער, פערבאָרגט

ער דאָס געזיכט, פונקט ווי עס וואָלט זיין אַ זינד צו פיהלען זיך אַזוי גוט.

— ר׳ שמעון, בוימער ריידען?... — פרעגט אַ יונגעל משה׳לעס טאַטען.

—בוימער ריידען, מיין קינד...—הערט משה׳לע דעם טאַטענס ענטפער, און דער קול זיינער איז אַזאַ געלייטערטער, אַזאַ ריינער, פונקט ווי ביי אַזאַ איינעם, וואָס האָט קיינמאָל נישט געלעבט צווישען בייזע מענשען אין אַן אָרימער גאַס.—בוימער ריידען און גראָז רעדט און וואַסער רעדט, נאָר שטיינער שוויגען...

—אָבער ווער פערשטעהט זייער לשון?...

—דער, וואָס האָט זיי ליב...

די יונגעלעך פערקוקען זיך אויף די בוימער און פרובען בעגרייפען דעם ענטפער.

—בוימער,—זאָגט ווייטער דער טאַטע,—ריידען אויף דעם שטילסטען לשון. אָבער אין שטורם שרייען זיי... אין אַ שטורם ווערען זיי בייז, די בוימער...

—און אַזוי זענען זיי גוטע?

— גוטע, גוטע, מיין קינד...—און דער טאַטע פערטראַכט זיך עטוואָס:—בעסערע פון מענשען...

דער טאַטע שמועסט לאַנג מיט די קינדער, און פאַמעלעך טהוט-אויס דער טאָג פון זיך דאָס גאָלד. ברייטער און ברייטער ווערען די שאָטענס אין וואַלד, און די רויטליכע שטראַהלען אויף די בוימער פלאַטערן נאָר אויף איין זייט שטאַם. די אַלע גאָלדענע שטראַהלען פאָהרען, קענטיג, אַוועק אויף דערנאַכט אַהיים. דאָרט, ווייט, טיף אין וואַלד, האָבען זיך אַלע פערזאַמעלט. דאָרט ברענט און גליהט אַ פייערדיגע רויטקייט מיט צושפרייטע גאָלדענע סטענגעס, און די בוימער, שוואַרצע און פערכשוף׳טע, שטעהען אין איהר ווי אין אַ פייער. מחנות גאָלדענע שטראַהלען זענען געקומען אַהין, זיך איבערגעטהאָן אין רויטע העמדער און פאָהרען אַהיים שלאָפען. זיי פאָהרען פרעהליכע, שפילענדיגע, און אַז מען זאָל פון דאָסניי צומאַכען די אויגען, דאַכט זיך, אַז זיי זינגען שטיל און לאַנגזאַם, פונקט ווי זיי

וואָלטען זיך מיט עמיצען פון דערוויטענס געזעגענט. גוט זאָל איצט צו זיין אַ רויטער שטראַהל און, זינגענדיג, אַוועקפאָהרען שלאָפען אין הימעל אַריין צוזאַמען מיט אַ מחנה שטראַהלען, נאָר אין דער אַנדערער זייט וואַלד איז שוין רעכט טונקעל און די טונקעלקייט איז אַ בלויע, פונקט ווי אַ רויך וואָלט זיך געשפּריים צווישען די בוימער. גנב'יש און אָהן אַ שום קלאַנג שליסען זיך שאָטענס צו שאָטענס, שאָטענס צו שאָטענס. און פון די בוימער רייסען זיך אָב די לעצטע רויטע שטראַהלען און פערשווינדען, פונקט ווי זיי וואָלטען מורא-געהאַט צו פערבלייבען מיט די שאָטענס.

די קינדער וויקלען-פונאַנדער זייערע קליינינקע פּעקעלעך און זעצען זיך עסען. זיי גיבען אויך משה'לען פון זייערע פּעקעלעך אָבער משה'לען שמעקט נישט דאָס עסען איצט. עס פערכאַפּען איהם ביידע זייטען וואַלד: איין זייט שטעהט אין פייער, די צווייטע אין בלויליכען שאָטען. און עס דאַכט זיך, אַז זיי געהען איינע צו די אַנדערע: פייער געהט צו שאָטען און שאָטען געהט צו פייער, נאָר דער שאָטען איז שטאַרקער און די בוימער וויקלען זיך אין איהם ווי אין טונקעלע מאַנטלען און נעהמען-אָן טויזענדער געשטאַלטען: דאָ ווערען זיי הויך ביז'ן הימעל, דאָ נידעריג און געבויגען און דאָ גיסען זיי זיך צוזאַמען אין אַ שוואַרצער וואַנד מיט שפּעלטעלען הימעל.

טייל'מאָל נעהמט אַן'איינצעלנער בוים און מאַכט סתם משונה'דיגע תנועות, ווי אַ צולאָזען יונגעל: שטעקט-אויס אַ צונג פערקרימט די נאָז, גלאָצט מיט די אויגען, פערבויגט אַ פוס און שפּרינגט ווי אַ הינקענדיגער אדער ער מאַכט זיך פאַר אַ הארבאַטען בעטלער, וואָס ציהט-אויס די האַנד נאָך אַ נדבה. און ערשט איצט דערשפּירט משה'לע, אַז אַ וואַלד האָט אין זיך שרעק...

—אָבער אַז איך וועל זיין אַ גרויסער, וועל איך זיך נישט שרעקען...—בעשליסט משה'לע ביי זיך און הויבט זיך אויף אויף די פיס.

די טונקעלקייט וואַקסט אין די אויגען. דער פאַרנאַכט לאָזט זיך אַראָב אויף דער ערד, ווי אַן'אונגעהויער גרויסער טוּ-

קעלער פויגעל מיט אונענדליכע פליגלעך, און ער פּאַכט מיט זיי קיהל און ברייט אונטער דעם מידען הימעל. און דאָרט, אויף דעם מידען הימעל לעשט זיך דער לעצטער שמייכעל פון טאָג די ווייס-גרויע וואָלקענדלעך, וואָס בלאָנקען-אַרום אָהן אַ תּכלית, פערקעהרט עמיץ אויפ'ן הימעל אין לאַנגע פערטראַכטע וואָלקענ-דלעך-שורות און טרייבט דידאָזיגע שורות צום הימעל-ברעג. מען רייניגט, מען פיילט און מען פוצט איצט דעם הימעל. מיליאָנען אונגעזעהענע הענד טהוען דידאָזיגע אַרבייט, און אָט ווערט דער הימעל טונקעל-בלוי, ווי בלוי גלאָז, און עס פיהלט זיך, אַז ער טראָגט שוין אין זיין זיידענעם בוזים נייע, גאָלדענע, נאָר-וואָס אויסגעשלייפטע לאַכענדיגע שטערענדלעך...

אָבער משה'לע קוקט זיך אַרום אין וואַלד, און איהם דאַכט זיך, אַז נעבען יעדען בוים וואַקס-אויס אַ פערבאָרגען שטיל בע-שעפעניש, וואָס לויערט אויף עמיצען מיט שאָטענדיגע אויגען. דידאָזיגע בעשעפענישען קוקען זיך איבער, בעוועגען זיך מיט אַ שטילען שאָרך און האָבען אַ שייכות צום מערדער ריכאַרד, וואָס מוז געוויס געהן אַהער מיט זיין באַנדע גזלנים.

— הוק...—דערטראָגט זיך אַ טונקעלער קנאַק פון די ווייטע בוימער.—הוק... הוק... הוק...

—צאָללל !—שרייט-אויס אַן'אונבעקאַנטער פויגעל סאַמע אי-בער'ן קאָפּ, און אויף אַ ווייטען בוים ענטפערט איהם אַ צווייטער.

—פלי... פלי... פלי...—וואָרקעט עפּיס אַ ווילד טויבעלע פוי-געלע אין אַן'אַנדער ווינקעל וואַלד.

—דער וואַלד שרעקט...—קומט משה'לען פון דאָסניי אויף דער מחשבה. דאָס האַרץ טהוט איהם עטוואָס אַ צאַפּעל, און איהם דאַכט זיך, אַז ער וועט באַלד דערזעהן ריכאַרד'ן.

נישטאָ מעהר קיין שטראַהלען אין וואַלד. אַ וואַרימע פינ-סטערניש רוקט זיך מיט אויסגעשפּרייטע אָרעמס און וויל אַלץ שטיל און גנב'יש אַרומנעהמען און אונטער איהר רוקען זיך פּאַוואָליע די מאָדנע בעשעפענישען, וואָס קוקען מיט טיפע שאָ-טענדיגע אויגען.

משה'לעס טאַטע הויבט זיך אויף פון גראָז מיט אַ שטיק

וואַלד-פינסטערניש אויפ'ן פנים און גיט אַ רוף די קינדער אין וועג אַריין. פון זיינטוועגן האָט מען אפילו געקאָנט אַ גאַנצע נאַכט פערברענגען אין וואַלד, אָבער ער פערשטעהט, אַז די קינדער שרעקען זיך עטוואָס און ער איז זיך מכין אַוועקצוגעהן. די קינדער רינגלען איהם אַרום און נעהמען איהם אָן פון ביידע זייטען פאַר די הענד. ער מאַכט דעם ערשטען שריט, און אין דערפינסטער דאַכט זיך, אַז ער טראָגט צוויי שווערע שוואַרצע זעק אין ביידע הענד. אָבער עס איז אַנגענעהם אַרויסצוגעהן פון וואַלד אין דערפינסטער, ווען די בוימער געהען-צו צו דער נאָז אונבעמערקטערהייד און קלאַפּען זיך לייכט אָן, פונקט ווי זיי וואָלטען געמאַכט אַ שפּאַס, און אויבען, אויפ'ן בלויען הימעל, פינטלען און טאַנצען זייערע שפּיצען.

צו נאַכט ווערט געדיכטער די וואַרימקייט און דער ריח פונ'ם טרוקענעם וואַלד-גראָז, וואָס קנאַקט אונטער די פיס, פונקט ווי ער וואָלט געלאַכט, און דערפון שווינדעלט עטוואָס דער קאָפּ, ווי פסח נאָכ'ן סדר אָדער ווי פאַרטאָג נאָך אַ חתונה. דער געדיכטער וואַלד-ריח פילט-אָן נישט בלויז די לונגען, נאָר אויך דעם קאָפּ, די הענד און פיס, ער שפּרייט זיך אויך אין בלוט, און עס דאַכט זיך, אַז מען איז אַ טייל פון וואַלד און מען טראָגט אין זיך דאָס שווייגען פון די בוימער און די טונקעלקייט פון דער לופט.

אָבער משה'לע געדענקט נישט, ווען ער איז אַרויס פון וואַלד. עס דאַכט זיך, אַז דער וואַלד איז מיט איהם מיטגעגאַנגען סאַמע ביז דער שטאָדט. ער האָט דעם וועג צוריק נישט געזעהן: פעלד פון איין זייט, פעלד פון דער צווייטער זייט, אויבען אַ קיהלער פריהלינגס-הימעל, וואָס לעשט פאַמעלעך אויס די לעצטע פאַרנאַכט-רויטקייט, און אַ בלאַסער וועג, וואָס לויפט פאָראויס ווי אַ נעבעלדיגער טייך. אין די יונגע תבואות שלאָפט שוין דער ערשט-געקומענער אָווענד, אַרומגענומען מיט וואַרימע גרויע נעבלען. און אַ שטילקייט איז צוגאָסען פון איין עק וועלט ביז דעם צווייטען.

משה'לע שטעלט ברייטע טריט. פון די מחשבות, פון נישט

עסען און פון געהן אַזויפיעל צופוס ווערען איהם שאַרפער די
געזיכטס-שטריכען, און אין דעם אָוועגד-ליכט זעהט ער אויס
יונג און אַלט צוזאַמען. צייטענווייז קלאַפּט זיך איהם אָב אָן
שטערען אַ גרויסער שוואַרצער זשוק, ווי אַ האַרט שטיינדעל,
און רייסט איהם איבער די מחשבות, און אַז ער לאָזט-אַראָב די
אויגען, זעהט ער, ווי פון אַ וועג-גרעזעל פאַלט-אַראָב אַ ליכטיג
טראָפּעלע טהוי, ווי אַ ווייס פּייערל און אויפ'ן בלאַסען שטויב
ווערט דערפון א שוואַרץ פּינטעלע.

און אָט הויבט זיך אויף אין דערפינסטער די שטאָדט, די
אַלטע גרויסע שטאָדט, מיט די בעקאַנטע געסלעך און גאַסען,
מיט די פערשלאָפענע ווייבער און יודען, מיט'ן שווערען שטויב,
מיט די געלע פייערלעך, מיט'ן נמאס'דיגען געריש פון פוהרען,
מיט דער איינגער דושנער לופט און מיט די קוויטשיגע גע-
שרייען פון אָרימע צולאָזענע קינדער. און אָט איז ווידער די
לאַנגע טאָטערשע גאַס מיט די גרויע פאַרקאַנעס און קליינע הייז-
לעך, מיט די וויסטע אומעטיגע קרעמעלעך און צובראָכענע גאַס-
פאָנאַרען, וואָס ברענען קיינמאָל נישט, און נאָך דעם פרייען
גרויסען וואַלד, וואָס איז געבליבען ערגעץ פון הינטען, ווי אַ
לעבעדיגער מענש, דערשפירט איצט משה'לע אויף דער לאַנגער
אָרימער טאָטערשער גאַס עפּיס אַ טיפען שטאָך אין האַרצען און
עס ווילט זיך כמעט ווי וויינען.

אַז זיי געהען-אַרויף אויפ'ן הויף, ברענען שוין גאָלדענע
ציטריגע קליינטשקע לעמפּעלעך אויפ'ן טונקעלען אָוועגד-הימעל
אפנים, אַז דאָרט, אויפ'ן הימעל איז איצט אַ פּאַראַד, אַ באַל, אַ
גרויסער יום־טוב, און מלאכים מיט ווייסע פליגלען אויפ'ן רו-
קען בעוועגען זיך לייכט און שטיל אַרום לאַנגע ווייסגעדעקטע
טישען... נישט אומזיסט ברענען אַזוי העל דידאָזיגע לעמפּעלעך
און נישט אומזיסט זעגען זיי אין אַזאַ גרויסער צאָהל צוזייהט און
צושפּרייט איבער אַלע ווינקעלעך פון הימעל. און איבער'ן הויף
דרעהען זיך אַרום יודען מיט אָפענע הערצער, ביי די שוועל-
לען זיצען מידע ווייבער, וואָס זעהען-אויס ווי זקנות, און זוי-
גען קינדער, אין די פענסטער קוקען געלבע פייערלעך פון פער-

רויכערטע קליינע לעמפלעך, ביי אַ טהיר קריגט זיך דער הויף-בעל-הבית מיט אַ שכן פאַר דירה-געלד, אויף אַ גאַניק מיאַאוקעט אַ הונגעריגע קאַץ און אַ קליין יונגעל מיט אַנ׳אַרויסגעשטעקט העמדעל פון די הויזלעך, קויקעלט פער׳עקש׳ענט אַ רויף אין דערפינסטער און פאַלט פלוצלונג אַנידער צוזאַמען מיט׳ן רויף.

אָבגעלאָזט די קינדער, קומט דער טאַטע אַריין אין שטוב אַ קאַלטער און אַ זויערער. שוין נישט דער פריהעריגער יוד, פונקט ווי עמיץ וואָלט איהם שטאַרק בעליידיגט. איצט הענגען איהם ביז די ברעמען אויף די אויגען, און עס איז געפעהרליך זיך אָנצוהויבען מיט איהם. די מאַמע קוקט איהם אָן פון דער זייט און שווייגט מיט פערדריקטע ליפען. אָבער אַז זי געהט-אַריין אין קיך, זאָגט זי, כמעט אַ וויינענדיגע, צו זיך אַליין:

—וועה צו מיר! איך האָב צרות און ער געהט-אַרום אי-בער די וועלדער...

משה׳לע ווייס נישט אַקוראַט, ווער איז גערעכט פון זיי ביידען, נאָר ער האָט שטאַרק רחמנות אויף דער מאַמען. ווען זי וואָלט נישט געקוקט אַזוי קרום אויפ׳ן טאַטען און נישט גע-האַט אַזוינע פערדריקטע ליפען און וואָלט נישט געווען אַזאַ שטיק וואָכעדיגקייט, וואָלט מען זי בעדאַרפט אַרומנעהמען און אַ קוש טהאָן פאַר איהר שלעכט לעבען, פאַר איהר נויט און צער, פאַר׳ן יאָך, וואָס זי טראָגט אויף זיך און פאַר דאָס, וואָס זי איז היינט נישט געווען אין וואַלד און נישט געהאַט אַזויפיל וואַלד-פערגעניגען. וואָרום זי בעדאַרף דאגה׳ן פאַר אַלעמען און פאַר איהר דאגה׳ט קיינער נישט. די מאַמע איז אַ פרוי און דאגות האָט זי מאַנסבילשע אויפ׳ן קאָפּ.

אַ הונגעריגער און אַ מידער, וואָלט איצט משה׳לע געוואָלט עסען ביי אַ ווייס-געדעקטען טיש, אין אַ ליכטיגער געראַימער שטוב און צווישען אַ טאַטען און אַ מאַמען, וואָס האָבען זיך ליב. אָבער אין שטוב איז האַלב-טונקעל, אויף דער אַלט-געקאַלכטער וואַנד ברענט אַ רויכערדיג לעמפעל, פון די ווינקלען קוקען-אַרויס גרויע שאָטענס, ווי הונגעריגע בעטלער, אין דער לופט שמעקט מיט אָרי-מער ווערשערע און טאַטע-מאַמע שווייגען מיט אַ שווערען בליי-

אויגען שווייגען. קוקט משה'לע אַ ווײַלע אויף די ווענד, אויפ'ן באַלקען און רוקט זיך דערנאָך אַרויס פון שטוב, ווי אַ גנב, וואָס האָט נישט געפונען וואָס צו גנב'ענען. אָבער דאָ, סאַמע בײַ דער שוועל, אַרויסגעהענדיג, טרעפט ער זיך אָן מיט שיינדעלע'ן אויג אויף אויג.

— משה'לע! — גיט זיך שיינדעלע אַ ריס פאָראויס און כאַפּט איהם אָן בײַ די הענדטלעך.

— איך בין געווען אין וואַלד, שיינדעלע... — רוימט ער איהר איין אויפ'ן אויער און ביידע קינדער קוקען זיך אָן שטום, טיף און לאַנג.

— משה'לע — לאָזט ער אַראָב די אויגען — פאַרוואָס האָסטו מיך נישט מיטגענומען... ביזט אַ שלעכטער...

משה'לע ווייס נישט וואָס צו ענטפערן: פאַר אַ ליגען איז ער צו־ריין, פאַר אַ תירוץ — צו־יונג.

דער טאַטע!.. — שטאַמעלט ער — איך האָב געמיינט, אַז ער וועט געהן אָהן מיר. דו ווייסט דאָך, מיין טאַטע...

אָבער שיינדעלע'ן בערוהיגט עס נישט. זי האַלט נאָך אַלץ אַראָבגעלאָזט די אויגען און דאָס גאַנצע פיגורל איהרס דריקט־אויס אָנגריף און פערדרוס.

— דו האָסט מיך געקאָנט אַ רוף טהאָן... דו ביזט אַ שלעכ־טער... — זאָגט זי מיט אַנ'אַראָבגעלאָזטען קאָפּ, פונקט ווי זי וואָלט גערעדט צו דער ערד.

— שיינדעלע...

— ניין, דו ביזט אַ שלעכטער...

— איך וועל דיך ווייטער מיטנעהמען, שיינדעלע... — פער־ענטפערט ער זיך ווייך. — נאָר דו ווייסט? — בויגט ער זיך אָן צו איהר און זאָגט מיט אַ טאָן פון אַ סוד — פאַרנאַכט שרעקט דער וואַלד...

דאָס וואָרט ש ר ע ק ט דערנעהנטערט זיי ביידען, שיינדע־לע פערגעסט די בעליידיגונג און ציהט איהם פאַר'ן הענדטעל צו איהר אין שטוב אַריין, און משה'לע געהט איהר נאָך, ווי אַ בלינדער.

און ביי שיינדעלע׳ן אין שטוב איז ליכטיג און ליב און היימליך, עס שמעקט מיט ערשט-געבאַקענעם ברויט, פון ערגעץ אַ ווינקעל קוקען-אַרויס פייעס אויגען מוטערליך און האַרציג און פון הינטען וואַקסט-אויס דער משוגענער ברודער, פלוצלונג און אָהן אַ שום שאָרך, מיט אַ צוגאָסענעם שמייכעל אויפ׳ן פנים און ער מורמעלט ווייך און שטיל זיין שטענדיג מורמלען:

—איז אַז איז... איז אַז איז...

און פון ערגעץ שווימט-אָן פייעס גוטער גלעטענדיגער קול:

— זעץ זיך, מיין משה׳לע, צום טיש. מיר וועלען באַלד אַלע עסען. איך האָב פאַר דיר אַ גוטע זאַך...

אָבער ביז וואַנען מען געהט צום טיש, געהט משה׳לע מיט שיינדעלע׳ן אַוועק אין יענעם קאַמערל, וואו מען קאָן בייטאָג זעהן פון פענסטער כמעט אַלע דעכער פון שטאָדט; דאָס איז אַ געמיש פון אַ סך דעכער צוזאַמען מיט שפּיצען פון קלויסטערס: הויכע און נידעריגע, ברייטע און שמאָלע, פערשפּיצטע און פלאַכע. סאַמע אין דער-מיט שטאָדט הויבט זיך הויך און שטאָלץ, גאָרנישט יודישלעך, דער קופּאָל פון גרויסען בית-המדרש, און רעכטס, אויף אַ בערגעל, קוקט פעסט, טרוקען און האַרט די ווייסע טורמע מיט די קליינינשקע אַריינגערוקטע פענסטערלעך און מיט די פיר קיילעכיגע טורמס ביי אַלע פיר זייטען. נאָר איצט זענען אַלע הייזער צונויפגעגאָסען אין איין הויז, וואָס ליגט אונטער׳ן פענסטער, ווי אַ טונקעלער באַרג און פינטעלט מיט טויזענדער פייערן, ווי מיט אויגען.

ביידע קינדער שטעלען זיך ביים פענסטער, און משה׳לע לעגט-אַוועק אַ הייסע באַק אויף שיינדעלעס שמאָלען אַקסעל. ער מאַכט צו די אויגען און זעהט פון דאָסניי די געהענדיגע בוימער פון וואַלד און די פאַסען גאָלד, וואָס שפּילען מיט די שאָטענס. דאָס אַלץ קומט-אויס אין דמוין שענער, העלער און ציהענדיגער, און עס גלויבט זיך שוין נישט מעהר, אַז דער וואַלד האָט געקאָנט שרעקען. און קליין ווערט אין דמיון דער וואַלד אַזוי, אַז מען וואָלט איהם געקאָנט נעהמען אויף דער האַנד און אַוועקטראָגען.

—משה׳לע...—רופט שיינדעלע שטיל.
—וואָס, שיינדעלע?...
—גלאַט אַזוי...
—משה׳לע...
—וואָס?
—איך בין שוין נישט בייז...
—נו, זעהסטו...
—אָבער...
—שיינדעלע,—שלאָגט ער איהר פלוצלונג איבער,—אַז מיר וועלען זיין גרויסע, וועלען מיר וואוינען אין אַ וואַלד... מיר וועלען האָבען אַ קליין הייזעלע מיט פענסטערלעך... די בוימער וועלען רוישען און אַריינקוקען צו אונז אין די פענסטערלעך אַריין... הויכע, רויטע בוימער... און אויפשטעהן וועלען מיר פריה... געפעלט דיר?
—יאָ, געפעלט...
—און נאָר מיר אַליין וועלען וואוינען... הערסט?
זי לעגט-צו איהר שטער׳ען צו זיינעם און פרעגט זעהר קינדיש:
—און איך וועל זיין דיין ווייב?...
—און דו וועסט זיין מיין ווייב...—זאָגט משה׳לע מיט אַ הייסען אָטעם און דערפיהלט ווי עס שווינדעלט איהם דער קאָפּ.
אין דערפינסטער דערשפּירט ער אַ קוש אויף דער באַק און ער זעהט נעבען זיך צוויי קינדערשע שטראַהלענדיגע אויגעלעך, וואָס קוקען איהם אָן מיט אַזויפיל ליבע און גליק, אַז קיין איין מאַמע אין דער וועלט קאָן אַזוי נישט קוקען. און אין די פייערלעך פון די דאַזיגע אויגען, דאַכט זיך, זיצט איהר נשמה און שמייכעלט.
—אָבער, משה׳לע, ווען וועלען מיר זיין גרויסע?...
משה׳לע ענטפערט נישט און מאַכט-צו די אויגען. פון אונטער די פיס רוקט זיך אַוועק די פּאָדלאָגע, און איהם דאַכט זיך, אַז ער שווימט איבער אַ גרויסען ליכטיגען שטח צווישען טויזענדער פייערן און פאַרבען, און ביי די זייטען רוישען אַל-

טע רויטליכע סאָסנע-וועלדער. און אינ׳ם רוישען פון די וועלדער פיהלט ער אַ שפּראַך, וואָס ער הויבט ערשט אָן צו פערשטעהן. דער טאַטע איז גערעכט: וועלדער האָבען זייער לשון. און אַ מאָדנע זאַך: אַזוי, מיט אַזאַ טאָן, דאַכט זיך משה׳לען, בעדאַרף ריידען גאָט. דער לשון פון וואַלד, דאָס איז דער לשון פון גאָט.

אַלעמאָל, בשעת משה׳לע זיצט ביי שיינדעלע׳ן אין שטוב, לויפט זעהר שנעל די צייט, פּונקט ווי פאַר דערדאָזיגער שטוב וואָלט אַ בעזונדער צייט געווען — אַ קורצע, אַ האַסטיגע, אַ שנעלע, און אָט געפינט זיך שוין משה׳לע אויף זיין געלעגערל און קוקט מיט אָפענע אויגען אין דער דושנער פינסטערגיש אַריין.

דער טאַטע לייענט הייבט נישט, און משה׳לע קאָן נישט איינשלאָפען: דער וואַלד, דער גרויסער אַלטער סאָסנע-וואַלד האָט איבערגעגעבען דעם יונגעל איינעם פון זיינע סודות און דאָס יונגעל פערבלייבט שוין אויף אייביג אין זיין מאַכט, פּונקט ווי אין דעם מעשה׳לע מיט דער פּרינצעסין, וואָס האָט אויף אייביג פער׳כשופ׳ט אַ יונגען פּרינץ. משה׳לע קאָן זיך שוין מעהר קיינמאָל נישט בערוהיגען. ער טראָגט שטענדיג וואַלד-וועה אין זיין האַרצען און אַז ער דערזעהט אַ סאָסנע-בוים און דערפיהלט פון ווייטען דעם ריח און די בעוועגונג פון אַ וואַלד, פערגעסט ער אָן דער גאַנצער וועלט און אָן זיך און ער דערפיהלט זיך באַלד ווי אַ קליין טיילכעלע פונ׳ם גרויסען ריז, ווי אַ בוים צווישען ביימער און פערשטעהט און שפּירט דעם לשון פון וואַלד, פּונקט ווי ער וואָלט זיך מיט איהם צונויפגעוואַקסען אויף אייביג.

---

## זלמן.

### זעקסטעם קאַפּיטעל.

אַלעדיג ווייבעריש פּנים אָהן בּרעמען מיט אַ גרוי שיטער בּער-
דעל, וואָס וואַקסט בּלויז אויפ׳ן האַלז; בּרייטע שיטער-הוי-
טיגע בּאַקען, וואָס טרויסלען זיך אין גאַנג; קליינע שטאַרע
אויגלעך, ווי צוויי גרויע פּעררויכערטע גלעזלעך, טיף אַריינגע-
שטעלט אונטער׳ן שטערען; אַ נאַקעטער קאָפּ אָהן האָהר מיט אַ
הויכען שטערען, צוזאַקערט אין קנייטשען, מיט שוואַרצע שנירע-
לעך בּלאָטע אין דידאָזיגע קנייטשען; אַ נאָז, וואָס זיצט אויפ׳ן
פּנים, ווי אַ קליין וועגדטעל אָדער ווי אַן׳אָפּען טהירעל אין אַ
שאַפּע און איז אומעטום איין בּרייט און לענג; אַן׳אַלטער אָב-
געבּליאַקירטער מאַנטעל, וואָס טויג זיך סיי ווינטער, סיי זומער;
גרויסע קלעצערדיגע שטיוועל, וואָס זעהען-אויס ווי געמאַכט פון
בּלעך; אַ גרויסער סוקעוואַטער שטעקען אין אַ בּרייטער שוואַר-
צע האַנד—דאָס אַלץ איז זלמן.

זינט משה׳לע געדענקט זיך, געדענקט ער אויך זלמנ׳ען.
נישטאָ אַ ליכטיגער טאָג אָדער אַ בּין-השמשות, אָדער אַן׳אָוועגד
אָהן זלמנ׳ען. דערדאָזיגער יוד האָט אפילו זיין שטענדיגען אָרט

וואו צו זיצען: אין ווינקעל, ביים ראָג טיש, וואו עס איז פינ-סטערליך און וואו זיין ווייבעריש גרוי פנים קוקט-אַרויס פון דאָרטען טויט און שווייגענדיג, ווי אַ מצבה.

זלמן האַלט, אַז שווייגען איז זעהר אַ גוטע זאַך און אַז די צונג איז געגעבען געוואָרען צום ריידען בלויז דאָס סאַמע נויטיגסטע, דאָס סאַמע קירצסטע, ממש אַ פּאָר געצעהלטע ווער-טער אַ טאָג, נאָר אויסער מעשה׳לעך. פאַר מעשה׳לעך בעדאַרף געמאַכט ווערען אַנ׳אויסנאַהם. וואָרום מעשה׳לעך זענען דאָס סאַ-מע נויטיגסטע, דאָס סאַמע וויכטיגסטע, אפשר בילכער פון עסען, פון טרינקען, אַזוי טייער ווי דאָס לעבען.

אונטער זיין הויכען טיף-געקנייטשטען שטערען נעסטיגען זיך טויזענדער העלע זוניגע מעשה׳לעך וועגען בלויע ימ׳ען, וועגען ליכטיגע הימלען, וועגען גאָלדענע טעג, וועגען גן-עדן-פויגעלעך, וועגען שלאָפענדיגע פרינצעסינס, וועגען שמייכלענדי-גע קינדער, וואָס האָבען געהאַט ווייסע פליגעלעך אויפ׳ן רוקען און האָבען געקענט פליהען פון די הימלען צו דער ערד און פון דער ערד צו די הימלען; וועגען פער׳כשופ׳טע אָקרענטען, וואָס האָבען געפיהרט דעם מזל פון דער וועלט און דער מזל האָט זיך אַרויסגע׳גנב׳עט און אין ים פערזונקען; וועגען אַ מיליאָן שמייכלען, וואָס אַ מלך האָט אַרויסגעפאָדערט, צו ראַטעווען זיין בת-מלכה און נאָך און נאָך און נאָך.

אָבער זלמן האַלט דידאָזיגע זוניגע אָדער האַרציג-טרויערי-גע מעשה׳לעך פערשלאָסען אין זיין נאַקעטען קאָפּ, ווי אין אַ טורמע און גישט גערן לאָזט ער אַרויס אויף גאָטס וועלט איינס אָדער צוויי פון זיי. ער האָט זיי ליב צו טראָגען מיט זיך, ווי אַ קאַרגער עושר זיינע גאָלדשטיק, פונקט ווי זיי וואָל-טען, חלילה, וואָכעדיג ווערען און פערלאָרען די פאַרבען דורכ׳ן דערצעהלען, אָדער זיי וואָלטען זיך שוין מעהר נישט אומגע-קערט צוריק צו איהם אין קאָפּ—אין זייער נעסט אַריין.

מעגליך, אַז צוליב דידאָזיגע ליכטיגע מעשה׳לעך איז ער אַ שווייגער: ער הערט זיך איין און קוקט זיך צו צו זיי, צו זייערע שפילענדיגע רעגענבויגען-פאַרבען, פונקט ווי ער וואָלט

איבערגעדרעהט די אויגען מיט'ן זעה-נערוו צו זיך אין קאָפּ אַריין און נישט צום דרויסען, ער בעוועגט זיי, שטעלט זיי איבער, פלעכט זיי צוזאַמען, מאַכט אין דמיון אַ זוניגע מעשה'לע-זאַווערוכע, אַ געדרענג, אַ ליכטיגען שטורם-ווינד פון מעשה'לעך ווי פון שנייעלעך—און ער וויל זיך אָט דעם תענוג נישט איבערשלאָגען דורך רייד מיט מענשען. ער וויל זיך אויך נישט איבערשלאָגען דורך עסען. עסען האָט ביי איהם אויך קיין בעטרעף נישט. דאָס האָבען מענשען אויסגעטראַכט און דערנאָך קאַליע געמאַכט. אייגענטליך איז גענוג פאַר אַ מענשען אַ גלאָז טיי, האָבען זיי אָבער גענומען און מסדר-געווען דעם טאָג אויף פרישטיקען, מיטאָגען און אָווענדברויטען. אַ גאַנצען טאָג האַלט מען נאָר אין איין עסען, טרינקען און ריידען אַזוי, אַז עס איז נישט אויסצוהאַלטען. וואו מען זאָל זיך נישט קעהרען און ווענדען, הערט מען שטענדיג אַ מענשענס קול און וואו מען זאָל נישט וואַרפען אַנ'אויג, זעהט מען נאָר מענשען עסענדיג. עסען און ריידען—דאָס זענען די גרעסטע צוויי פעהלערן, פון וועלכע מען וועט זיך שוין מסתמא קיינמאָל נישט קאָנען בעפרייען, כּל-זמן די וועלט וועט זיין וועלט.

און זלמן עסט טאַקי נישט. פאַר איהם איז גענוג אַ גלאָז טיי מיט אַ שטיקעל צוקער פאַר אַ טאָג. טרינקט ער אויס אַ גלאָז טיי, זעצט ער זיך אַוועק אין אַ ווינקעל און קוקט ווי פערגליווערט מיט זיין ווייבערשען פּנים אין שטוב אַריין, איינהערענדיג זיך ערגעץ אין זיך, דאָרט, וואו עס טאַנצען די זוניגע מעשה'לעך און פליהען-אום, ווי גאָלדענע פונקען, איינע איבער די אַנדערע.

פאַרהאַן אָבער נאָך אַ פעהלער ביים מענשען, וואָס זלמן האָט איהם נישט ווייניגער פיינט, ווי די ערשטע צוויי, און נאָך אפשר מעהר. דאָס איז חתונה-האָבען, נעהמען אַ ווייב, בּכלל אַ ווייב, אַ בּריאה אין אַ קליידעל, אַ מענש מיט לאַנגע האָהר, וואָס קאָן מעוברת-ווערען און וואָס איז בעשאַפען געוואָרען בּלויז דערויף צו קוויטשען און צו פלוידערן און צו שרייען און צו שעלטען און צו וואָגלען. דאָס איז גאָר אַ מכּה מין השמים, אַנ'אָנשיקעניש, אַ גזרה, אַ קלאָג, אַ נאָכשלעפעניש, נאָר ערגער פון עסען

און ריידען, וואָס פון דעם וועט מען שוין זיכער נישט קאָנען
פאַר-ווערען, כל-זמן די וועלט וועט בלייבען וועלט. אָבער זלמן,
וואָס איז בנוגע צו עסען און ריידען געווען אַזוי אויסגעהאַלטען,
איז גראָד דאָ זעהר מאוס געשטרויכעלט געוואָרען און האָט אויף
זיין לעבען געהאַט גאַנצע פיר ווייבער. שווער צו וויסען, פאַר-
וואָס איז ער גראָד דאָ געווען אַזוי שוואַך און שווער צו וויסען,
וואָס איז געשעהן צווישען איהם און די ווייבער. צי האָט ער
זיך געפרובט ווירקען אויף זיי, איבעראַנדערשען זייער כאַראַק-
טער, געבען זיי צו פערשטעהן, אַז זיי זענען נישט קיין מענשען
און אַז זיי בעדאַרפען נאָר געהאָרכען, נישט עסען און שווייגען—
דאָס אַלץ בלייבט אַ רעטעניש. מען קאָן אויך נישט וויסען, צי
האָט ער זיך צו'גט מיט זיי, צי זיי זענען איהם אַוועקגעשטאָר-
בען מיט אַ נאַטירליכען טויט. אין אַ שענעם פריהמאָרגען קומט
ער פלוצלונג אַ פרייער, אָהן אַ ווייב, פונקט ווי ער וואָלט נאָר-
וואָס אַראָבגעוואָרפען אַ שווערע משא פון פלייצע און אָטעמט
זיך אָב פריי, ווי נאָך אַ קאַלטען שווייס. אָבער אויך אַזוי פלוצ-
לונג קומט ער אַ מרה-שחורה'דיגער, אַ בייזער און אַ בעלאָדע-
נער, מיט אַנ'אַראָבגעלאָזטען קאָפּ, מיט אָנגעבלאָזענע ליפּען,
און אין שטוב ווייסען שוין אַלע, אַז זלמן האָט זיך פון דאָסניי
פאַרפלאָנטערט מיט אַ ווייב.

זלמן האָט זיך געפלאָנטערט אין די ווייבער, ווי אין אַ
נעץ, און עס איז שווער צו וויסען, צי ער איז פרייוויליג גע-
לאַנגען אין נעץ אַריין, צי מען האָט זי איהם אונטערגעשטעלט.
איינס איז אָבער קלאָר, אַז זיי אַלע האָבען איהם געשאָלטען און
געשלאָגען און אין שטוב נישט אַריינגעלאָזט. איצט דערקוטשעט
איהם שטאַרק דאָס פערטע ווייב. דאָס איז אַ נידריגע יודענע
מיט רויטע אויגען און נאַקעטע פיס אין צוריסענע שטעק-שיך.
איין מאָל אין וואָך קומט זי צו משה'לען אין שטוב אַריין נאָכ-
פרעגען זיך אויף זלמנ'ען. אויב ער איז בעת-מעשה דאָ אין
שטוב, שפריצט זי איהם אָב מיט איהרע רויטע אויגען און גיט
נאָר אַ זאָג בלויז איין וואָרט:

— נו?..

הויבט זיך זלמן תיכף-ומיד אויף פון אָרט און רוקט זיך אַרויס פון שטוב, ווי אַ וואָלקען, אָהן אַ וואָרט צו ריידען. אַז זלמן איז אָבער אין שטוב נישטאָ, לאָזט זיך איבער עטליכע שווערע קללות, ווי שטיינער, און געהט-אַוועק. אַמאָל לויערט אויף זלמנ'ען זיין שטיפזוהן פון דער פערטער ווייב, אַלע ווייסען, אַז דערדאָזיגער שטיפזוהן איז אַ גנב, וואָס איז שוין צעהנדליגער מאָל געזעסען אין טורמע און אַז ער קאָן דערהרג'ענען אַ מענשען אין מיטען העלען טאָג. ווייזט ער זיך ביי משה'לען אין שטוב, נעהמען אַלע ציטערן, ווי שעפסען פאַר אַ וואָלף און די לויפענדיגע אויגען שפּילען איהם בעת-מעשה מיט בייזע אכזריות'דיגע פייערלעך. ער האָט שאַרפע אַרויסגערוקטע קינבאַקען און סאָפּענדיגע נאָזלעכער. אַז ער רעדט, פערדריקט ער די צייהן און שטעלט-אויס די פויסטען.

—ביי מיר איז אַ מעסער—און אין האַרץ אַריין!...—סאָפּעט ער מיט די נאָזלעכער, שטעהט אויף פונאַנדערגערוקטע פיס און קוקט-אָן זלמנ'ען, ווי אַ קאַץ, וואָס דערזעהט אַ מויז.

נאָר זלמן שרעקט זיך נישט פאַר איהם. די קליינע קורצזיכטיגע אויגען זיצען איהם רוהיג אונטער'ן שטערען און ער שמייכעלט קוים צום זעהן. איינער שמייכעלט און איינער רוקט זיך מיט די פויסטען, אָבער עס ענדיגט זיך שטענדיג דערמיט, וואָס דער גנב צולאַכט זיך סאַמע אין מיטען רציחה, כאַפּט-אָן זלמנ'ען פאַר'ן האַנד און שלעפּט איהם צו דער טהיר, שרייענדיג:

—פעטער, קומט, מיר וועלען מאַכען אַ שנאַפּס, זאָלען מירביידע אַזוי לעבען...

נאָר אַז זלמן קומט צוריק, זאָגט ער מיט אַראָבגעלאָזטע אויגען צו משה'לעס טאַטען:

— שמעון, אויף יענער וועלט איז דאָך פאַרהאַן אַ גיהנם האַ?— און עס פיהלט זיך אין זיין קול, אַז ער גלויבט נישט דערין.—אסור, אויב מען קאָן איהם גלייכען צו דעם גיהנם פון אַ ווייב...

און אַז משה'לעס מאַמע מאַכט אַ בעמערקונג דערויף, אַז

אַ מאַן איז מעהר גיהנם ווי אַ ווייב, קעהרט זיך זלמן אָן צו איהר גוטמוטיג און זאָגט ווייך אַרויס, ווי מען רעדט צו אַ קינד:

—דו שווייג, דו ביזט דאָך נישט קיין ווייב, נאָר אַ כפּרה-הינדעל...

משה'לעס מאַמע איז די איינציגע פרוי אין דער וועלט, פאַר וועלכער זלמן האָט עטוואָס דרך-ארץ.

—אָבער אַז דו האָסט פיינט ווייבער, וואָס האָסטו צו טהאָן מיט זיי?—פרעגט משה'לעס מאַמע מיט אַ שטאָך.

—איך האָב צו טהאָן מיט זיי?—זאָגט זלמן מיט אַזאַ טאָן, פּונקט ווי עמיץ וואָלט איהם פּלוצלונג אַ קלאַפּ געטהאָן איבער'ן קאָפּ—איך האָב צו טהאָן מיט זיי? פון מיינטוועגען, הערסטו, מעג אַראָב אַ פייער און זיי אַלעמען פערברענען, קיין שריד ופליט זאָל פון זיי נישט בלייבען... איך האָב צו טהאָן מיט זיי...

אָבער דער מאַמען איבערצייגט עס ווייניג. זי קאָן איהם צו-גוט און צו-לאַנג, און דעריבער גרייפט זי איהם אָן נאָך האַר-בער, נאָך ייטעכיגער, מיט דער גאַנצער גאַל פון אַ דערשלאָגע-נער און בעליידיגטער ווייב:

—איינע איז איהם ווייניג געווען... פיר ווייבער האָט ער בעדאַרפט... דער גרויסער בעל-פרנסה און דער געשטעלטער מענש... שעמען מעגסטו זיך...

דעמאָלט ווערט זלמן אַנטשוויגען, גיט זיך אונטער איינגאַנ-צען און בעט אַ גלאָז טיי מיט אַ פערשולדיגטער מינע, פּונקט ווי אַן'אָבגעשמיסענער יונגעל.

אויב זלמן איז אויפגעלעגט און ד'ערצעהלט נישט קיין מעשה'לע, שפּילט ער אויף אַ קעמעל. ער שפּילט מאַרשען, מיליטערישע מאַרשען, האַרטע, לאַנגע און שווערע, וואָס פּאַסטען זיך גאָרנישט צו די חנ'עוודיגע שמייכלענדיגע מעשה'לעך. זיין שפּילען דערמאָנט ווירקליך אָן די קלאַנגען פון אַ מיליטערישען אָרקעסטער, אָבער דאָך איז עפּיס לעכערליך, וואָס אַנ'אַלטער יוד בלאָזט מיט די באַקען און האַלט ביי די ליפּען אַ קעמעל מיט אַ שטיקעל דינגעם פּאַפּיר. משה'לע לאָזט דעמאָלס אַראָב די אויגען און שעמט זיך איהם צו קוקען אין פּנים אַריין.

—פערשטעהסטו נישט, וואָס אַ מאַרש איז...—זאָגט דער אַל-טער צום יונגעל, זעהענדיג, ווי דעם יונגעל נעהמט נישט זייך שפּילען.

—וואָס איז אַ מאַרש?—פרעגט משה'לע.

—אַ מאַרש?—זאָגט זלמן און קוקט איהם אָן אַ לאַנגע צייט אָהן ווערטער.—אַ מאַרש איז גבורה... דו פערשטעהסט?

צייטענווייז איז זלמנ'ען שווער צו פערשטעהן, ווי עס איז שווער צו פערשטעהן פאַרוואָס איז אַ מאַרש גבורה. נאָר אַז מען בעט איהם, ער זאָל פערטייטשען, וויל ער שוין גאָרנישט ענ-טפערן.

—דו ביזט אַ נאַר, פערשטעהסט?—און ער שטעלט-אָן די שטאַ-רע אויגען אויפ'ן מיטען שטוב מיט אַ מינע פון אַ בלינדען.

ער האָט ליב צו קאָקעטירען מיט זיין קורצזיכטיגקייט, און אויפ'ן זייגער, וואָס הענגט אויף דער וואַנד, קוקט ער דורך אַ רעהריל, וואָס ער מאַכט מיט דער האַנד און זאָגט שטענדיג אַ פערקעהרטע שעה.

—שוין גאָר בלינד... שוין גאָר בלינד...—קלאָגט ער זיך פאַר משה'לעס מאַמען מיט הנאה און גאוה,—איך זעה שוין גאָר-נישט... ווייסט, פּייע, ווען איך וואָלט געהאַט געזונדטע אויגען, וואָלט איך נאָך געגאַנגען קיין קיעוו...

אין קיעוו האָט זלמן אַמאָל געאַרבייט סטאָלעריי. סטאָלע-ריי איז אייגענטליך זיין פאַך, אָבער ער אַרבייט קיינמאָל נישט. אין קיעוו האָט ער עפּיס יאָ אַ לענגערע צייט געאַרבייט און נישט שלעכט געלעבט. ערינערונגען פון קיעוו האָט ער אַ סך, אָבער אַז ער דערצעהלט זיי אַמאָל, קומען זיי אויס ווי מעשה'-לעך און נישט ווי לעבען. זיין קאָפּ איז שוין, וואַהרשיינליך, אַזוי געבויט געוועז, אַז אַלץ איז דאָרט פערוואַנדעלט געוואָרען אין מעשה'לעך, אפילו זיין אייגען לעבען אויך. אין זיין קיעוו-פעריאָד האָט ער איינמאָל, לויט ווי ער דערצעהלט, גענעכטיגט אַ גאַנצען חודש צייט אין אַ געדיכטען וואַלד, ווייט פון קיעוו, אויפ'ן שפּיץ פון אַ הויכען בוים און איבער זיין קאָפּ האָט אַלע נאַכט זיך אומגעדרעהט אַ סאָווע. און אין אַ צווייטען פאַל האָט

ער איינמאָל אַ כאַפּ געטהאָן אַ ריזיגען קאַצאַפּ, וואָס האָט איהם דערעסען, און איהם שיער נישט דערשטיקט. ביים קאַצאַפּ זענען אַרויסגעשפּאַרט געוואָרען די אויגען און די צונג און ער האָט אויפגעהערט צו אָטעמען, און דריי רובל האָט זלמן שטילערהייד בעצאָהלט אַ פעלדשער, וואָס האָט איהם אָבגעראַטעוועט מיט הייסען אַרבעס.

אויף משה'לען האָבען דידאָזיגע מעשיות געמאַכט אַ שטאַרקען רושם, ווי אַלץ, וואָס האָט נאָר געהאַט אַ שייכות צו דעמדאָזיגען יודען. נאָכדעם פלעגט איהם שוידערן פון זיי און דער צושפּילטער דמיון פלעגט איהם נעהמען מאָהלען די שרעקליכסטע סצענעס און בילדער, פערוועבט מיט זלמנ'ס געשטאַלט.

פון זלמנ'ס סטאָלעריי פלעגט משה'לע געניסען פּורים אַ גראַגער און די מאַמע אַ וואַלגערהאָלץ. משה'לעס טאַטע פלעגט נאָר פאַרבייגעהענדיג, פון דער זייט, אַ קוק טהאָן אויף זיי און פלעגט שטענדיג זאָגען איינס-און-דאָסזעלבע:

—דאָס האָט געמאַכט אַ פּאַרטאַטש.

צו אַכט יאָהר האָט שוין משה'לע אינבעוואוסטזיניג געשפּירט, אַז דער ענין פון שלאָגען המנ'ען איז עפּיס נישט קיין אָנגענעהמער. שלאָגען קאָן מען בלויז אַ לעבעדיגען און דאָס נישט אַלע יאָהר, נאָר איין מאָל. ווי אַזוי-זשע אָבער שלאָגט מען אַ טויטען, אַ געהאַנגענעם, און נאָך אַלע יאָהר דערצו?

און אויף זיין אייגענער פעראַנטוואָרטליכקייט פלעגט ער שטילערהייד אַרייננוואַרפען דעם גראַגער אין אויווען אַריין און זיך בעת מעשה קוויקען מיט'ן פייער, וואָס פלעגט לאַנגזאַם אַרומלעקען דאָס האַרטע אָלכע-האָלץ.

פון אַלע דערוואַקסענע מענשען אין שטוב איז זלמן דער איינציגער, וואָס גיט זיך אָב מיט משה'לען, וואָס געהט מיט איהם שפּאַצירען און דערצעהלט איהם מעשה'לעך. אין אַ געוויסען זין איז ער זיין מדריך, זיין דערציהער, אָבער עס קאָן זיין, אַז דער יוד מיט'ן ווייבערשען פּנים האָט איהם עטוואָס קאַליע געמאַכט, וואָרום ער האָט אין איהם פערשטאַרקט די אָנגעבוירענע בייגונג צו חלומות, צו מעשה'לעך, צו איינזאַמע מחשבות און

האָט געמאַכט אַ מחיצה צווישען איהם און דער לעבעדיגער וועלט. ער האָט איהם איינגעגעבען דעם פיינליכען געדאַנק, אַז אויף מענשען איז נישטאָ וואָס צו קוקען, אַז ריידען און עסען זענען איבעריגע זאַכען, אַז ווייבער זענען ערגער פון חיות און אַז אַ מענש דאַרף לעבען נאָר מיט זיך אַליין, איינזאַם, בעזונדער, אָבגעטיילט און אָבגעשיידט פון אַלץ און אַלעמען. ער האָט איהם צו-פריה בעקאַנט געמאַכט מיט'ן רייז פון דמיון, וואָס בעדאַרף זיין אַ לייכט און מחיה'דיג שיפעלע אויף די קאַלטע גרויע וואַסערן פון לעבען, און דעריבער, אַז משה'לע פלעגט טיילמאָל נישט קאָנען איינשלאָפען ביינאַכט און פלעגט קוקען מיט אָפענע אויגען אין דער דושנער פינסטערניש אַריין, פלעגט איהם עפּיס צוטרעטען צום האַלז און איהם פלעגט זיך וועלען וויינען. איהם פלעגט זיך וועלען וויינען דערויף, וואָס עס איז דאָ אַזאַ גרויסער אונטערשיד צווישען לעבען און חלום, צווישען מענשען און מעשה'לעך. אַלץ, וואָס עס איז דאָ אין דמיון, איז ליכטיג און שען און אַלץ, וואָס מען קאָן זעהן מיט די אויגען, איז מאוס און שלעכט. און דעמאָלט פלעגט ער שטומערהייד בעטען גאָט, ער זאָל איהם אָהן וועהטאָג צונעהמען צום ווייסען זיידען אברהם אבינו און צו דער וואַרימער האַרציגער מוטער רחל—די סאַמע ליבסטע געשטאַלטען פון זיין הערצעל—אויף יענער וועלט, אויפ'ן הימעל, וואו עס איז דאָ אַ גן-עדן מיט די שענסטע ביימער און די שענסטע זינג-פויגעל און עס ווערט דאָרט געלעבט לויט'ן דמיון. דאָרט איז דאָ בלויז דמיון, דאָס הייסט ליכט און שטראַהלען, געזאַנג און שמחה, און אַלץ איז פערגאָסען מיט גאָטס שמייכעל. קיין ערד איז דאָרט נישטאָ. און אָט די בקשה צו גאָט איז געווען איינער פון זיינע גרעסטע סודות, וואָס ער האָט אפילו שיינדעלע'ן קיינמאָל נישט דערצעהלט, וואָרום ער האָט דאָך געפיהלט, אַז אַ מענש בעדאַרף בעסער וועלען לעבען, איידער שטאַרבען.

דער אַלטער האָט דעם יונגעל געגעבען דעם שליסעל צום דמיון—צו יענעם גאָלדענעם פּאַלאַץ, וואָס באָדט זיך אין אַ ים פון ליכט און פאַרבען, און דאָס יונגעל איז פערבליבען דער

טרייעסטער דינער פון דעמדאָזיגען פּאַלאַץ. אָבער די ליבע פּונ'ם יונגעל צום אַלטען איז געשטיגען פון שעה צו שעה און ער האָט שוין געקאָנט יעדע קלענסטע בעוועגונג זיינע, יעדע קלענ-סטע תּנועה און יעדען פערבאָרגענסטען פערלאַנג, ווי דאָס קאָן נאָר אַ מענש אָדער אין גרויס ליבע אָדער אין פיינטשאַפט.

דאָס יונגעל דערקאָנט שוין אָן זלמנ'ען, ווען ער איז נוטה צו דערצעהלען אַ מעשה'לע. די סימנים זענען, איבעריגענס, גאַנץ איינפאַכע: זלמן, דער רוהיגער פערגליווערטער זלמן, הויבט זיך אָן שטאַרק בעוועגען און די שטאַרע קורצזיכטיגע אויגען זוכען עפּיס אַרום זיך. אפנים, אַז דאָס מעשה'לע אַליין בעט זיך, וויל אַרויסלויפען פון תּפיסה און געניסען אַביסעל פרייע לופט, און זלמן קאָן עס שוין מעהר נישט איינהאַלטען. ער מוז עפענען די טהירלעך פון קאָפּ און אַרויסלאָזען עס, ווי מען לאָזט-אַרויס אַ טויב. על-פּי-רוב געשיהט עס פאַרנאַכט, בשעת קיינער איז נישטאָ אין שטוב און די רויטע הימלען גליהען ווי מידע פייערן איבער די ווייטע הויכע דעכער פון שטאָדט. דעמאָלט לויפט משה'לע נאָך שיינדעלע'ן, פיהרט זי איילינג אַריין אין שטוב און רוימט איהר איין אויפ'ן אויער:

—זלמן האָט עפּיס... ער וועט באַלד דערצעהלען...

אין שיינדעלעס גרויע אויגעלעך פּאַלען-אַריין אַ סך גלאַנ-ציגע שפּיזעלעך, אַ קינדיש-ווייכער שמייכעל צוקט איהר די ראָזע אויסגעשאָרענע ליפּלעך אויף די יונגע ווייסע צייהנדלעך און זי פרעגט מיט אַ פערהאַקטען אָטעם:

—משה'לע, ער וועט דערצעהלען מיט פּערל און ברילאַנ-טען, צי מיט אַ שפּאַרבער אַ פערדאַרבער?..

—שווייג...—ריהרט זי משה'לע אָן ביי דער האַנד.—ער וועט שוין אַלץ דערצעהלען...

און דער אַלטער זלמן פערשטעהט שוין די קינדער. דאָס איז אַ שטומער אָבמאַך: זיי ווילען הערען און ער בעדאַרף דער-צעהלען. און אָט זיצט שוין אַ גרופּע: זלמןביים ראָג טיש מיט אַ טיפען קורצזיכטיגען בליק, וואָס געהט צוריק אין אויג און קוקט-אַריין אין זיך, און די צוויי קינדער אַנטקעגען, מיט אַראָפּ-

געהאַנגענע דינע פיסלעך, מיט אויפגעהויבענע אָנגעשטרענגטע
פנים'לעך, בלאַס פון נייגיריגקייט און אויפרעגונג. פונקט אַנ-
טקעגען, אויף דער וואַנד, זיצען דריי שאָטענס, וואָס זענען עהנ-
ליך צו בערען: איין בער אַנ'אַלטער און זעהר אַ האַריגער און
צוויי קליינינקע.

נאָר זלמן שווייגט פריהער אַ לאַנגע צייט מיט יענעם מין
שווייגען פון אַ מענשען, וואָס זעהט גאָרנישט אַרום זיך. אַפּנים,
אַז דאָס מעשה'לע שפּאַרט זיך און פערשאַפּט איהם אינערליכע
אַנגסטען. דערנאָך אָבער דערצעהלט ער זעהר שטיל און געצוי-
גען, פונקט ווי ער וואָלט ריידען צו זיך אַליין:

—אויפ'ן גרויסען ים אַנ'אָקרענט, און דער אָקרענט טרינקט
זיך...

און ווידער שווייגט ער ווײַלע, פונקט ווי דאָס לעצטע
טהירעלע אין קאָפּ וואָלט נאָך אויפגעהאַלטען אויף אַ רגע דאָס
מעשה'לע. נאָר אָט פליהט עס שוין אַרויס לייכט און פריי און
אַנ'אָבשטעל:

—...יאָ, אויפ'ן גרויסען ים אַנ'אָקרענט און דער אָקרענט
טרינקט זיך...

און מיט בלויע אויגען און מיט גאָלדענע האָהר זיצט אַ
בת-מלכה אין אָקרענט.

און בלאַס איז זי און קינדיש איז זי און אין איהרע בלויע
אויגען, ווי בלויע קאָרנבלימלעך ידער ווי הימעל, שווימט-אום אַ
קלייז וואָלקענדעל שרעק...

פון אַלע זייטען—ים און געוויטער, אינדען שפּרינגען אי-
בער אינדען, ווי ווייסע ווילדע פערד מיט צולאָזענע גריוועס, און
תהומות פּלעכטען זיך מיט תהומות, ווי די ערד וואָלט אויפגע-
עפענט טויזענדער דורשטיגע מיילער

סאַמע ביז'ן טונקעלען הימעל דערגרייכט דאָס וואַסער-פּאַ-
טשעריי, דאָס וואַסער-געלעכטער, דער ווילדער וואַלען-טאַנץ, און
עס דאַכט זיך, אַז שדים, רוחות און נישט-גוטע פון אַלע וועלטען
פּראָווען אַ חתונה...

אָבער דאָס איז געווען די לעצטע מינוט פון הימעל, ערד און לעבען.

וואָרום דער בורא-עולם האָט צוגענומען זיין קרוין, געהייסען פערפּאַקען זיין כסא-הכבוד און די אַלטע ערד מיט'ן אַלטען לעבען האָט ער אָבגעגעבען דעם רוח.

—נאַ, האַלט דיר דאָס, אויב דו ווילסט.

דערנאָך האָט ער צונויפגערופען זיינע ליבסטע מלאכים און האָט זיך איבערגעצויגען אויף אַ נייעם הימעל איבער אַ נייער ערד, נעהנטער צו דער זון, און דאָ האָט זיך דער רוח ווילד צולאַכט דורך אַלע ימים.

ער האָט געוואָרפען ימים אויף ימים, וואַסער-בערג אויף וואַסער-בערג, ער האָט זיי צעוויגט, צושאָקעלט און צוטרויסעלט אין דער טונקעלער לופט, צושאָטען אויף מיליע-מיליאָנען טראָפּעלעך און בעת-מעשה ווילד און הילכיג אַריינגעלאַכט אין דער מורא'דיגער וואַסער-פּאַטשעריי...

און אָט האָט זיך דער אָקרענט אַנידערגעלעגט אויף אַ זייט און דער שפּיץ האָט גענומען זינקען. נאָך אַ מינוט, נאָך אַ רגע— און אַ וואַסער-מויל וועט איהם איינשלינגען, ווי אַ שפּאַרבער אַ פויגעלע.

די מענשען אויפ'ן אָקרענט זענען צוגעפאַלען מיט'ן פּנים צום דעק. אַנדערע האָבען גענומען געהן מיט'ן קאָפּ אַראָב און מיט די פיס אַרויף און מאַנכע האָבען זיך געצאַפּעלט אויפ'ן רוקען, מיט אויפגעהויבענע הענד און פיס, פונקט ווי איבערגעקעהרטע שרצים, און האָבען זיך גישט געקאָנט אויפשטעלען. אַלט און יונג, קליין און גרויס האָבען געיאָמערט און געשריען, און דידאָזיגע קולות האָבען, ווי קליינע נאָדעלעך, דורכגעשטאָכען דעם אימה'דיגען וואַסער-גערויש.

נאָר אָט האָבען פלוצלונג אַ פּאָך-געטהאָן צוויי שניי-ווייסע פליגלען, און די בת-מלכה מיט די גאָלדענע האָהר האָט דערזעהן אַ מלאך, וואָס איז געשטאַנען אַקוראַט איבער איהרע אויגען, עטוואָס העכער פונ'ם שיפדעק.

לויט זיין אָטעמען מיט די קליינע ראָזע נאָזילעכער און לויט

די שפּיצען פון זיינע שניי-ווייסע פליגלען, איז געווען קענטיג, אז ער האָט איילינ דורכגעמאַכט אַ לאַנגע און אַ שווערע נסיעה פון הימעל אויף דער ערד.

„זעץ זיך אויף מיינע פליגלען,—האָט ער געזאָגט,—איך וועל דיך מציל-זיין. איך וועל דיך אַוועקטראָגען אין אַ נייער וועלט מיט אַ ניי לעבען, און גאָט זיצט דאָרט אויף אַ נייעם הי-מעל. דידאָזיגע וועלט איז נאָהנט צו דער זון... צו פינף זונען... צו צעהן זונען... צו טויזענד זונען...

נאָר דער בת-מלכה׳ס קינדיש געזיכט איז בעצויגען געוואָ-רען מיט אַ טרויער:

—פאַרוואָס נאָר מיך?—האָט זי שטיל געפרעגט.—און די אַלע זאָלען דערטרונקען ווערען?

און איהרע אויגען, ווי צווי קליינינקע רעדעלעך הי-מעל, זענען פערוואָלקענט געוואָרען.

—קלויב דיר אויס דעם בעסטען. מעהר ווי צוויי נעהם איך נישט.

די בת-מלכה האָט אַ ווײַלע געטראַכט און דערנאָך שטיל געזאָגט:

—דעם ערגסטען.

דער מלאך האָט געשוויגען.

דער ערגסטער מענש איז געווען אַ קליינינקער און אַ שוואַרצער, מיט שפּיציגע אויגען און האַרטע בייניגע הענד. די-דאָזיגע הענד האָבען אַמאָל די אייגענע מוטער דער׳הרג׳עט.

ער האָט נישט געקאָנט ריידען—ער האָט נאָר געקאָנט לאַכען מיט אַ הייזעריגען דראָבנעם געלעכטער און בשעת-מעשה האָט זיך געדאַכט, אַז אַ גזלן שניידט ערגעץ עמיצען דעם האַלז...

און אָט האָבען זיך ביידע געזעצט ביים מלאך אויף די שניי-ווייסע פליגלען: איינער שוואַרץ, ווי דער אָבגרונד אין ים. דער צווייטער קלאָר, ווי גאָטס שמייכעל; איינער מאוס, בע-וואָקסען און שוואַרץ, ווי אַ פערלאָזטע חיה, דער צווייטער לייכט און לופטיג ווי אַ וואָלקענדעל, ווי אַ שבועות-ווינדטעלע, ווי אַ שוועלבעלע.

דער מלאך האָט זיך אויפגעהויבען און רעכטס און לינקס איז זיי דורכגעלאָפען אַ ווינד בײַ די באַקען. זיי האָבען צוגע־מאַכט די אויגען און זיך לייכט, אָהן גערויש, געטראָגען צווי־שען נעבעל און ערד, אָבער פון אונטען איז זיי נאָכגעלאָפען דאָס וואַסער־פּאַטשעריי, פּונקט ווי אַ בייזע חיה און דעם רוח׳ס געלעכטער האָט געקלונגען אין די אויערן, ווי אַ ריזיגע גלאָק.

זיי זענען לאַנג געפלויגען מיט צוגעמאַכטע אויגען, אָבער דערנאָך, אַז זיי האָבען די אויגען געעפענט, האָבען זיי דערזעהן אַ נייע וועלט מיט נייע מענשען און אַ הימעל מיט נייע פאַרבען.

פון דעמדאָזיגען הימעל האָבען אַרויסגעלויכטען בלויע, רויטע און גרינע זונען...

אויף דער נייער ערד זענען געוואַקסען אונבעקאַנטע הויכע צוצווייגטע בוימער, בעלאָדען מיט די שמעקעדיגסטע פּירות און אונטער זיי זענען געזעסען ראָז־הויטיגע מענשען מיט ליכטיגע אויגען און געלאַכט מיט אַ זילבערנעם געלעכטער.

בײַ מאַנכע אויף די קעפּ איז געשטאַנען אַ ווייס פויגעלע מיט צוגעמאַכטע אויגען, און פון זיין שנאָבעלע האָט אַזוי ווי געקאַפּעט מיט ליכטיגע טראָפּענדלעך אַ ווייך, האַרציג זמר׳ל...

אויף דער ערד זענען געלעגען רויטע, גרינע, בלויע שטראַה־לען, וואָס האָבען זיך געפלאָכטען אין איינאַנדער, און זי, די ערד, האָט אויסגעזעהן ווי פאַרביג גלאָז געגען אַ פייער.

אָבער אויף דערדאָזיגער נייער ערד איז אפילו די לופט געווען אַ נייע: זי האָט געזעטיגט, ווי גוטע שפּייז און פער־שכור׳ט, ווי טייערער וויין.

און אפילו שטיינער האָבען אויסגעזעהן גליקליך. אויף אַלץ איז געלעגען אַ שטראַהל פון גליק: פון אַ מענשען ביז אַ בוים, פון אַ פויגעל ביז אַ גראָז, פון אַ קינד ביז אַ שטיין.

די שטראַהלען פון גליק האָבען זיך געהאַלטען אויף דער ערד אַזוי זיכער און פעסט, ווי דאָס ליכט פון טאָג, ווי דער בוי פון די הימלען.

און צאַרטע שטילע קלאַנגען זענען געפאַלען אויף דער ערד, ווי אַ זון־רעגענדעל, און מען האָט בשום אופן נישט געקאָנט

וויסען פון וואַנען זיי געהען און וואו איז זייער קוואַל.

זלמן האָט נאָר אויף איין רגע אָבגעצויגען דעם אָטעם אַ פינטעל געטהאָן מיט די אין זיך פערקוקטע אויגען און ווייטער דערצעהלט:

דער מלאך איז אַרויפגעפלויגען אויף די פאַרביגע הימלען-אָבגעבען גאָט אַ ראַפּאָרט פון זיין שליחות, און די בת-מלכה מיט'ן גזלן האָבען זיך אַנידערגעזעצט אונטער אַ בוים מיט גאָל-דענע פּירות.

די בת-מלכה האָט זיך פערקוקט אויף די נייע זונען, וואָס האָבען געשאָסען פון הימעל מיט פייערדיגע פאַרבען, און דער גזלן איז לאַנגזאַם איינגעשלאָפען.

לאַנג האָט די בת-מלכה געקוקט אַנ'אומעטיגע צו די זונען און לאַנג האָט דער גזלן געשלאָפען. און דערנאָך, אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער געהאַט אַ בלאַס איידעל געזיכט.

—קינד, האָט ער פלוצלונג געזאָגט צו דער בת-מלכה— איך האָב אַמאָל מיין אייגענע מוטער דער'הרג'עט און אַ קינד פערברענט... אָבער יענער, וואָס האָט עס געטהאָן, איז געווען אַנ'אַנדערער, נישט איך. איך בין איצט אַרויס פון יענעם, ווי אַ שטראַהל פון אַ וואָלקען. און מיר איז גוט. דיר איז אויך אַזוי גוט?

די בת-מלכה האָט איהם נישט געענטפערט. אָהן ווערטער האָט זי אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף זיין אַקסעל און געווען איז זי נאָך בלאַסער, ווי אויפ'ן אָקרענט. די בלויע אויגען האָבען זיך איהר געשאָטענט פון אומעטיגע מחשבות און אויף די ליפּלען האָט זיך איהר געלעגט אַ רחמנות'דיג וויין-קנייטשעלע.

שפּעטער, אַז אויפ'ן נייעם הימעל האָט זיך בעוויזען דער ערשטער גאָלדענער שטערען, וואָס האָט אויסגעזעהן ווי אַ גרויסע קרוין אויף אַ ריזיג-גרויסען טיש פון בלויען גלאָז, איז ווידער געקומען דער מלאך. די בת-מלכה האָט פון דאָסניי דערשפּירט דעם קיהלען פאָך פון די צוויי שניי-ווייסע פליגלען.

ער איז געבליבען שטעהן אַנטקעגען זיי, עטוואָס העכער פון דער ערד.



—גאָט האָט מיך געשיקט פרעגען, וואָס פעהלט אייך. פּוּ

יענער פערשאָלטענער ערד זענען געקומען צוויי: דער בעסטער און דער ערגסטער. אָבער דער ערגסטער איז שוין איצט אויך דער בעסטער. ער איז אַזוי ווייט פון שלעכטס און זינד, ווי די נייע ערד פון דער אַלטער. נו, וואָס פעהלט אייך?

דער געוועזענער גזלן האָט אַרויפגעלעגט די הענד אויפ'ן האַרצען, אויפגעהויבען די אויגען צום הימעל און אַרויסגעזאָגט שטיל, ווי אַ תּפילה:

—מיר פעהלט גאָרנישט. איך בין גליקליך.

אָבער דער בת-מלכּה זענען די אויגען פערלאָפען געוואָרען פלוצלונג מיט קינדישע טרעהרען, זי האָט זיך אויפגעהויבען און ציטריג געזאָגט:

—פיהר מיך צוריק צו דער פערשאָלטענער ערד... מלאך ליבער, מלאך קרוין, איך וויל אויף דער ערד...

—צו וואָס?—האָט איהר דער מלאך אָבגעווישט מיט אַ שניי-ווייסען פעדער די טרעהרען.—דאָרט געוועלטיגט איצט דער רוח. ער האָט שוין די ערד אויף שטיקלעך צובראָכען. שוין אודאי קיין זכר נישטאָ פון דער ערד. פאַרוואָס ווילסטו צוריק אַהין, אין טויט און וויסטעניש און רוח-געלעכטער. הויב-אויף די אויגען, און זאָלען זיי דיר ליכטיגער ווערען און בעדאַנק גאָט דערפאַר, וואָס דו ביזט אויסגעלייזט געוואָרען פון דער פערשאָל-טענער זינדיגער ערד.

—אָבער איך וויל אויף דער ערד... נעהם מיך צוריק אויף דער ערד,—האָט די בת-מלכּה געבעטען און נייע קינדערשע טרעהרען האָבען זיך איהר געוויזען אויף די בלויע פערשאָטענטע אויגען.

—בעדאַנק זיך,—האָט דער מלאך געזאָגט.

—ניין,—האָט זי געמאַכט אַ פּאָר טריט און האָט פונאַנ-דערגעשפּרייט דעם מלאך די פליגלען אויפ'ן רוקען.

אָבער ער האָט זיך איהר לייכט אַרויסגעגליטשט פון די הענד, ווי אַ ווינדטעלע, און איז אַוועקגעפלויגען אויפ'ן הימעל.

און די מענשען, וואָס זענען דערביי געזעסען אונטער די בוימער, האָבען איינאַנדער געפרעגט:

—וואָס האָט דאָ געטהאָן דער מלאך, וואָס פאַר אַ שליחות האָט ער געהאַט?

און מאַנכע האָבען געענטפערט:

—וועניג מלאכים זעהען מיר אַ טאָג? וואָס חדוש'ט אייך דער איינער?

דער מלאך איז באַלד צוריקגעקומען, און נאָך איידער ער האָט זיך צוגעשטעלט, האָט ער שוין געהאַט אויסגעשפּרייטע פליגלען.

—זעץ דיך,—האָט ער געזאָגט.

און אָט איז די בת-מלכה געפלויגען צוריק פון דער שע-נער נייער וועלט צו דער זינדיגער שוואַרצער ערד.

און ווידער האָט זיך געטראָגען אַ ווינד רעכטס און לינקס ביי די באַקען און ווידער האָט זי געהאַלטען צוגעמאַכט די אוי-גען. נאָר איצט האָט זי נישט דערקאָנט די ערד: נישט געווען קיין וועלדער, נישט קיין טייכען, נישט קיין בערג און נישט קיין שטעדט. אַלץ איז געווען צונויפגעוואָרפען אינאיינעם, ווי אַ גרויסע בעל-הבית'ישקייט נאָך אַ שרפה. און אויבען איז קיין הימעל נישט געווען.

ערגעץ אין אַ ווינקעל האָבען זיך געטוליעט די לעצטע צעהן מענשען מיט אַרויסגעשפּאַרטע אויגען פון שרעק. אַרום און אַרום האָט געפלאַצט און געקנאַקט די ערד און אין די אויערן האָט געקלונגען ווי אַ ריזיגע גלאָק דעם טייוועלס ווילדער גע-לעכטער.

דערדאָזיגער געלעכטער איז געווען דער טויט, דער פיינ-ליכסטער סוף פון אַלץ און אַלעם.

די בת-מלכה האָט געציטערט פון קעלט און שרעק, אָבער זי האָט זיך צוגערוקט צום הייפעלע מענשען, צוזאַמענגעדריקט ווי שאָף אין אַ ווינד. זי האָט אַריינגעשטעלט איהר שמאָל אַקסע-לע צווישען זיי און דעמאָלט האָבען זיי זיך היימליכער בעוועגט, און איינער האָט געזאָגט:

—שטעה מיט אונז, אונז איז וואַרימער געוואָרען. אַ לייכ-טערן טויט וועלען מיר כאָטש האָבען.

אונטער די פיס האָט זיך געבראָכֿען דאָס לעצטע שטיקעל ערד און עס האָט זיך געהערט, ווי איין ים פערטרינקט דעם צווייטען.

ימים מיט ימים ראַנגלען זיך, דער רוח האָט אַריינגעלעגט אין זיי זיין בייזען גאַל, און אָט האָבען די ימים געעפענט די מיילער און ווילען איינשלינגען איינאַנדער.

און פון דער ערד האָט זיך אָבגעטראָגען דאָס לעצטע ביסעל וואַרימקייט פון גאָט, פון די הימלען, פון דער פערלאָשענער זון...

נאָר אין דער אייגענער רגע, בשעת די פּאַטשעריי פון די וואַסערן און דער ווילדער געלעכֿטער פון רוח האָבען דערגרייכֿט די העכֿסטע מדרגה, האָט זיך דערטראָגען אַ ווייטער בת-קול, וואָס האָט ווי אַ וואַרימער גאָלדענער פּאַס דורכגעשניטען דעם שוואַרצען געררויש פון דער איינגעפּאַלענער ערד:

—רוח דו רוח, זאָל אויפהערען דיין געלעכֿטער און ווער אַנטרונען פון דער צוריסענער אויסגעמאַטערטער ערד!... גאָט קומט צוריק אויפ'ן אַלטען הימעל און זאָל פון דאָסניי אויפבליהען די ערד, ווארום דאָס שענסטע, וואָס גאָט האָט אין זיין אייביגקייט בעשאַפען—די בת-מלכה, טאָר נישט אומקומען מיט די לעצטע מענשען... רוח דו רוח, שטעל-אָב דיין שוואַרצע אַרבייט...

און אָט איז איבערגעריסען געוואָרען דעם רוח'ס געלעכֿטער, און אין דער ליכֿטיגער איינגעשטילטער לופט האָבען זיך פּלוצלונג בעוויזען מלאכים מיט לאַנגע טרומייטען אין די ראָזע מיילעכֿלעך: זיי האָבען געשפּילט גאָטס קומען צוריק אויף דעם אַלטען הימעל.

דער אַלטער הימעל האָט זיך פון דאָסניי אויפגעהויבען, ווי אַ בלויער פּרוכת איבער דער ערד, און אויף דער ערד האָבען זיך בעוויזען בערג און טהאָלען און טייכֿען און ימים און וועלדער, נאָך שענער, ווי פריהער.

און גאָטס וואַרימקייט האָט זיך פון דאָסניי דערשפּירט אויף דער אויסגעמאַטערטער ערד...

זלמן ווערט מיט אַמאָל אַנטשוויגען, פונקט ווי דאָס טהי-רעלע אין קאָפּ, וואו עס וואוינען זיינע מעשה׳לעך, וואָלט זיך פּלוצלונג צוגעמאַכט. אין שטוב איז שוין פינסטער, און אין דער-דאָזיגער פינסטערניש איז איינגעפאַסט זיין בלייך ווייבעריש פּנים, ווי אַ קאָפּ אָהן אַ גוף. און דאָס פּנים קוקט מיט שוואַרצע אוי-גענלעכער, אָנגשטאָט אויגען. אין שטוב דערהערען זיך טריט פון געקומענע מענשען. עס הערען זיך דעם טאַטענס בייזע ברייטע טריט און דער מאַמעס פער׳דאגה׳ט טופּען ערגעץ אין אַ ווינ-קעל. אָבער די דריי זיצען אונבעוועגט: אַנ׳אַלטער און צוויי יונגע. ביי די קינדער ליגען די הענדטלעך איבערגעוואָרפען אויף די אַקסעלעך, די הייסע בעקלעך צונויפגערוקט, די מיילעכלעך אָפען און די מחשבות טראָגען זיי האַסטיג און שנעל אויף יענער בייער שענער וועלט, וואו מענשען זיצען אונטער הויכע בוימער און עסען גאָלדענע פּירות.ביידע קינדער פערשטעהען נישט דעם זין פון׳ם מעשה׳לע, אָבער דאָך פיהלען זיי, אַז די בת-מלכה האָט גוט געטהאָן, כאָטש ביידע האָבען צער דערפון, וואָס זי האָט אַזוי געטהאָן...

משה׳לע האָט טויזענדער קשיות צו שטעלען זלמנ׳ען, אָבער זלמן זיצט ווי אַ גרויסע קאַלטע אויסגעלאָשענע קויהל. עס דאַכט זיך, אַז ער איז אַ טויטער, און אַז ווען מען זאָל איהם אַ שטויס טהאָן, וועט ער אומפאַלען, ווי אַ זאַק, אויף דער פּאָדלאָגע.

—וואָס צינדט מען נישט אָן קיין פייער און וואָס מאַכט ער דאָרט משוגע די קינדער מיט זיינע מעשיות...—זאָגט משה׳-לעס טאַטע און זיינע טריט דערנעהנטערן זיך צום טיש.

אין זיינע הענד דערהערט זיך אַ בייזער קריץ פון אַ זאַ-פּאַלקע איבער אַ קעסטעלע, און באַלד צולויפען זיך, ווי גנבים די שאָטענס פון די ווענד און עס ווערט אונהיימליך ליכטיג אין שטוב.

די קינדער זענען אָבגעגאָסען געוואָרען מיט קאַלטער ביי-זער ווירקליכקייט און אין שטוב האָט זיך דערשפּירט דער אָטעם פון דער זינדיגער ערד אָהן אַ גאָט.

# שבת.

## זיבעטעס קאַפּיטעל.

א ליבער, אַ זיסער, אַ מחיה'דיגער טאָג איז שבת! שבת רוהען ערד און הימעל, וואַלד און טייך, גראָז און בוים, מענש און חיה און אפילו דער בורא-עולם רוהט. שבת איז אַ לאַנגער און אַ גאָלדענער טאָג, פּונקט ווי גאָט וואָלט איינגעפּאַסט אין הימעל אַ נייע זון, אַ שבת'דיגע זון מיט נייעם ליכט און וואָלט צוגעגעבן דעם טאָג נאָך שעה'ן. שבת קלינגט אַ זיסע שטילקייט פון איין עק וועלט ביז דעם צווייטען, אַ שטילקייט, וואָס מאַכט ווייך אויף דער נשמה און ציהט-אַרויף אַ לייכט-פריינדליכען שמייכעל ביי אַלעמען אויף די פּנימ'ער, אפילו ביי די גוים. שבת זעהען-אויס די גוים, ווי יודען, און אָרימעלייט, ווי נגידים. שבת זענען נישטאָ קיין גנבים און קיין שלעכטע מענשען און אין אַ פריעמדער שטוב קאָן מען אַריין, פּונקט ווי אין אַנ'אייגענער. שבת ווייזט-אויס די שטאָדט, ווי איין הויז מיט איין משפחה און די גאַס—ווי אַ לאַנג צימער אין דעמדאָזיגען הויז. שבת קאָן מען פיהלען דאָ, אויף דער וועלט, ווי עס איז געוואָרען לעדיג און האַלט דער גיהנם אויף יענער וועלט, און אַז מען זאָל אויפהוי-

בען די אויגען, קאָן מען זעהן, ווי רשעים שפּאַצירען-אַרום מהנות׳ווייז איבער די בלויע וועגען פון הימעל און ציהען-אַב דעם אָטעם און רוהען זיך אויס פון זייערע גיהנם-יסורים. שבת גלעט די זון די באַקען און זי בעהעפט זיך מיט דער נשמה, און עס ווילט זיך נישט שרייען און עס ווילט זיך נישט בייזערן און עס ווילט זיך נישט טראַכטען קיין האַרבע און שווערע מחשבות, ווי זונטאָג, אָדער אַנ׳אַנדער טאָג אינדערוואָכען. רוהיג, מנוחה׳דיג, האַרציג, שבת׳דיג ווילט זיך זיין, ווי דער בוים, ווי דאָס גראָז אָדער ווי דאָס שבת-וועלכעלע אין טייך. אַלץ איז בעצוויגען מיט אַ שבת-שמייכעל און מיט שטילען שבת-ליכט. שבת, שבת, שבת—טריפט פון די בוימער און פון אַלע פיר עקען וועלט. שבת, שבת, שבת—גלעט די לופט, און די שטראַהלען צו-לעגען זיך אין דער נשמה, ווי די העלסטע און דינסטע מאַי-קלאַנגען.

אָבער אויף דעמדאָזיגען גאָלדענעם טאָג מוז מען וואַרטען גאַנצע זעקס טעג, און משה׳לען פּלאַצט טיילמאָל די געדולד. אין זיינע קינדערשע פּרעטענזיעס צו גאָט איז אפשר די סאַמע גרעסטע פּרעטענזיע די,—פאַרוואָס האָט גאָט בעשטימט בלויז איין טאָג שבת? וואָלט דען נישט גלייכער געווען, אַז שבת זאָלען זיין צוויי טעג אָדער דריי און אפשר די גאַנצע וואָך? וואָרום וואָס פאַר אַ רעה וואָלט גאָט געהאַט דערפון, ווען אַלע מענשען זאָלען רוהען און איבער דער וועלט זאָל זיין צוגאָסען איין שבת-לופט און איין שבת-שמייכעל?

שווער צו פערשטעהן גאָטס דרכים און מען מוז שווייגען. מסתמא וויים גאָט בעסער וואָס ער טהוט. אָבער פאַרוואָס קאָן זיך נישט בערוהיגען דאָס הערצעל און פאַרוואָס בונטעוועט דאָס יונגע מח׳ל? זעקס שלעכטע טעג האָט גאָט געגעבען און בלויז איינעם אַ גוטען. פאַרוואָס? וואו איז דער ענטפער דער-רויף?

אויף דערדאָזיגער פּרעטענזיע קריגט ער אָבער קיין ענ-טפער נישט, און ער מוז זיך בענוגענען מיט דעם איין טאָג, ווי עס בענוגענען זיך, נישט-ווילענדיג, אַלע דערוואַקסענע. באַלד

נאָך וואַרמעס שיטען זיך אַרויס פון די קליינע הויפלעך יודען, ווייבער און קינדער, און אַלע שפּאַצירען אויף די הילצערנע טראָטואַרען, פאַרביי די הויפלעך, לאַנגזאַם און שטיל, אָהן ווער־טער, פערטראַכט מיט שטילע שבת־מחשבות, און עפּיס עהנליכעס איז פאַרהאַן צווישען זיי און די הייזלעך און די איינציגע ביימ־לעך, וואָס זעהען זיך וואו־נישט־וואו: אַלץ איז צונויפגעגאָסען אין איין מנוחה. און לאַנגזאַם שיטען זיי זיך אָהן אויפהער פון די הויפלעך אויף די שמאָלע טראָטואַרען און רוהיג פינטלען זיי אין דער לענג פון גאַס, אין דעם גאָלד פון טאָג.

און לאַנגזאַם שפּאַצירט אויך משה׳לע מיט שיינדעלע׳ן. זיי געהען ווייטער און ווייטער מיט דער אייגענער טאָטערשער גאַס, וואָס ליגט הינטער די פרייע ברייטע פעלדער, ווי אַנ׳אָרימע קיך נע־בען ליכטיגע גרויסע זאַלען. פון די זייטיגע פעלדער, אַרומגעצוימט מיט לאַנגע הילצערנע פּאַרקאַנעס, וועהעט אויף זיי דער קיהלער ריח פון ראַסאַדע און יונגע מעהרעלעך. הויך אונטער׳ן הימעל דרעהען זיך שוועלבעלעך, פייפען אַזוי ווי מיט מעטאַלישע פיי־פעלעך און מאַכען דעם איינדרוק, ווי זיי וואָלטען נישט גע־פלויגען, נאָר לייכט געשליידערט געוואָרען, ווי קייליכלעך, פון אַ נישט־געזעהענער האַנד. אויף זיי קוקענדיג, צולאָזען זיך אויך די גרויע צובלאָזענע ווערבייטשיקעס: זיי וואַרפען זיך אויך אין לופטען אַריין, ווי גוטע שווימער אין אַ טיפען וואַסער, האַסטיג און פרעהליך, און שיקען פון וועג איינציגע ליכטיגע טרעלען.

ביים טייך בלייבט שטעהן די טאָטערשע גאַס און געהט נישט ווייטער. ביי די גאָלדיג־זאַמדיגע ברעגען ציהט זיך דאָס וואַסער פון טייך, ווי צוויי שנירעלעך און אינמיטען געהען קליינע, זילבערנע וועלכעלעך, פונקט ווי געשלייפטע און שטויסען איינע די אַנדערע און שפּילען מיט פּאַסיקלעך זון, פונקט ווי זיי וואָל־טען געשלונגען שטיקעלעך גאָלד.

דאָ, אַז מען געהט־אַריבער דעם טייך, הויבט זיך אָן דאָס שענסטע, וואָס משה׳לע האָט ביז אַהער געזעהן אין זיין לעבען: עס הויבט זיך אָן לודאַמענט. דאָס איז אַ גרויסע וויזע, בע־שאָטען מיט אַלערליי בלימעלעך, פונקט ווי אַנ׳אויסגענייהטע דע־

קע. איבער דער וויזע הענגט אַ גאָלדענער שבת און איבער'ן שבת — אַ בלויער הימעל מיט אַ זון אינמיטען. רעכטס שטעהט דעם גלח'ס גאָרטען מיט אַ לאַנגער שורה ליפּעס ביים שוואַרצען פּאַרקאַן, און דידאָזיגע ליפּעס זעגען אַזוי הויך, אַז זיי צוטיילען דעם הימעל אויף צוויי העלפט. און דאָרט, ווייט, לינקס, פּונקט געגענאיבער דעם גלח'ס גאָרטען, ליגען בעגראָזטע ערד-הייזלעך, און אַ קליינטשיק סאָלדאָטעל, פּונקט ווי אַ צאַצקע, אין אַ ווייסען העמדעל, שפּאַצירט-אַרום מיט אַ ביקס אויפ'ן אַקסעל. דער דערבייאיגער טייך געהט רוהיג און שטרענג זיין וועג מיט אַ קיהלען אָטעם און דער בלויער הימעל שוועבט-מיט מיט זיינע קלאָרע וואַסערן. אויבען הימעל, אין טייך הימעל, און ביידע קוקען זיך איבער ווי אַ טאַטע מיט אַ זוהן: דער הימעל—טאַטע, דאָס טייכעל—זוהן.

משה'לע מיט שיינדעלע'ן געהען ווייטער און ווייטער אין דער וויזע אַריין. פון יעדען בלימעל שלאָגט אַ בעזונדער ריח און דאָס גראָז דערגרייכט ביז צו די קניה, זיי זעגען מיד פון זון-ליכט, פון בשמים-ריחות און פונ'ם גרינעם גראָז-פּאַרב. זעצען זיי זיך אַנידער און דערשפּירען אַ מחיה'דיגע וואַרימקייט, וואָס געהט פון דער ערד דורך די גראָזען און בלומען. און מיט יעדען טראָפּעלע בלוט פיהלען זיי, אונבעוואוסטזיניג, אַזוי ווי חיה'לעך, אַז אויף דער וועלט איז גוט צו לעבען, אַז זיי זעגען אַ טייל פון הימעל, פון טייך און פון די גראָזען און אַז זיי זעגען אויך אַ טייל פון גאָט, וואָס האָט עס אַלץ בעשאַפען.

גוט איז צו זיין אַ משה'לע און אַ שיינדעלע אין אַזאַ שבת, אויף אַזאַ וויזע, נעבען אַ לאַנגען זילבערנעם טייך, וואָס ציהט זיך ווי אַ לעבעדיגער, אַ שטיל-ריידענדיגער, מיט שטיקער הימעל אויף זיינע קליינע שפּילענדיגע וועלכעלעך. דאָס קינדער-פּאָרעל פינטעלט לייכט און בעוועגליך אין דעם גרויסען דרויסען גאָלד, און אין זייערע אויגעלעך שלאָגט זיך אָפּ די זון און די מנוחה ןפון שבת. גאָט אַליין, וואָס רוהט אַ גאַנצען שבת, קוקט-אַרויס פון זייערע אויגעלעך. ביידע לעגען זיך אינ'ם שמעקעדיגען גראָז און קוקען, ווי ביהנען לויפען מיט אַ באַסיגען ברומען

פון איין בוימעל צו אַ צווייטען, ווי מהנות פליגען שטיפען אין זון און ליכט און ווי הויך אונטער׳ן הימעל דרעהען זיך שוועל-בעלען, ווי אין אַ טאַנץ, און פייפען ווי מיט מעטאַלישע פייפע-לען. סאַמע איבער זייערע קעפּ שווימען-אַרום קרעם-פאַרביגע שמעטערלינגען, פונקט ווי געמאָלטע און זייערע פליגעלעך זעגען עהנליך צו אַ האַלזבאַנד. פון ווייטען טרינקט זיך אינ׳ם גראָז און בלומען אַ קורצפיסיגער הונד און זיינע צוויי שוואַרצע פייכ-טע גליקליכע אויגען, מיט וועלכע ער קוקט זיך אַרום, וואו אַ שפּרונג צו מאַכען, ברענען פון ווייטען, ווי צוויי שוואַרצע פייע-ערלעך. צו אַ קליין הילצערן בריקעל, ביים טייך, איז צוגעבונדען אַ ווייס שיפעלע און לאַנגזאַם גליטשט עס זיך אַוועק פון ברעג און קומט צוריק, גליטשט זיך אַוועק און קומט צוריק, פונקט ווי אין אַ שפּיל, און נישט ווייט שטעהט אַ יונג גימנאַזיסטעל, אָהן אַ היטעל, אין אַ ווייס העמדעל, און האַלט אונבעוועגט אַ לאַנגע ווענדקע אין דער האַנד. פון צייט-צו-צייט ציהט ער אַרויס אויף זיין דינעם פאָדים אַ צאַפּעלדיג פאַסיקעל זילבער און באַלד נאָכ-דעם טהוט אַ פייף דער פאָדעם אין לופטען און פאַלט צוריק אין וואַסער אַריין. טריט-ביי-טריט, פונקט ווי איבער אַ גלאַט שמאָל ברעטעל, געהט פון בערגעל, נעבען גלח׳ס גאָרטען, אַ הויך בלאָנד קריסטליך מיידעל מיט אַ האַנטוך אויף די אַקסלען: אין לייכטע שוואַרצע שיכעלעך און שניי-ווייסע זאָקען געהט זי, מיט געמאָ-סטענע טריט, צו יענעם ווייסען הייזעלע, וואָס שטעהט אויף שי-טערע פאַליעס אין טייך. עטוואָס שפּעטער דערהערט זיך אַ לייכט וואַסער-געוויש, און אַז מען קוקט זיך צו אַהין, זעהט מען ווייסען שוים און אַ ראָז שטיקעלע לייב...

—משה׳לע,—זאָגט שיינדעלע פלוצלונג,—פערמאַך די אויגען, וועסטו זעהן גאָלדענע פויגעלעך...

און אַז משה׳לע ענטפערט נישט, רוקט זי צו איהר בע-קעל צו זיינעם און פרעגט:

—משה׳לע, מיר וועלען שטענדיג זיין אַזוי גוט?

—ווי?

—ווי איצט.

—מיינסט, ווי אַ שוועסטער מיט אַ ברודער?
—ווי אַ שוועסטער מיט אַ ברודער.
—שטענדיג.
—און אַלעמאָל וועלען מיר זיין צוזאַמען?
—אַלעמאָל.

שיינדעלע מאַכט-צו די אויגעלעך און לעגט-אַוועק דאָס וואַרימע בעקעלע אויף זיין האַלז.

—און, משה'לע,—פרעגט זי ווייטער מיט צוגעמאַכטע אויגען און אָטעמט איהם אויפ'ן האַלז,—וואָס וועלען מיר טהאָן, אַז מיר וועלען זיין גרויסע?

—מיר וועלען... מיר וועלען וואוינען אין אַ וואַלד.
—אַליין?
—אַליין...
—גאָר אַליין?
—אַליין. ניין, מיר וועלען מיטנעהמען זלמנ'ען...
—און דער מאַמען...
—און דער מאַמען.
—און דעם טאַטען...
—און דעם טאַטען.
—און אפילו חייקל'ען... דעם משוגע'נעם...
—און חייקל'ען.
—אַלעמען?..
—ניין, מיר וועלען זיין אַליין...
—האָסט דאָך ערשט געזאָגט, אַז אַלעמען?
—ניין, אַליין...
—בלויז מירביידע?
—מיר ביידע... שיינדעלע, מיר ביידע...

שיינדעלע הויבט-אויף דעם קאָפּ און פערטראַכט זיך מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג. דער גאַנצער הימעל ווערט קליין, ווי אַ פּינטעלע און פערקלייבט זיך צו איהר אין די אויגען אַריין.

—משה'לע,—פרעגט זי,—איז נאָך לאַנג צו וואַרטען?
—ניין...

—וויפיל יאָהר ?

—וויפיל יאָהר ?—משה׳לע פערטראַכט זיך און קאָן בשום אופן נישט בערעכענען.—אָבער דו ווייסט ?—רוימט ער איהר איין אויפ׳ן אויער,—מיר וועלען זלמנ׳ען פאָרט נעהמען צו אונז. ער וועט וואוינען מיט אונז צוזאַמען און וועט אונז דערצעהלען מעשה׳לעך... ער האָט אַזויפיל מעשה׳לעך... זלמנ׳ען מוזען מיר נעהמען.

—אָבער ווען וועט עס זיין ?—צוקען שיינדעלען די ליפּלעך פון אונגעדולד.

דער גימנאַזיסט ציהט-אַרויס פון וואַסער אַ צאַפּלענדיג פּאַ-סיקעל זילבער, דאָס הויכע בלאָנדע מיידעל געהט-צוריק פון באָ-דען זיך מיט׳ן האַנדטוך אויפ׳ן אַקסעל און מיט דיזעלבע גע-מאָסטענע טריט; דאָרט, ווייט, אַרום די בעגראָזטע ערד-הייזעלעך שפּאַצירט נאָך אַרום דאָס קליינינשקע סאָלדאַטעלע, פּונקט ווי אַ צאַצקע, אין אַ ווייס העמדעל מיט אַ ביקס; אונטער׳ן הייסען ליכ-טיגען הימעל דרעהען זיך שוועלבעלעך, ווי אין אַ טאַנץ, און נאָהנט צו דער ערד פלאַטערן אין לופטען קרעם-פאַרביגע שמע-טערלינגען, מיט פליגעלעך עהנליך צו האַלזבענדלעך. נאָר אַז מען מאַכט-צו די אויגען, זעהט מען באמת גאָלדענע פויגעלעך, דערנאָך רויטע, בלויע, גרינע און דערנאָך טויזענדער פייערלעך, וואָס צוקען און לעשען זיך און צינדען זיך אָן פון דאָסניי. און אויפ׳ן האַרץ איז לייכט, וואַרים און ליכטיג, פּונקט ווי דאָרט וואָלט געזעסען אַ שטיק זון, אַ טייל פון דער זון, וואָס גליטשט זיך איבער דעם בלויען שבת׳דיגען הימעל.

אַז די קינדער הויבען זיך אויף פון גראָז, רויטעלט זיך שוין דער הימעל, און די זון, ווי אַ גרויסער טעלער, אָנגעגאָסען מיט בלוט, נידערט פּאַמעליך אַראָב, פּונקט ווי זי וואָלט זיך גע-וואָלט אַרונטערגליטשען אונטער דער ערד. און וואָס ווייטער זי נידערט, אַלץ רויטער ווערט דער הימעל, וואָס זעהט-אויס ווי רויט גלאָז, הינטער וועלכען עס פלאַקערט אַ העליש פייער. אָבער אין דער פערטראַכטער לופט פאָכען שוין די טונקעל-זיידענע פליגלען פון פאַרנאַכט.

די קינדער געהען-אַרויס פון דער וויזע, וואָס ענדיגט זיך מיט איין ברעג ביים סאַמע הימעל, דאָרט, וואו עס פערגעהט די זון. דערדאָזיגער ברעג איז פערגאָסען מיט רויטען ליכט, ווי מיט רויטען ווייַן. איבער'ן קאָפּ טראָגען זיך שוין די ערשטע פלעדערמייז מיט אַזאַ אימפּעט, פּונקט ווי געוואָרפענע שטיינדלעך פון אַ שרעקליכער הויך. אָבער אויך אַזוי שנעל בעוועגען זיך אונטער'ן הימעל די שוועלבעלעך, וואָס דערפּייפען איצט זייער לוסטיג און פרעהליך ליד. זיי פּייפען און טאַנצען אין דערלופטען, ווי קליינע שוואַרצע מלאכים'לעך אַנטקעגען דעם הייסען דורכזיכטיגען בלוט פון דער אונטערגעהענדיגער זון.

שיינדעלע געהט משה'לען ביי דער זייט, און אין איהרע ברוינע שוואַרצאַפּלען ברענען צוויי רויטע פּינטעלעך. רויטע שטראַהלען פלאַטערן איהר אויפ'ן קליידעל, אויף אַ באַק און אויף איין זייט העלזעל. משה'לע קוקט זי שווייגענדיג אָן און דאָס ערשטע מאָל פאַלט איהם איין, אַז זי איז שענער פון די וויזעבלימעלעך און נאָך שענער פון דעם זונאונטערגאַנג. דאָס דערשרעקט איהם עטוואָס. איהם דאַכט זיך, אַז זי אונגאַטירליך שען און אונבעוואוסטזיניג שפּירט ער, אַז דידאָזיגע שענקייט קאָן אַמאָל זיין אַ רעה פאַר איהם.

—שיינדעלע...—זאָגט ער—לאָמיר געהן פּאַמעלעך... וואָס איילסטו זיך?

איהם דאַכט זיך, אַז זי איילט, אַז עס ציהט איהר פאָרט אויס און אַז ער קאָן פערבלייבען הינטערשטעליג. אָבער איהם בערוהיגט איהר שמייכעל און די צוויי גרויע אויגען מיט די רויטע פּינטעלעך. דידאָזיגע אויגען קוקען אויף איהם מיט גרויס ליבע און דער שמייכעל גלעט איהם נישט בלויז די באַק, נאָר אויך די נשמה. און ער פיהלט, אַז דאָס איז אַ שוועסטערל, אַ שוועסטערל נישט פון איין טאַטען און מאַמען, וואָס איז אָבער אונפערשטענדליך ליבער פון אַ טאַטען און מאַמען און ליבער פון אַלץ אין דער וועלט. דאָס איז אַ שוועסטערל, וואָס איז אַ טייל פון איהם. איהר בלוט, איז זיין בלוט, איהר האַרץ, איז זיין האַרץ און אַז ווען ער זאָל זי פערלירען, וואָלט ער אויך פאַר-

לוירען דאָס טאָג-ליכט פון די אויגען. ער וואָלט דעמאָלט בלינד געוואָרען אויף די אויגען און אויפ'ן האַרץ.

—שיינדעלע...—זאָגט ער—אויב דו ווילסט, ווענן מיר מאָרגען אויך געהן אַהער.

—אָבער מאָרגען איז דאָך נישט שבת,—קוקט איהם שיינדעלע טיף אין די אויגלעך אַריין, ווי אַ גרויסע.

—נו, איז וואָס? זונטאָג טאָר מען דען נישט?—געהמט ער זי אָן ביים הענדטעל.

—אָבער זונטאָג זענען דאָך שלעכט די גוים...—רוקט זי זיך נעהנטער צו איהם.

משה'לע ווייס נישט וואָס צו ענטפערן דערויף, אָבער באַלד שפּרינגט זי איבער גאָר אויף אַנ'אַנדער ענין און גיט אַ פרעג מיט אַנ'אינערליכען שמייכעל, ווי אַ מענש, וואָס וויל לאַכען פון גליק און האַלט זיך איין:

—משה'לע, וואָס האָסטו ליבער פון אַלץ אין דער וועלט?..

—דיך...—ענטפערט משה'לע מיט אַמאָל, האַסטיג און פערשטעהט נישט דאָס, וואָס ער ענטפערט, פּונקט ווי דאָס בלוט וואָלט אין איהם געענטפערט אָהן דער דעה פון זיין שכל.

—און איך האָב דיך אויך ליבער פון אַלץ,—עפענט זיך ברייטער דער קוואַל פון איהר אינערליכען שמייכעל און זי בעוועגט זיך, געהענדיג, מיט יונגע האַלבע בעוועגונגען און תנועות'לעך פון אַ שפּעטערדיגער גרויסער פריילין.—אָבער זאָג מיר, וואָס האָסטו נאָך ליב?

משה'לע פערטראַכט זיך עטוואָס און ענטפערט שטיל:

—שוועלבעלעך...

—שוועלבעלעך,—חזר'ט שיינדעלע איבער און זוכט זיי אויפ'ן הימעל,—שוועלבעלעך... נאָך מיר האָסטו ליב שוועלבעלעך...—זאָגט זי מיט אַזאַ מינע, פּונקט ווי זי וואָלט געווען אייפערזיכטיג צו זיי.

אָבער אין אַ ווייל אַרום פערטראַכט זיך משה'לע און זאָגט מיט אַ טאָן פון אַ בעל-תשובה:

—אָבער גאָט האָב איך ליבער פון דיר, שיינדעלע...

דאָס בעליידיגט זי נישט: זי ווייס, אַז גאָט בעדאַרף מען ליבער האָבען פון אַלץ, דאָך אָבער שטעלט זי דעם פּוס שוין נישט אַזוי האָפּערדיג, ווי פריהער.

נאָך דער לוראַמענט-בריק, אַז זיי געהען-אַריין אין דער לאַנגער טאָטערשער גאַס, וואָס ליגט שוין אין קיהלע שאָטענס, שטעלט איהם שיינדעלע פּלוצלונג אָב און זאָגט אַרויס ערנסט, מיט אַראָבגעלאָזטע אויגלעך:

—שווער מיר...

—צו וואָס שווערען?—דריקט ער מיט די אַקסלען.

—אַז דו האָסט מיך ליב...

—שיינדעלע...—קוקט ער זי אָן פערוואונדערט.

—אָבער אין די ביכלעך, וואָס דו לייענסט,—זאָגט זי מיט ברוגז׳דיגע ליפּלעך,—שווערט מען זיך אויך...

ערשט איצט פערשטעהט משה׳לע, וואָס זי מיינט, אָבער איהר שטימונג האָט זיך אַזוי ווי געענדערט. צי איז דאָ שולדיג גאָט אָדער די שוועלבעלעך—איז שווער צו וויסען. אין איהר, אין דער קליינינטשקער שיינדעלע׳ן, שלייפט זיך שוין דער כאַ-ראַקטער פון אַ פרוי, וואָס די ווערטער ל י ב, ל י ב ע ר ווירקען אויף איהר, ווי אַ היפּנאָז, וואָס קאָן קיינמאָל גלייכגילטיג נישט פאַרביילאָזען פאַרביי אויער די קלאַנגען פון דידאָזיגע ווערטער.

—שווער מיר...—חזר׳ט זי איבער נאָכאַמאָל, אָבער מיט אַזאַ טאָן, ווי מען מאָהנט ביי אַ מענשען אַ חוב.

שיינדעלעס ליב, שען און גוט פּנים׳ל האָט פערלאָרען יעדען שפּור פון גוטסקייט און איצט זעהט עס אויס שאַרף און ענטשלאָסען.

—אָבער... שיינדעלע...—פּרובט זיך משה׳לע ווערען און לאָזט אַראָב די אויגען.

—ניין, ניין, שווער!—הערט ער קלאָרע ווערטער אין דער פאַרנאַכט-לופט, פּונקט ווי אַנ׳אַנדערע, נישט שיינדעלע, וואָלט עס געזאָגט.

משה׳לע פערקנייטשט עטוואָס דעם שטערען און ווייס נישט וואָס פאָרצונעהמען. אָבער סוף-כל-סוף שווערט ער איהר מיט הי-

מעל און ערד, לויט'ן מוסטער פון אַ ביכעלע, וואָס ער האָט ערגעץ געלייענט, און ערשט דעמאָלט לאָכט זיך שיינדעלע פו-נאַנדער מיט איהר שטענדיגען קלינגענדיגען געלעכטערל, מיט קלייניטשקע אויגען-שפּעלטעלעך, וואָס זענען איינגאַנצען בעשאָ-טען מיט פייער-שפּיזעלעך, און די גאַנצע משא פון איהר פריהער-דיגען ערנסט פאַלט פון איהר אַראָב ווי אַ שטיין. איצט איז זי פון דאָסניי די אייגענע לייכטע שיינדעלע, וואָס פריהער. זי נעהמט איהם פאַר'ן הענדטעל און שטעלט האפּעדיג ברייטע טריט, ווי אַ יונג גליקליך חיה'לע.

פערטראַכט און פאַמעליך לעשט זיך דער שבת, ווי אַ גרויס הויך ליכט, וואָס דערברענט ביז'ן סוף. דער לעצטער פלאַם, דער לעצטער שיין ציטערט אין דער פערטראַכטער לופט. אין די ווינקעלעך הימעל טוקט ער זיך בלאַס, ווי ער וואָלט זיך געזעגענט מיט דער ערד, פונקט ווי אַ בלאַס מיידעלע וואָלט זיך צוזעגענט מיט אַ הייסער און רוישיגער משפּחה. נאָך אַ קוק, נאָך אַ קוק און—אַדיע אויף אַ גאַנצע וואָך. אַהין, וואו די זון איז אַוועק, געהט אויך אַוועק דער הייליגער שבת. אין גאַס שפּירען זיך שוין די האַרבע סימנים פון נישט-ניחא'דיגען אינדערוואָכען. אַנדערש זעהען-אויס די יודען און בייז און ערב-שכור'לעך איז דער גוי, און אַז מען הויבט-אויף די אויגען, זעהט מען, ווי אויף די גרויע אומעטיגע וועגען פון די הימלען געהען-אום מחנות'ווייז רשעים. זיי געהען, ווי אַרעסטאַנטען, אין גיהנם אַריין מיט אַראָב-געלאָזטע קעפּ, ווי פער'משפּט'ע, מיט פערדריקטע ליפּען, ווי מענשען, וואָס דאַרפען באַלד איבערלעבען די גרעסטע און שווערסטע יסורים, און אַז מען זאָל גוט אָנשטרענגען דאָס אויער, קאָן מען הערען ווי עס גריילצען שווער די גרויסע גיהנם-טהי-רען. צי וועט אַמאָל משה'לע אויך אַריין אין דידאָזיגע גרויסע גיהנם-טהירען? עס בעפאַלט איהם אַ שוידער איבער'ן גאַנצען לייב.

געהענדיג לאַנגזאַם מיט שיינדעלע'ן אַקסעל צו אַקסעל, מיט דער וויזע אין האַרצען און מיט דעם גאָלדענעם שבת-הי-מעל אין דמיון, פערגעסט משה'לע, אַז מען בעדאַרף דאַווענען

מעריב, ווי ער פערגעסט, אַז מען בעדאַרף עסען, און אָט זעהט ער, ווי עס לויפען יודען פון מעריב—גרויע, שטומע, אייליגע און וואָכעדיגע, און פערשווינדען אין די שמאָלע טונקעלע הויפען, ווי אין טיפע אָפענע מיילער. און באַלד לויפען זיי צוריק פון די הויפלעך, פונקט ווי אויסגעשפייטע, מיט קלינגענדיגע שלי-סלען אין די הענד, און איבער דער גאַנצער לענג פון דער גאַס ווערען מיט אַמאָל געעפענט קליינינטשקע קרעמעלעך, בעלויכטען מיט קליינע פערררויכערטע לעמפלעך, און אין דעם מאָגערן שיין פון דידאָזיגע לעמפלעך קוקען נעבעכדיג אַרויס שטיקלעך קעז, אַלטע בויגעל, הערינג...

דאָס זענען די סאַמע שווערסטע און ביטערסטע מינוטען אין משה׳לעס יוגענד, מינוטען, וואָס מאַכען איהם וואונדען אין דער נשמה, און זיין אומעטיגע מחשבה פרעגט מיט וועה: צו וואָס בעדאַרף מען איינגאַנצען דעם שבת, וויבאַלד אַז ער לאָזט זיך אויס אַזוי וואָכעדיג, גרוי און אומעטיג?

אין די קליינע הייזלעך פינטלען, ווי געלע פלעקען, די אָנגעצונדענע לאָמפען, אויפ׳ן הימעל רוקען זיך כמאַרעס, ווי שוואַרצע בערג און אַ קאַלטער ווינד שניידט ראַפטום דורך די לופט. פלוצלונג הויבט-אָן פאַלען אַ רעגען, אָהן הכנות, אָהן זו-מערדיגע דונערן און בליצען, אַ דראָבנער הערבסט-רעגען מיט קאַלטע טראָפענס, וואָס שיטען זיך פויל אויף דער ערד מיט איין קלאַנג—זיפ-זיפ-זיפ... נאָכ׳ן הייסען גאָלדענעם שבת קומט עפּיס אויס משונה אָט דער קאַלטער ווינד מיט די שוואַרצע כמאַרעס אויפ׳ן הימעל און מיט׳ן דראָבנעם איינטעניגען הערבסט-רעגענדעל, פונקט ווי זיי אַלע צוזאַמען וואָלטען זיך פון ערגעץ אָבגעריסען און געקומען אַהער אָהן שום צוזאַמענהאַנג מיט דער נאַטור. צי האָט עמיץ אויפ׳ן הימעל נישט קאַליע געמאַכט די מאַשין פון ווינד און רעגען אויס פערדרוס, וואָס דער ליבער שבת ענדיגט זיך? צי האָט עס נישט געטהאָן אַמאָל אַ רשע, וואָס איז געגאַנגען מיט אַ פערביטערט האַרץ אין גיהנם אַריין? אָדער אפשר איז דער בורא אַליין אומעטיג געוואָרען און האָט אַוועק-געמאַכט מיט דער האַנד די וואַרימקייט, מיט דער שענער זו-

מערנאַכט און האָט אָנגעשיקט אויף דער וועלט קאַלטען ווינד און הערבסטרעגען?..

נאָר משה'לע ראַטעוועט זיך פון די אָפענע קרעמעלעך און פון בייזען אינדערוואָכען און פון הערבסטרעגענדעל און פון דער אייגענער שווערער עבירה, וואָס ער האָט נישט געדאַווענט, ביי פייע'ן אין דער ליבער היימליכער שטוב, וואו עס שמעקט שטענ-דיג מיט דעם וואַרימען אָנגענעהמען ריח פון פרישען ברויט.

—איז אַז איז...—וואַקסט פלוצלונג אויס דער משוגע'נער ברודער מיט שיינדעלעס אויגען און שמייכעלט ווי אַ מענש אָהן אַ גאַל.

און ביי פייע'ן איז, ווי אַלעמאָל, פערלאָפען דאָס קליי-נע פנימ'ל מיט פריינדליכע קנייטשעלעך. זי האָט נאָך נישט אויסגעטהאָן דאָס שבת'דיגע קליידעל און דאָס טיכעל אויפ'ן קאָפּ מיט די צוויי עקען און דעם קנופּ אונטער דער גאָמבע מאַכען זי אונגעוועהנליך מוטערליך און האַרציג.

—אַ, משה'לע איז דאָ!—שרייט זי אויס און פערמעהרט נאָך בעת מעשה די אונצעהליגע פריינדליכע קנייטשעלעך אויפ'ן פנים און דערנעהנטערט זיך צו איהם מיט יונגע גרויע אויגען, ווי ביי שיינדעלע'ן און מיט אַ געדיכטען ריח פון וואַרימען ברויט.—זעהר גוט! זעהר גוט! וועסט אונז עפּיס לייענען און דערנאָך—רוימט זי איהם איין אויפ'ן אויער—וועלען מיר עסען גוטע זאַכען...

משה'לע לויפט באַלד אַהיים, כאַפּט דאָרט עפּיס אַ ביכעלע, וואָס ער האָט נישט לאַנג געקויפט און לויפט צוריק צו פייע'ן. און אָט זיצט ער שוין פאַר'ן לאַנגען טיש, בעדעקט מיט דער ווייסער שבת'דיגער סערוועט און איז זיך מכין צו לייענען. אין דרויסען פאַלט דאָס דראָבנע הערבסט-רעגענדעל, וואָס ווערט פלוצלונג איבערגעריסען פון אַ שטאַרקען ווינד אַזוי, אַז מען הערט ווי אין קוימען געהמט קלאַפּען דאָס דעקעל, אָבער אין שטוב איז ליכטיג און וואַרים און היימליך און עס שפּירט זיך שוין דער אָנהויב פון יענער געשפּאַנטער שטילקייט, וואָס קומט אַלעמאָל פאַר משה'לעס לייענען.

—אָבער דו האָסט מיר געשוואָרען...—דערמאָהנט איהם פלוצלונג שיינדעלע אויפ׳ן אויער, מיט ברייט-אָפענע ערנסטע אויגלעך און ריהרט איהם אָן שטייף ביי די הענדטלעך.

משה׳לע הערט נישט איהרע ווערטער, אָבער פון איהרע ליפּען פערשטעהט ער, וואָס זי זאָגט, שאָקעלט ער איהר צו מיט׳ן קאָפּ און קוקט זי אָן טיף און אָנגעשטרענגט, פּונקט ווי ער וואָלט זי געוואָלט אַדורכקוקען ווי גלאָז:

—געשוואָרען... שיינדעלע, געשוואָרען... אודאי געשוואָרען...

שוין נאָכ׳ן לייענען און נאָכ׳ן עסען בעפאַלט משה׳לען פון דאָסניי דער פּחד, וואָס ער האָט נישט געדאַווענט—נישט קיין מנחה און נישט קיין מעריב. פון ערגעץ פאַלט אויף איהם גאָטס אַ שווערער קוק און ער פיהלט, אַז ער איז זעהר זינדיג. אַמאָל, אַז ער וועט שטאַרבען, וועט ער אויך געהן שבת-צו-נאַכט מיט די גרויסע רשעים אין גיהנם אַריין. אויפ׳ן שטערען טרעטען איהם אַרויס קאַלטע טראָפּענס שווייס, און ער זאָגט-אָב שטיל און גיך, מיט גרויס התמדה, פּונקט ווי ער וואָלט זיך וועלען ראַטעווען, זיין יודישע תּפילה, וואָס קיינער ווייס זי ביי איהם נישט.

„רבונו-של-עולם! זיי מיר מוחל. איך האָב דיך ליב ווי מיין טאַטען און מאַמען און נאָך ליבער, און איך האָב פאַר דיר מורא. היינט האָב איך נישט געדאַווענט, אָבער ווייטער וועל איך אַלע טאָג דאַווענען פּינקטליך צו דער מינוט. גאָטעניו, איך האָב דיך ליב, ווי דער ווילנער גאון האָט דיך ליב געהאַט”.

אָבער דידאָזיגע תּפילה, וואָס פלעגט איהם פריהער אַזוי בערוהיגען, און ער פלעגט פיהלען, אַז זי געהט גלייך צום הי-מעל אַרויף, ברענגט איהם שוין היינט נישט קיין מנוחה אין האַרצען. זי ווערט אַ געוועהנהייט, און צו-אָפט, ווידער, דאַווענט ער נישט. אָבער אין אַ ווייַלע אַרום ווערט איהם דאָס הערצעל פאָרט צוגעפּאַסט צו גאָט, ווי עס ווערט צוגעפּאַסט אַ קלאַנג צו אַ קלאַנג אָדער ווי אַ קינד צו דאָס האַרץ פון זיין מוטער. וואָס דאָס קינד זאָל נישט טהאָן, איז דאָס אַלץ אַנ׳אייגען קינד און די מוטער בלייבט אַלץ אַ באַרמהאַרציגע און אַ גוטע, וואָס וועט

פערלירט דערביי, און די בעליידיגונג ווערט נאָך גרעסער.

—וואָס שטעהסטו דאָ געבען מיר?—זאָגט דער טאַטע מיט אויפגעהויבענע ברעמען, אַ סימן, אַז מען מוז תיכף אָבטרעטען פון איהם—איך האָב דאָך געזאָגט: זאָל ער פאָהרען... בעי קאָ־טאַ, ניע בעי קאָטאַ...

די מאַמע רעדט שוין מעהר נישט, אָבער משה'לע ווייס שוין איצט זיכער, אַז ער פאָהרט צו דער באָבען. דידאָזיגע באָ־בע, דעם טאַטענס מוטער, איז אַנ'אונבעקאַנטע, משה'לע האָט זי קיינמאָל נישט געזעהן, און דאָס ערשטע מאָל אין לעבען פאָהרט ער צו איהר. לויט משה'לעס ידיעות, איז זי אַלט דרייאונניינציג יאָהר, מען רופט זי שרה און זי וואוינט ביי אַ פעטער אינ'ם שטעדטעלע ראַקובקע, פינף מייל פון משה'לעס שטאָדט. אויב מען זאָל הערען דעם טאַטען, איז די באָבע שרה זעהר אַ וואוי־לע און זעהר אַ קלוגע יודענע, אָבער אַז מען זאָל הערען דער מאַמען, איז זי אַ שלעכטע און אַ פערביסענע, פונקט ווי דער טאַטע.

נאָר משה'לען ווילט זיך פאָהרען נישט צוליב דער באָבען. די באָבע איז בלויז אַנ'אויסרייד. משה'לע וויל פאָהרען צוליב הימעל און פעלד, צוליב זון און וואַלד, צוליב דערפעלעך און ווינדמיהלען, צוליב דעם בעל־עגלה און זיין פערד און צוליב די פינף מייל, וואָס האָבען אין זיין דמיון קיין סוף און קיין אויסלאָז נישט אַזוי, אַז אין דידאָזיגע פינף מייל מוזען אודאי איינגעפאַסט זיין ארץ־ישראל און מצרים און אַמעריקאַ. פאָהרען גאַנצע פינף מייל אַליין, אַ פרייע יונגעלע, אָהן טאַטע און מאַמע, אָהן שטרענגע השגוחה־אויגען, בלויז אין רשות פון הימעל און ערד—דאָס איז דער גרעסטער תענוג, וואָס אַ מענש קאָן זיך פאָרשטעלען.

פאַרהאַן אפילו איין וועה אין דעמדאָזיגען תענוג: ער וועט זיך בעדאַרפען שיידען מיט שיינדעלע'ן. איז אָבער פאַרהאַן אויף דער וועלט אַזאַ שמחה, וואָס זאָל נישט האָבען אַ שטיקעלע צער אין זיך? פאָהרען פאָהרט ער איגגאַנצען אויף צוויי וואָכען און אויב ביי דער באָבען וועט איהם זיין פרעהליך און היימליך

און ליב, וועט מסתמא די צייט זעהר שנעל אַדורכלויפען, ווי ער וויים עס פון זיין קינדערשער פראַקטיק, און אָט וועט ער ווידער זעהן שיינדעלע׳ן.

דאָס זעגענען זיך, דאָס ערשטע מאָל אין לעבען זעגע־נען זיך, וואָס דאָס טהוען אַזוי אָפט און מיט אַזאַ גאוה אַלע גרויסע, געהט־צו זעהר געשווינד: פון טאַטען—אַ פרעמדע האַנד מיט אַ קורצען בליק, אָהן שהיות, אָבער ביי דער מאַמען צוקט די אויבערשטע ליפּ, ווי זי וואָלט זיך מכין־געווען צו וויינען. דער מאַמען איז שטענדיג שלעכט. זי האָט שטענדיג גרייט אַ שטומען קוואַל טרעהרען אין די אויגען און ביי דער קלענסטער געלעגענהייט פערנעבעלט ער איהר די טרויעריגע שוואַרצאַפּלען, ווי דער אָטעם אַ שפּיגעל...

—פאָהר געזונד, מיין זוהן...—דערהערט ער הינטער זיך איהר קול, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט אַזויפיל וועה, פונקט ווי משה׳לע וואָלט געפאָהרען קיין אַמעריקע.

מיט שיינדעלע׳ן איז דאָס זעגענען זיך אַנ׳אמת׳ע פּערשלע־פּעניש. זי לאָזט איהם נישט אָב, פונקט ווי אַ פרוי, וואָס איז אויפערזיכטיג, און לויפט מיט איהם צו די בעלי־עגלות. און דאָרט צוזעגענט ער זיך מיט איהר ערשט דעמאָלט, ווען ער בעדאַרף שוין אַרויפשטעלען דעם פוס אויפ׳ן אַקס, וואָס איז גראָב אָנגעשמירט מיט דזעגאַכטס. פריהער גיט איהר משה׳לע די האַנד, דערנאָך נעהמט ער זי אַרום, לעגט־אַרויף זיינע ליפּען אויף איהרע, מאַכט־צו די אויגען און דריקט זיך צו איהר צו מיט אַ לאַנגען און אַ הייסען קוש. אָבער אַז ער עפענט די אויגען, זעהט ער, ווי אַ גרויסער ווייסער הונד מיט שוואַרצע פלע־קען, קוקט זיך משונה צו צו דערדאָזיגער סצענע, פונקט ווי ער וואָלט קאָמיש געשמייכעלט. אויפ׳ן הויף איז אַ טאַראַראַם און אַ מהומה, ערגעץ שרייען האַלב־דערשטיקטע היהנער, אין אַ צווייטען אָרט פּילדערן געגז מיט זייערע וואַסער־קולות; אין אַ דריטען אָרט קנאַקען יונגען מיט די בעלי־עגלה׳שע בייטשען; די פערד קאָפּען מיט די פיס אין דער ערד און שמייסען מיט די עקען אַרום די בייכער; צושויבערטע ווייבער מיט בלויע ליפּען

עס קיינמאָל נישט פערלאָזען. ומיט קיין שום עבירה אין דער וועלט—פון קיין גרויסע עבירות ווייס משה'לע נישט—קאָן מען זיך נישט אָבשיידען פון גאָט, ווי מען קאָן זיך נישט אָבשיידען פון דער אייגענער נשמה, און ער וועט שטענדיג און אַלעמאָל מוחל-זיין. וואָרום גאָט אָהן מחלה און גוטסקייט לאָזט זיך קיינמאָל נישט פאָרשטעלען, ווי עס לאָזט זיך נישט פאָרשטעלען, אַז מען איז נישט גאָטס, אַז מען איז נישט זיינס אַ קינד.

און נאָך אַנ'עבירה שלאָפט משה'לע איין גאָך רוהיגער און לייכטער, פונקט ווי ער וואָלט געשפירט אויף זיך גאָטס מחילה און וואַרימקייט. און נאָכמעהר ווי אַנ'אַנדערש מאָל פיהלט ער זיך דעמאָלט אין דער לייטזעליגער שוץ פון גאָט, ווי אין אַ גאָלדענער שייד, ער בעקומט אין זיך עפּיס אַ זיכערקייט, אַז גאָט וועט איהם שוין אָבהיטען, אַז ער וועט אָבשוואַכען אין איהם דעם יצר-הרע, ער זאָל מעהר קיין עבירות נישט טהאָן און ער זאָל זיך מעהר נישט בעדאַרפען פייניגען דערפון.

---

# די ערשטע נסיעה.

## אַכטעם קאַפּיטעל.

פון מײַנטװעגען זאָל ער פּאָהרען...—זאָגט דער טאַטע, שטע-
הענדיג בײַם פּענסטער און אַרײַנקוקענדיג אין אַ נאָר-װאָס
געקליפּטען בּיכלעלע מיט ראָזע פּאָדערבלעטלעך.

—דאָס װײס איך, אַז פון דײַנטװעגען מעג ער פּאָהרען.
זאָג, װאָס מעג ער נישט פון דײַנטװעגען, װאָלט איך געװאָלט
װיסען,—זאָגט די מאַמע מיט אַ טאָן פון פערביטערונג.

צי יום-טוב, צי שבת, צי אינדערװאָכען, צי גוט, צי
שלעכט, צי פרעהליך, צי אומעטיג—די מאַמע רעדט שטענדיג
מיט'ן טאַטען אין אַ טאָן פון פערביטערונג, פּונקט װי עס װאָלט זי
שטענדיג געדריקט עפּיס אַ נישט-געשטילטע בעלײדיגונג. דער
טאָן איז אײגענטליך אַ צװײענדיגער: פאַרהאַן אין איהם פאָר-
װאורף, פאַרהאַן אָבער אויך שרעק. זי שרעקט זיך פאַר'ן טאַ-
טען און קאָן קײנמאָל נישט אַרויסזאָגען אינגאַנצען, מיט אַ פול
מויל דאָס, װאָס זי װיל. דער טאַטע איז שטענדיג שטאַרקער
פאַר איהר, און אויב זי הויבּט אויף אַמאָל העכער דעם טאָן,
האָט זי שטענדיג חרטה דערויף, װײל נישט זי געװינט, נאָר זי

און מיט קווימשיגע קולות רייסען איינע פון די אַנדערע עפּיס אַ קויש; אַ גאַראַדאָוואָי, אין אַ ווייס העמדעל מיט אַ רויט רעוואָלווער-שנירעלע אויפ׳ן האַלז, שלעפּט מיט דער רוסישער ברכה אַ יודען אין צירקעל אַריין און צוויי יודען מיט אָנגעבויגטע קעפּ צעהלען איינאַנדער קופּערגעלד פון האַנד אין האַנד; אַ בעל-עגלה לויפט מיט אַנ׳עמער וואַסער גלייך צו דער נאַרישער מאָרדע פון זיין פערד, פונקט ווי אויף אַ שרפה; פון אַ דערביי-איגען שפּייכלער וואַרפט מען שווערע קאַסטינס אויף דער ערד, און יעדער קאַסטען איז בעצייכענט מיט צוויי שוואַרצע פעטע אותיות: G. H.; דער געפּלעקסטער הונד קריגט פּלוצלונג מיט אַ שטעקען איבער די פיס און אַ קליין מאָגער העהנדעל כאַפּט זיך ראַפּטום אַרויף אויף אַ פּאַרקאַן, פּאַטשט-אָן מיט די פליגלען און לאָזט-אַרויס אַ לאַנגען קוקערעקו סאַמע ביז דער לעצטער נאָטע. אין דער רעכטער מהומה וואַקסט-אויס אַנ׳אַלטער יוד מיט אַ קאָלטונעוואַטער באָרד, וואָס עפּענט אַ ברייט מויל אָהן ציינער און צוגענעצט זיך מיט פערמאַכטע אויגען און מיט אַ ציטערן איבער׳ן גאַנצען לייב. קושע דער בעל-עגלה, מיט וועלכען משה׳לע בעדאַרף פאָהרען, אַ געלער יוד מיט אַ גרויסען רימענעם טייסטער אויפ׳ן בויך, נעהמט-אַראָב די טאָרבע האָבער פון זיין פערדס אויערן און בעת-מעשה רעדט ער צו די בעלי-עגלות מיט אַנ׳אָבגעקעהרטען קאָפּ אַהינטער:

—נו, עולם, זיך וועג אַריין. שוין שפּעט.

דער עולם ריהרט זיך אָבער נישט פון אָרט, און עס דויערט אַ שטיק צייט ביז עס נעהמט אַ סוף צו זייערע בעלי-עגלי׳שע שמועסען און קריגערייען, ביז אַלע סחורות ווערען פערפּאַקט אין די לאַנגע וועגענס, ביז די פערד ווערען איינגעשפּאַנט און די פּאַסאַזשירען זעצען זיך אַוועק. ערשט דעמאָלט קריכט קושע אַרויף אויפ׳ן ברעג וואָגען, גיט אַ דרעה אין דער לופטען די בייטש מיט אַזאַ געשריי, אַז די לופט צוטרייסעלט זיך ווי פון אַ דונער, און די רויטע שקאַפּע, וואָס איז געוועהנט צו שווערע משאות, בויגט-איין דעם קאָפּ, ציהט-אויס די הינטערשטע פיס, ווי צוויי קרומע שטעקענס, און דער ערשטער הויזעריגער

סקריפּ פֿון די רעדער זאָגט-אָן, אַז דער לאַנגער בעלי-עגל'ישער קאַראַוואַן לאָזט זיך אין וועג אַריין.

משה'לע קעהרט-אָב דעם קאָפּ און וואַרפֿט אַ לעצטען בליק צו שיינדעלע'ן. אויף איהרע לאַנגע ברעמען ציטערן קליינינקע פּערל, און אַז דידאָזיגע פּערל פֿאַלען-אַראָב און עס קומען אַנדערע—גרעסערע אויף זייער אָרט, פֿערדעקט זי מיט'ן הענדטעל דאָס פּנים, גיט זיך אַ דרעה-אויס און פֿערלאָזט געשווינד דעם זאַכסניא-הויף. און דערין, ווי אַזוי זי טהוט עס, ווי אַזוי דאָס קומט ביי איהר אַרויס, לאָזט זיך זעהן דאָס קינפֿטיגע שלאַנקע און בעוועגליכע מיידעל.

משה'לע וואָלט אויך געוואָלט וויינען, אָבער אַז ער דערזעהט, ווי דער הימעל, דער ברוק אין גאַס און די צוויי שורות הייזער ביי די זייטען, נעהמען געהן צוריק, ווערט איהם דידאָזיגע שפּירונג צורינען. אַ מאָדנע זאַך: אַלץ בעוועגט זיך אויף צוריק. אַלץ, אפילו די לופֿט, וואָס ציהט זיך בעת-מעשה איבער די באַקען, ווי אַ ווייך און וואַרים וואַסערל, און עס דאַכט זיך, אַז מען שוועבט איבער דער ערד.

עס איז אָנגענעהם צו זיצען אין אַ לאַנגען וואָגען צווישען פּעסער הערינג און קאַסטענס טאַבאַק, צווישען פּעק מיט קנעפּלעך און געטריקענטע טאַראַנעס און צווישען מאָדנע משונה'דיגע פּאַסאַזשירען, איבערהויפּט ווייבער, וואָס האָבען נאַרישע פּנימ'ער און קוקען מיט טויטע אויגען אַרום זיך. פּאַמעלעך אַנטלויפֿען די גאַסען פֿון וואָגען, די פֿערד קלאַפּען מונטער איבער'ן ברוק, און אָט הויבט זיך אָן אַ ברייט פֿריי פֿעלד מיט אַ שטויביגען שליאַך אינמיטען. אין די געדיכטע קאָרנפֿעלדער, וואָס ליגען ביים וועג, ציהען זיך לאַנגע טעלעגראַפֿענדראָטען אויף הויכע הילצערנע סלופּעס מיט ווייסע טעפּעלעך, און אויף דידאָזיגע דראָטען זיצען מאַנכע פֿויגעל און קוקען נישט מיט די אויגען, נאָר מיט'ן שטומען שנאָבעל אין דער ווייטקייט אַריין.

פּונקט אַנטקעגען אויג געהט-אונטער די זון אין אַ רויטען ים, און די ;יילען שטויב, וואָס די רעדער הויבען-אויף, זענען אַזוי ווי בעשפּריצט מיט בלוט. רויטע פֿינטעלעך טוקען זיך ביי

די נאַרישע ווייבער אין די אויגען. פון די פעלדער געהט-אויף אַ פרישקייט, אָנגעפילט מיט די געזונדטע ריחות פון תבואות און קרייטעכצער, און פון ווייטען דערטראָגט זיך דאָס פערטראַכטע ברומען פון אַ טשערעדע. ווייט אויפ׳ן וועג, אַנטקעגען דעם רויטען זונאונטערגאַנג, געהט אַ מענש מיט אַ שטעקען אין האַנד, און אויפ׳ן פאָן פון רויטען ים זעהט ער אויס קליין און שוואַרץ, ווי אַ געמאָלט שוואַרץ מענשעלע אויף אַ רויטען פאַפיר. דאָס-דאָזיגע מענשעלע געהט מיט זיין שטעקען אַזוי לאַנג, ביז ער געהט-אַריין אין רויטען הימעל אַריין, אַקוראַט אין יענעם אָרט, וואו עס פערגעהט די זון.

לאַנגזאַם לעשט זיך די רויטקייט, ווי אַ פייער אין אַ רויטען לאָמפ, וואָס האָט שוין נישט קיין נאַפט, די בעלי-עגלות געהען ביים וועג און שמועסען פון דזעגאַכטס, די רעדער סקריפען אונטער די שווערע וועגענס, אַלע פאַסאַזשירען טרייסלען זיך, פונקט ווי זיי וואָלטען זיצענדיג געטאַנצט, און דאָרט, ווייט, וואו די ערד שניידט זיך אַריין אין הימעל, קנוילען זיך ווייסע נעבלען און פון דידאָזיגע נעבלען שפּראָצט-אַרויס די ערשטע אָוועגד-טונקעלקייט. ווי אַ רויך שפּרייט זי זיך שטיל און גנב׳יש צווישען הימעל און ערד וואָס ווייטער אַלץ געדיכטער און געדיכטער, און פלוצלונג עפענט דער הימעל אַ גאָלדען אויג און קוקט-אַראָב דורך איהם גלייך אויף דער ערד, פונקט ווי ער וואָלט געזוכט אויף איהר אַ פערלאָרענע זאַך. דאָס איז דער אָוועגד-שטערן.

די לעצטע רויטקייט זעהט נאָך משה׳לע אויף די שינעס פון אייזענבאַהן, וואָס לויפען ווי פערבלוטיגטע אין די טונקעלע וואַלען פון אָוועגד. פאַר די שינעס שטעהט אַ שלאַגבוים מיט געמאָלטע סלופּעס—ווייס-בלוי-רויט, און דערביי זינקט אַ רויט הייזעל אין געדיכטע קאַרשענבוימלעך און קוקט מיט אַ צוגעטער-רויטען פענסטער אין דער שטומער ווייטקייט אַריין. דאָס איז די לעצטע רויטקייט, וואָס ווערט באַלד פערשמירט אויף גרויס-שוואַרץ. צו דעמדאָזיגען הייזעל ציהען זיך אויף טעלעגראַפען-דראָטען, פונקט ווי זיי וואָלטען איהם איינגערוימט אַ סוד.

וויפיל נייעסן, וויפיל אינטערעסאַנטע זאַכן די שטאָדט
זאָל נישט האָבען, איז עס אָבער אַלץ אַ גאָרנישט פאַר משה'-
לען אין פערגלייך מיט דעם פאַרבענשפּיל פון די פעלדער און
דעם ליכט-טויש פון די הימלען. אָבער פאַרהאַן דאָ נאָך אַ זאַך,
וואָס איז נאָך אינטערעסאַנטער און ציהענדיגער פונ'ם פאַרבען-
שפּיל: דאָס איז דער סוד פון דער נאַטור. וואו מען זאָל
נישט קוקען—צי אויף די פעלדער, צי אויפ'ן הימעל, זעהט מען
ווייל-עוויילן, ווי דאָרט ווערט עפּיס געענדערט. עפּיס ווערט דאָרט
ווייל-עוויילן געבוירען און געשטאָרבען. אָבער ווי מען זאָל נישט
אָנשטרענגען דעם מח און דאָס אויג, קאָן מען פאָרט נישט ווי-
סען וואָס. און נישט דאָס ווינדטעלע איז בלויז ווינדטעלע און
נישט דאָס וואָלקענדעל איז בלויז וואָלקענדעל און נישט אפילו
דאָס גרעזעל איז בלויז גרעזעל. זיי זענען, אויסערדעם, נאָך
עפּיס, אָבער מען קאָן נישט וויסען וואָס. זיי האָבען עפּיס
אַן'אומבעקאַנטע שליחות און זענען דורכגעוועבט מיט סודות. פון
יעדען גרעזעל שפּראָצט אַ סוד און אין יעדען וואָלקענדעל שפּילט
עפּיס אַ געהיימניש. און נאָכמעהר: זיי אַלע זענען בעהעפט,
פעראייניגט צווישען זיך, און זיי פערשטעהען אויך איינאַנדער
אויף אַ בעזונדער לשון—זייער לשון.

די סודות, וואָס שווימען-אַרום אין דעם יונגען אָווענד, זע-
נען גרעסער פון משה'לעס מח'ל און ער שפּירט זיך מיד פון
אָנשטרענגונג און טראַכטען, און מאַכט צו די אויגען. די פעלדער
און דער הימעל געהען דעמאָלט אַריין אין איהם און ער קוקט
אויף זיי מיט צוגעמאַכטע אויגען און פאָהרט מיט זיי אויף דעם
לאַנגען וואָגען. ער זעהט זיי אין זיך אַקוראַט אין דעם אייגענעם
פאַרב און ליכט, ווי אין דער מינוט, בשעת ער האָט צוגעמאַכט
די אויגען, און דערדאָזיגער צושטאַנד איז אַזאַ מאָדנער, פונקט ווי
משה'לע וואָלט עטוואָס שכור געווען. און דעמאָלט שפּירט ער,
אַז ער הערט אויך אויף צו זיין בלויז מענש, אַז ער איז, אוי-
סערדעם, נאָך עפּיס, וואָס האָט אַ שייכות צו די וואָלקענדלעך
און צו אַלץ, וואָס זיין אויג זעהט אין דער נאַטור.

פאַמעלעך דרעמעלט משה'לע איין, אָבער מיט יענעם לייכ-

שען דרעמעל, ווען מען הערט, וואָס מען רעדט, ווען דער מח טראַכט און עס דאַכט זיך, אַז מען בעוועגט זיך און מען זעהט.
אָבער דער דרעמעל שטאַרקט זיך, און אַז משה׳לע כאַפּט זיך אויף, דערזעהט ער פּלוצלונג אַן׳אויסגעשטערנטען הימעל, וואָס הענגט איבער׳ן קאָפּ, ווי אַ שוואַרצע דעקע מיט גאָלדענע גלעקעלעך. פערד און וואָגען שטעהען נעבען אַ שוואַרץ הייזעל מיט ליכטיגע פענסטער, וואָס ליגט אין דער זומערנאַכט, ווי אַ שוואַרצע קאַץ מיט געלע גלעזערנע אויגען. אין דער ברייט-אָפּע-נער טהיר שטעהט קושע מיט דעם רייזעטאַש אויפ׳ן בויך און מיט דער בייטש אין דער האַנד און שרייט צו דעם צווייטען בעל-עגלה:

— טויזענד געשוואירען צו דיינע פּיס, שלים-מזל! כאַפּ די קופּע היי... קיינער זעהט נישט...

די ווייבער-פּאַסאַזשירען דרעהען זיך אַרום הייזעל, ווי קעלבער אָהן אַ פּאַסטוך און די פערד האַלטען די קעפּ אין שוואַרצע טאָרבעס און קייען מיט אַ מאָדנעם טעמפּען קלאַנג. נישט ווייט פון הייזעל שלאָפט אַ וואַלד. די ביימער שטעהען געטוליעט צו איינאַנדער און איבער זיי ליגט די נאַכט אַ שוואַר-צע און אַ וואַרימע, פּונקט ווי אַ מוטער איבער קינדער. אַז מען זאָל איצט, צום ביישפּיל, אַוועקגעהן טיף אין וואַלד, קאָן מען זיכער קומען צו אַ גלעזערנעם פּאַלאַץ מיט אַ שלאָפענדיגער בת-מלכה, אָבער פריהער קאָן מען אָנבעגעגענען אַ בער, צו אַן׳אַנ-דער חיה, וואָס קאָן נאָך איינבייסען ביז טויט. ווי קומט מען אָבער פּאָרט צו דעמדאָזיגען גאָלדענעם פּאַלאַץ? דאָס איז אַ פיינלי-כער פערדרוס: פאַר די אויגען ליגט אַן׳אוצר און מען קאָן נישט צוקומען צו איהם. לויט זלמנ׳ס מעשה׳לעך געפינט זיך דער גאָל-דענער פּאַלאַץ נאָר אין דעם וואַלד. וואָרום אָט איז דאָס בער-געל פון יענעם מעשה׳לע און אָט איז דאָס הייזעל פאַר׳ן וואַלד און אָט איז דער ברונים מיט׳ן הויכען שטעקען און אָט איז אפילו דער וועג, וואָס לויפט-אַוועק לינקס צווישען צוויי שוואַר-צע שורות נידעריגע קוסטעס. עס פעלט דאָ נאָר דער רייטער מיט׳ן ביקס אויפ׳ן רוקען און דאָס יונגעלע מיט דער לאַמטער-

נע. אָבער אַ מאָדנע זאַך: דאָס אייגענע אָרט פּאַסט זיך אויך פאַר ארץ-ישראל. דאָס בערגעל קאָן, צוםביישפּיל, זיין דער מוטער רחל׳ס קבר און דער וועג קאָן פיהרען קיין בית-לחם. דאָרט, ווייטער, שטעהט אַ בעזונדער בוים, וואָס זעהט-אויס ווי אַ צעדער, און רעכטס, אין טהאָל, ציהט זיך דער טייך, אַ בלאַסער, פּונקט ווי דאָרט וואָלט געלעגען אַ לאַנג פּאַפּיר — און ער קאָן זיין דער ירדן...

בעוועגט פון טויזענדער מחשבות, שפּרינגט משה׳לע אַראָב פון וואָגען. אויף דער ערד בעפאַלען איהם פערשידענע ריחות: אַ ריח פון היי און פון וואַלד, און אַ ריח פון זומערדיגען שטויב און פון יאַגדעס, און אַ ריח פון פערד און פון קושע׳ן און פון דעם אַלטען הייזעל-געהילץ. דידאָזיגע אַלע ריחות זענען שטאַרק, ווי ווײַן, און עס דרעהט פון זיי עטוואָס דער קאָפּ. וואו מען זאָל נישט וואַרפען מיט אַנ׳אויג, איז נאַכט און הימעל און שטע-רען, און פון אַלע זייטען געהט-אויף אַ וואַרימקייט און אַ שטיל-קייט און די מענשען זעהען-אויס ווי שוואַרצע שאָטענס און מען הערט נישט זייערע טריט. און נאָר די ליכטיגע פענסטער פון׳ם הייזעל, קוקען ווי געלע גלעזערנע אויגען ביי אַ שוואַרצער קאַץ, און זיי שטערען דאָ עטוואָס דעם טאָן פון דער נאַכט.

אויפ׳ן שוועל פון הייזעל בעווייזט זיך קושע, פּונקט ווי אין אַ שוואַרצער ראַהם, מיט אַ גרויסען ביסען אין מויל, און ער קייט אויך מיט אַזאַ קלאַנג, ווי די פערד.

—דו, קליינער,—גיט ער באַסיג אַ זאָג—עסען ווילסטו?..

משה׳לע הויבט-אויף דעם קאָפּ. לויט׳ן טאָן פערשטעהט ער, אַז דאָס איז געזאָגט געוואָרען צו איהם, אָבער ער ענטפערט קורץ:

—ניין...

—פאַרוואָס ווילסטו נישט עסען?

—איך וויל נישט...

—עפּיס זעהסטו מיר אויס פון די קלוגע, פון די-יעניגע... ווי רופט מען דיין טאַטען, האַ?—דרעהט זיך קושע לאַנגזאַם אויס, ווי אַ פערד, און געהט-אַריין צוריק אין הייזעל, נישט וואַרטע-דיג אויף אַנ׳ענטפער.

משה׳לע כאַפּט זיך דערוויייל אַריבער אויף יענער זייט הײ־זעל. דאָרט שטעהט אַ קליין אָפען שטעלכעל מיט שלאָפענדיגע ווייסע ציגעלעך, און אַ בהמה, וואָס ליגט נעבען זיי, הויבט־אויף דעם קאָפּ און קוקט איהם אָן מיט גרויסע שוואַרצע פרעגענדיגע אויגען. פון ערגעץ וואַקסט־אויס, אָהן אַ שום שאָרך, אַנ׳אַלטער גוטער הונד, פּונקט ווי אַ מענש, וואָס איהם שלאָפט זיך נישט, און שמעקט איהם לאַנגזאַם אַרום ביי די פיס, פּונקט ווי ער וואָלט זיך וועלען דערמאָהנען, צי ער קאָן איהם, צי נישט. און פּלוצלונג דערהערט זיך פון דעכעל אַ קוואָקעניש פון היהנער, פּונקט ווי אינדערווייטענס וואָלטען זיך ווייבער בייז איבערגעשמועסט און דער אַלטער דאָרפסהונד הויבט־אויף צום דעכעל דעם קאָפּ מיט עפּיס אַ מינע פון בטול. נאָכדעם נעהמט ער זיך פון דאָסניי אַרום־שמעקען משה׳לען און דאָס יונגעל גלעט איהם ביים קאָפּ, וואָס איז בעדעקט מיט אַלטע האַרטע פערשטויבטע האָהר. פון שטומען שלאָ־פענדיגען וואַלד קומען פערשטיקטע קלאַנגען און אין ראַנד פון טונקעלען הימעל גנב׳עט זיך אַריין אַ בלאַסקייט, פּונקט ווי די נאַכט וואָלט דאָרט געעפענט אַ פענסטערל אין טאָג אַריין.

—האַוו, האַוו, האַוו!..—גיט זיך דער הונד ראַפּטום אַ ריס פון אָרט און האַקט זיך אָבער אָב מיט אַמאָל: קענטיג, פון אַלט־קייט אַ טעות געהאַט און אָנגענומען אַ בוים פאַר אַ הויכען גע־הענדיגען מענשען.

נאָר באַלד ז׳ערויף דערהערט זיך קושעס זאַטער געדיכ־טער קול:

—עולם, וואו זענט איהר, מיר פאָהרען...

דער הונד, וואָס פערשטעהט שוין, אפנים, קושעס לשון, גיט אַ קראַץ מיט אַ הינטערשטען פוס דעם קאָפּ און געהט־אַוועק אָן אַ זייט, ווי איינער זאָגט: וואָס האָב איך מיט דיר וואָס צו טהאָן, אַז דו פאָהרסט דאָך אַוועק.

און אָט פאָהרט משה׳לע פון דאָסניי אונטער אַ הימעל מיט גאָלדענע גלעקעלעך, וואָס ציהען זיך אויף צוריק, און אַז מען זאָל זיך גוט אָנשטרענגען, קאָן מען הערען, ווי דידאָזיגע גלעקעלעך קלינגען שטיל־שטיל... וואָס ווייטער מען פאָהרט, אַלץ צוגעפּאַ־

סטער זענען די ערטער צו זלמנ׳ס מעשה׳לעך. אָט איז גאָר אַ הויכער באַרג, וואָס ליגט פערהילט אין נאַכט און איז עטוואָס בעשפריצט מיט׳ן ליכט פון די שטערען. פון הינטער דעמדאָזיגען באַרג שווימט שטיל און פערבאָרגען אַרויס אַ קליין ווייס מויערל מיט שוואַרצע פענסטער און באַלד דערויף דערהערט זיך אַ באַסיג בילען פון אַ הונד אויף אַ קלינגענדיגער קייט. אָט איז אַ קליין טייכעלע מיט אַ בריקעל און דערביי ציהט זיך אַ דאָרף מיט צווייי לאַנגע שורות הייזער. אין דאָרף שלאָפען אַלע, נאָר פון צווישען די שיטערע פאַרקאַנעס קוקען הינד מיט בייזע פייערדיגע אויגען און מיט שניי-ווייסע בלישטשענדיגע צייהן.

די נאַכט זייהט איהר ווייכע שוואַרצקייט איבער אַלע עקען פון דער וועלט, און אַמאָל דאַכט זיך משה׳לען, אַז דאָס איז אַ שוואַרצע געשטאַלט, וואָס טרינקט שוואַרצען וויין פון אַ שוואַרצען בעכער. אַמאָל, ווידער, דאַכט זיך איהם, אַז דאָס איז אַ שוואַרצע געשטאַלט מיט שוואַרצע לאַנגע צובלאָזענע האָהר, וואָס שטעהט צווישען הימעל און ערד מיט אַנ׳אַראָבגעלאָזטען קאָפּ און זוכט עפּיס אַרום זיך. נאָר גוט און זיס איז אין דער נאַכט, ווי עס איז גוט און זיס אין אַ מעשה׳לע אָדער אין דער ליבשאַפט צו שיינדעלע׳ן. טיילמאָל אָבער דאַכט זיך משה׳לען, אַז ער האָט נישט קיין עבר אין דער נאַכט, אַז ער איז איינזאַם און אַליין, ווי אַ גרעזעל, ווי אַ בוים, אָהן אַ טאַטען, אָהן אַ מאַמען און אפילו אָהן שיינדעלע׳ן. דאָס פריהערדיגע איז מיט אַמאָל איבערגעהאַקט געוואָרען און עס איז בלויז דאָ דאָס איצטיגע, דאָס היינטיגע—דאָס פאָהרען אויף דער גרויסער וועלט, וואָס האָט קיין אָנהויב און קיין סוף נישט. און דעריך, אַז עס איז טאַקי נישטאָ קיין אָנהויב און קיין סוף, האָט איהם איצט בעזונדערס איבערצייגט זיין נסיעה. פאָהרט ערגעץ אַ משה׳לע אין אַ לאַנגען וואָגען צווישען פעלד און וואַלד און ער געהערט צו קיינעם נישט און קיינער געהערט צו איהם נישט. און פון זיין עבר איז איהם נאָר געבליבען זיין נאָמען משה׳לע. אָבער באַלד דערשפירט ער, אַז דאָס איז נישט אַזוי, אמת, זיין עבר איז אָבגעהאַקט געוואָרען, אָבער ער געהערט דער נ אַ כ ט. ער גע 100

פינט זיך איינגאַנצען אין איהר רשות, ווי אַן׳אָדלערל אונטער די ברייטע פליגלען פון זיין מוטער, ווי אַ קליין פישעלע אין אַ וואַסער, און זי וועט איהם זיכער בעהיטען און בעשירמען פון אַלדאָס בייז און שלעכטס. אָבער זי מוז איהם בעהיטען און בעשירמען, ווייל ער איז אַ יודיש קינד און זי איז אַ טייל פון גאָט... אין דער נאַכט איז אויך פאַרהאַן גאָט.

אין די סאַמעטענע האָהר פון דער נאַכט טריפט פלוצלונג אַריין עפּיס אַ גרויסע ליכטיגקייט און מען ווייס נישט פון וואַנען, פונקט ווי אין הימעל וואָלט געעפענט געוואָרען אַ קליין לאָדענדעל. אַ שורה שטערענדלעך, וואָס משה׳לע האָט פריהער לאַנג געקוקט אויף זיי, איז מיט אַמאָל פערשוואונדען געוואָרען טיפער אין הימעל אַריין. דאָרט, ביים ראַנד פון דער ערד קנוילט זיך אַ רויטער נעבעל און עפּיס שטאַרבט-אָב און עפּיס ווערט געבוירען. די גרויסע ליכטיגקייט הויבט ווידער אָן טריפען גאָר אין אַן׳אַנדער זייט, וואו עס איז פריהער שוואַרץ געווען, און דער רויטער נעבעל צעוואַקסט זיך. פונ׳ם רויטען נעבעל שיילט זיך אויס אַ רויטער ברעג הימעל, אָבער די רויטקייט איז אַ פערשלאָפענע, אַן׳אומעטיגע. אַלץ איז עפּיס ערנסט און אומעטיג, ווי פאַר אַ גרויסער געשעהעניש. די גאָלדענע גלעקעלעך ווערען בלאַסער און בלאַסער און רוקען זיך טיפער אין הימעל אַריין. פאַרענט, רעכטס און לינקס ווערען פאַוואָליע אויפגעדעקט בלאַסע און גרינע פענסטערלעך הימעל, פערשלאָפענע נעבעלדיגע פעלדער, זאַמדיגע שטומע טהאָלען און איינציגע גרויסע שטרוי-דעכלעך פון פויערשע הייזלעך. מוידענדער און מוידענדער בלאַסע פענסטערלעך ווערען שטיל און אונבעמערקט געעפענט אין הימעל, און די נאַכט ציהט זיך אַוועק אַ שוואַכע, אַ שטילע, פונקט ווי אַ געשלאָגענע. קליינע שטיקעלעך נאַכט ליגען נאָך פערגעסענע אונטער די בערג, אין די קוסטעס, אָבער דאָס שטרענגע בעגינען-ליכט בעפאַלט זיי ווי אַ חיה און דערשטיקט זיי אונטער זיך. פאַרהאַן עפּיס צער און וועה אין דער אַוועקגעהענדיגער נאַכט, וואָס קומט מיט אַזויפיל מאַכט און גלאַנץ. זי איז עהנליך צו אַ שענער רייכער פרוי, וואָס קומט-צופאָהרען אין קאַרעטען, צו-

פטר׳ט איהרע אוצרות און פאָהרט-אַוועק, אַ בעליידיגטע און אַנ׳-
עלענדע אויף אַ גרוי וועגעלע, אין אַ ווייטען לאַנד, און קיינער
בעווייגט זי נישט. זי פאָהרט-אַוועק איילענדיג, ווייל עמיץ טרייבט
זי, און מאַנכע זאַכען פון איהר פריהערדיגער עשירות ליגען נאָך
דאָ און דאָרט צעוואָרפען איבער דער ערד.

דער ראַנד פון הימעל רויטעלט זיך, נאָר אין גראָז איז
שוין ליכטיג, און קלאָרע טויעלעך שמייכלען-אַרויס, ווי גליקליכע
פריהמאָרגען-טרעהרען. ווי שנעל דער טאָג געהט. ער געהט האַ-
סטיג, גראָב, זעלנעריש, פעסט און זיכער, און עס דאַכט זיך, אַז
מען הערט זיין אָטעם און זיינע שווערע טריט. ער געהט מיט
אַ ליכטיגען בעזים אין דער האַנד און פערקעהרט אָהן רחמנות
די לעצטע טונקעל-זיידענע שפורען פון דער שטילער לייכטער
נאַכט. האַרט און שטרענג רייסט ער זיך אַריין אין דער מלוכה
פון איהר שטילקייט, רופט-אַרויס דאָרט אַ צומישעניש, בעגיסט
אַלץ מיט קולות און בעוועגונג און קעהרט אַלץ איבער קאַפויר.
ער קעהרט-איבער דעם באַרג, וואָס איז ביינאַכט אַנדערש געלע-
גען, דרעהט-אום דעם בוים, וואָס איז פריהער אַנדערש געשטאַ-
נען און שטעלט-איבער די פעלדער און די וועלדער און דעם
טייך און אפילו דעם וועג, איבער וועלכען משה׳לע פאָהרט. אַלץ
איז פערענדערט און איבערגעמאַכט—יעדעס גרעזעלע, יעדעס בוי-
מעלע, יעדעס בערגעלע און יעדעס שטויבעלע, און עס איז נאָר
אַ וואונדער, ווי שנעל דער טאָג מאַכט-דורך דידאָזיגע גרויסע
אונבעגרייפליכע אַרבייט.

דרויסען איז שוין רעכט טאָג, נאָר די זון איז נאָך רויט,
און זי שטעהט אויפ׳ן הימעל ווי אַ מאַט-רויטער פלאַם, ווי אַ
רויטע לאַמטערנע, צוגעבונדען אויף אַ שנירעלע. אונבעקאַנטע פוי-
געל פליהען איבער דעם וועג און וואַרפען-אַראָב אַ טרעל פון
דערהויך, פונקט ווי אַ קאָלירט גלעזערן קיילעכעל. פון די הייזלעך
און דערפלעך, וואָס שווימען פל.צלונג אַרויס ווי פון אונטער
דער ערד, שפרינגען-אַרויס איינציגע פויערים אין גראָבע ליי-
ווענדענע העמדער און ווערען תיכף פערפאַלען אין די שווערע
צייטיגע תבואה-פעלדער, ווי אין אַ גאָלדענעם וואַסער. יעדעס

דאָרף, וואָס מען פאָהרט פאַרביי, גיסט-אָב האַסטיג און אָבגע-
האַקט מיט די קולות פון הינד, היהנער און חזירים, און אומע-
טום, וואו עס הויבט זיך אַ שטויב פון דער ערד, בלייבט אָדער
רויטעלט זיך אַ זייט פון אַ בהמה. עס גערען טשערעדעס אויף
פּאַשע, עס סקריפּען פרעמדע, נישט בעל-עגלה׳שע וועגלעך, עס
קרעכצען די לאַנגע שטעקענס פון די ברונימער און פון מאַנכע
קוימענדלעך שפּראָצט-אַרויס אַ בלויער רויך, ווי אַ שלאַנקער לופט-
בוים. אָבער דאָס אַלץ האַלט פעסט דער טאָג אין זיין קיהלער
פריהמאָרגען-האַנד, פון וועלכער זיי וועלען שוין, דאַכט זיך,
קיינמאָל נישט אַרויספאַלען.

די ערד וויקעלט זיך און וויקעלט זיך אונטער די רעדער
ווי אַ ריזיגער קנויל, וואָס עמיץ דרעהט פון אונטען, און פאַר
די אויגען קומען אַלץ נייע בילדער, נייע פעלדער און וועלדער,
נייע וועגען און דערפער מיט קליינינשקע איינזאַמע קלויסטער-
לעך. טיילמאָל קומען פאַר די אויגען אַזוינע אויסטערלישע לאַנד-
שאַפטען, אַזוינע מאָדנע אייגענאַרטיגע ווינקעלעך און שטעגעלעך,
וואָס משה׳לע האָט זיי געזעהן אַמאָל אין חלום אָדער אין זלמנ׳ס
אַ מעשה׳לע, און דעמאָלט דאַכט זיך איהם, אַז ער איז דאָ גע-
ווען און נישט געווען, אַז זיי זענען בעקאַנט און נישט-בעקאַנט.
על-פּי-רוב זענען דידאָזיגע ווינקעלעך און שטעגעלעך זעהר שטי-
לע, רוהיגע און אונשולדיגע און עס דאַכט זיך, אַז גאָט געהט
איבער זיי, באַלד ווי ער לאָזט זיך פערבאָרגען אַראָב פון הי-
מעל. פאַרהאַן שטעגעלעך מיט אַ שטיל וואַסערל, פאַרהאַן בער-
געלעך מיט אַנ׳איינצעלנעם בוימעלע און פאַרהאַן מנוחה׳דיגע
וואַלד-ווינקעלעך, וואָס ליגען אונטער אַ שווייגענדיגען שאָטען, ווי
אונטער אַ זיידענעם פליגעלע. קיין מענשליכער פוס טרעט נישט
איבער זיי, קיין מענשליכער קול שטערט זייער שטילקייט נישט
און זיי אַלע חלומ׳ען אַ שטילען גאָט-חלום. דורך זיי קאָן מען
אפשר אַרויף אויף ך הימעל און דורך זיי קאָן מען אויך פון
הימעל אַראָב אויף ־ער ערד.

קוקענדיג אויף דידאָזיגע ווינקעלעך, פערווילט זיך משה׳-
לען דאַוונען, און ער הויבט-אָן זאָגען פון מה-טבו מיט אַזאַ

שטילען און האַרציגען טאָן, פונקט ווי מען דערצעהלט עפּיס אַ זיסען סוד פאַר אַ ברודער. די ווערטער פליסען איהם לייכט פון דער צונג, און עס דאַכט זיך איהם, אַז גאָט, וואָס איז נישט לאַנג אַרומגעגאַנגען איבער דעם בערגעל מיט דעם בוימעלע, איז אַריין צו איהם אין וואָגען, האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבען איהם און הערט מיט ליבע אויס, וואָס דאָס יונגעל דערצעהלט מיט די ווערטער פון דאַוונען. דאָס דאַוונען הערט-אויף צו זיין אַ לויב צו גאָט, נאָר עס ווערט אַ טיפע דאַנקבאַרקייט פאַר דער נאַכט, פאַר די שטערען און פאַר די זיסע שפּירונגען, וואָס דאָס יונגעל האָט איבערגעלעבט. און נאָכדעם, אַז ער ענדיגט, קוקט ער זיך אַרום, פונקט ווי ער וואָלט זיך צוזעגענט מיט גאָט, וואָס געהט צוריק אַרויף אויפ׳ן בערגעל מיט׳ן בוימעלע, און ער קוקט איהם נאָך אַ גליקליכער און אַ רוהיגער.

די זון איז שוין נישט מאַט-רויט. איצט איז זי שוין אַ גאָלדען אימפּעט-פערד, אויף וועלכען עס רייט הילכיג דער טאָג מיט אַ לאַנגער שטראַהלען-בייטש אין דער האַנד, און עפּטער כאַפּט די ערד אַ הייסען פייערדיגען שמיץ.

אָבער דאָס פייער שטאַרקט זיך. עס דאַכט זיך, אַז עס איז קיין לופט נישטאָ, נאָר בלויז ווייס פייער, וואָס שטעהט צווישען הימעל און ערד, און דער הימעל דעקט עס צו, עס זאָל נישט אָבקיהלען. משה׳לע מאַכט-צו די אויגען פון היץ און ליכט, וואָס דרינגען איהם אַדורך דעם שאַרבען פון קאָפּ. דער לאַנגער בעל-עגלה׳שער וואָגען געהט ווי אין אָפענעם פייער, און אַלץ ברענט: קושע ברענט און די ווייבער-פּאַסאַזשירען ברענען און דאָס פערד ברענט. אָבער עס איז דאָך אָנגענעהם און דער תענוג פון פאָהרען איז נאָך גענוג שטאַרק. פאַרהאַן נאָר איין פעהלער: דאָס ליכט איז געוואַלטיג גרויס און לאָזט נישט האַלטען אָפען די אויגען. אָבער מיט צוגעמאַכטע אויגען קאָן מען אויך אַלץ זעהן און נאָך אפשר בעסער, ווי מיט אָפענע.

בייטאָג שטעלט מען זיך ווידער אָב פאַר אַ קיהל וואַסערל מיט אַ קליין נידעריג הייזעל. פאַר דער טיר פון הייזעל שטע-העז צוויי קליינע פויערשטע מיידעלעך מיט ווייסע האָהר און

מיט פינגער אין די מיילעכלעך. איינס פון זיי צולאַכט זיך פלו-
צלונג און אַנטלויפט און דאָס צווייטע זעצט זיך אַנידער אויף
דער ערד און נעהמט וואַרפען שטיינדלעך אין וואַסער אַריין.
אויפ׳ן שוועל בעווייזט זיך אַ גרויסער סאָלידער הונד, די פּאָ-
דערשטע פיס אויסגעצויגען, דער קאָפּ אויפגעהויבען מיט אַזאַ
מינע, פונקט ווי ער וואָלט זיך רוהיג בעדאַכט, צי דער עולם
מיט די פערד זענען אָנשטענדיגע, צי נישט. פון ערגעץ שפּרינגט-
אַרויס אַ קעלבעל און לאָזט זיך אַוועק איבער׳ן פעלד מיט אַ
פערריסענעם עק און מיט פערבויגטע פיס אונטער׳ן בויך, פונקט
ווי עס וואָלט מיט אַמאָל משוגע געוואָרען פון שמחה. די פערד
ציהען מיט די אויערן און שמייסען כסדר מיט די עקען די
בייסענדיגע פליגען, וואָס לאָזען זיי נישט אָב אויף אַ רגע. די-
דאָזיגע שרעקליכע בייסער, די פליגען, האָט משה׳לע בעמערקט,
לויפען מיט די פערד נאָך פון שטאָדט אָן און נישטאָ, קענטיג,
קיין שום תרופה צו זיי.

ביים וואַסערל וואַשט זיך משה׳לע אָב דאָס געזיכט און
געניסט עפּיס צום ערשטען מאָל פון זיין קליין פּעקעלע, וואָס
ער פיהרט מיט זיך. קושע, וואָס איז שוין לאַנג אַראָב פון וואָ-
גען, דרעהט זיך אַרום ביים טייכעל מיט אַ ברויטעל אין איין
האַנד און אַ הערינג אין דער צווייטער. מיט׳ן מויל רייסט ער,
ווי אַ חיה, שטיקערווייז פון ביידען און בעת-מעשה דרעהען זיך
איהם די אויערן, ווי קאָלבעס אין אַ ראָד. און מיט אַנ׳אָנגע-
שטאָפּטען מויל גיט ער אַ זאָג צו משה׳לען:

—וואָס טראַכסטו אַזויפיל... מאַך מיר אַ רעגען...

נאָר אויף קושע׳ן איז זיך נישטאָ וואָס צו בעליידיגען.
קושע איז שוין אַזאַ מענש: ער האָט ליב צו עסען, שרייען און
אָבלאַכען פון יענעם. אַ מענש איז ביי איהם אַלץ איינס ווי אַ
הונד, וועלכען מען קאָן געבען מיט׳ן פוס אין זייט אַריין. דער
שווייס רינט איהם איבער׳ן פנים ווי מוטנע רעגענטראָפּענס,
אָבער דאָס ברויטעל מיט׳ן הערינג ווערען קלענער און קלענער.

אין דער גרויסער היץ הויט-אָב דאָס וואַסערל זיין קיהל-
קייט, און עס שלענגעלט זיך צווישען די פעלדער, ווי אַ שטיק

צאַפּעלדיג זילבער. עס איז גוט צו ליגען דערביי מיט צונע־
מאַכטע אויגען און זיך צוהערען, ווי עס ברומען אין גראָז פער־
שידענע פליגעלעך און ווי אַ וועלכעלע גיט וואו־נישט־וואו אַ
וואָרקע צום ברעג, ווי אַ טויב. אָבער לאַנג קאָן מען נישט הע־
רען דידאָזיגע קלאַנגען, ווייל זיי פערשלעפערן, ווי ווין. און
משה׳לע, וואָס האָט נישט לאַנג צוגעביסען, פערוואַרפט דעם קאָפּ
אינ׳ם פרישען גראָז, וואָס שמעקט עטוואָס מיט וואַסער, און
בלייבט ליגען אונבעוועגט, ווי אַ שטיין.

אַז ער כאַפּט זיך אויף, שפּירט ער, ווי די זון האָט איהם
אויסגעברענט דעם שטערען, אָבער אויפ׳ן וואָגען שטעהט קושע,
אַ הויכער און אַ שוואַרצער, ציהט די לייצעס און דרעהט אין
דער לופטען די בייטש. משה׳לע איז באַלד אויף די פיס און
לאָזט זיך לאַנגזאַם געהן נאָכ׳ן סקריפּענדיגען וואָגען.

—פינף מייל,—טראַכט ער—און מען פאָהרט אַזוי לאַנג. די
וועלט איז אַזוי גרויס...

די פערד ציהען די וועגענס מיד און שווער, און ביי די
זייטען געהען די בעלי־עגלות מיט די בייטשען אונטער די אָרעמס.
צווישען זיי באַמבעלט זיך אַ קליין בעל־עגלה׳לע, כמעט אַ יונגעל,
מיט אַ לאַנגען פּאַפּיראָס אין מויל און מיט אַ היטעל איבער די
אויגען.

די זון וויל שוין ווערען צוריק אַ רויטע, ווי נעכטען. אַ
גאַנצען הימעל איז זי דורכגעגאַנגען, און איצט פערקירעוועט זי
זיך אין יענע הימעל־געסעלעך, וואָס פיהרען צום ראַנד. עטליכע
וואָלקענדלעך ווערען בעצייטענס רויט און פוצען־אויס אַ וועג
פאַר איהר. דער טאָג, וואָס האָט זיך אַזוי מעכטיג אָנגעהויבען, האָט
אויך אַ סוף, און אין דער ריינער לופט שטאַרבט־אָב זיין ליכט
צוזאַמען מיט זיין היץ. עס איז נאָך ווייט צו באַכט, דער פאַר־
נאַכט איז נאָך אפילו נישט געקומען, אָבער דאָך פיהלט זיך שוין
דער קלאַנג פון דער ווייטער נאַכט־קאַרעטע: זי פאָהרט ערגעץ
אויפ׳ן הימעל און דערנעהנטערט זיך צו דער ערד.

משה׳לע זעצט זיך צוריק אין וואָגען, אָבער די פערד
הויבען זיך אויף אויף אַ באַרג. זיי סאָפּען שווער, טראָגען מיט

די בייכער, שאָקלען מיט די קעפּ, ציהען די אויערן און שטעּ-
לען זיך צו עטליכע מאָל פון מידקייט. אָבער אַז זיי קריגען
זיך אַרויף אויפ׳ן באַרג, וואַקסט-אויס פלוצלונג אַ קרעטשמע מיט
אַ געל יודעל אויף דער שוועל. פון די פענסטער קוקען פּנים׳-
לעך פון יודישע קינדער, און ביי דער פריזבע פון הייזעל קלאַ-
פּען זיך אָן מיט די הערנער צוויי ווייסע ציגען.

—הענאַך!—שרייען די בעלי-עגלות צום יודעל—טראָג אונז
אַרויס צו גלעזלעך... אַ שרעקליכע היץ היינט געווען. קום דער-
פאַהרען.

הענאַך קומט באַלד אַרויס מיט אַ גרינגליך פלעשעל שנאַפּס
און אַלע בעלי-עגלות טרינקען פון איין גלעזעל. דער לעצטער
טרינקט דאָס יונגעל און פערקרימט זיך פונקט ווי די גרויסע.
ער איז צופרידען, וואָס ער האָט גראָבע שמוציגע הענד, גרוי-
סע שטיוועל, אַ בייטש אונטער׳ן אָרעם און אַ היטעל איבער די
אויגען.

—און עפּיס צובייסען, ווילט איהר נישט?—פרעגט הענאַך
און קוקט אויף דער לעדיגער פלאַש אין דער האַנד.

—וואו, אָט איז דאָס שטעדטעל,—זאָגט קושע און ווישט-
אָב מיט׳ן אַרבעל די וואָנסען.

משה׳לע הויבט-אויף די אויגען און זעהט פון ווייטען קליי-
נע הייזלעך, וואָס ליגען, ווי אַ סטאַדע גרויע שעפּסען מיט אַ
שפּיץ פון אַ קלויסטערל אינמיטען. פון ביידע זייטען שטעהען
צוויי וועלדער, איינגעהילט אין אַ בלויען רויך. משה׳לען גלויבט
זיך נישט, אַז דאָס איז דאָס שטעדטעל: עפּיס איז עס ענליך
צו אַ דאָרף, וואָס ער איז שוין איינמאָל פאַרבייגעפאָהרען. אָבער
די ווייבער-פּאַסאַזשירען מאַכען זיך צורעכט די טיכלעך אויפ׳ן
קאָפּ, צעהלען-אויס מיט די אויגען די פעקלעך, וואָס זיי פיהרען
און קוקען מיט אונרוהיגע צופרידענע בליקען אַהין, וואו עס ליגט
די גרויסע סטאַדע שעפּסען.

די פערד, דערשפּירענדיג די היים, ריהרען זיך מוטיגער
פון אָרט. דאָס געפּעק, וואָס איז צוטרויסעלט געוואָרען פאַר די
פינף מייל, וויל אַראָבשפּרינגען פון וואָגען. אָבער קיינער קוקט

זיך נישט אום דערויף, און קלאַפּענדיג און טראַסקענדיג רייסען זיך אַריין די פוהרען אין שטערטעל אַריין מיט געשרייען און פייפעריי פון די בעלי-עגלות, און צו משה'לען שווימען-צו שפּי-לע שמאָלע געסעלעך, געל-בערדיגע יודען און מעוברת'ע ווייבער. אַראָבשפּרינגענדיג פון וואָגען, בעפּאַלען משה'לען צוויי גערדאַנ-קען מיט אַמאָל.

איינער:

—אָבגעפאָהרען פינף מייל און קיין איין גזלן נישט גע-זעהן.

און אַ צווייטער:

—דאָ איז דער טאַטע געבוירען געוואָרען...

## ניינטען קאַפּיטעל.

### ביי דער באָבען.

משה'לע צוקושט זיך מיט'ן פעטער און דער מוהמען, און פון אַ לאַנגער באַנק הויבט זיך אויף אַנ'אַלטעטשקע יודענע מיט די הענד אין דערהויך און מיט אַ קליין אַלט שאָקלענדיג קעפעלע צווישען די הענד און פאַלט אויף איהם אַרויף דושנע און ווייך, ווי אַנ'אַלטער קישען. אַ ווײלע איז שטיל, פונקט ווי די אַלטע וואָלט גע'חלש'ט, און דערנאָך קושט זי איהם אויפ'ן בעקעל מיט איהר איינגעשרומפען פנימ'ל און די צוויי ביינער-דיגע הענדטלעך דריקען איהם פון רוקען צו דער ברוסט. אָבער אַז משה'לע בעפרייט זיך, דערשרעקט ער זיך פאַר איהר אַלט-קייט. עס דאַכט זיך, אַז דאָס לעבען האָט זיך שוין לאַנג אַרויס-געבאָסען פון איהר, ווי פון אַ צובראָכענער כלי און עס געהט נאָך אַרום אויף דער וועלט אַ פערגעסענער גוף, פונקט ווי ער וואָלט אַרויס פון אַ קבר. אין די אויגען שפּראָצט נאָך אַנ'אַלט שטאַר פייערל און עס שמעקט פון איהר מיט יענער וועלט. דאָס קליידעל, וואָס זי טראָגט, איז אויך אַנ'אַלט, ווי זי, אָבער עס

איז ריין און דאָס סאַמעטענע טשעפּיקעל אויפ׳ן קאָפּ האָט נאָך אַ גלאַנץ.

—זעץ דיך... זעץ דיך...—זאָגט זי מיט אַ קיינדיגען לשון.—זעץ דיך, דו ביזט דאָך מיד...

אין האַנד האַלט זי אַ שטעקען, אויף וועלכען זי שפּאַרט זיך אָן, און זי מאַכט אַ טריט אָדער דרעהט זיך אויס, ווי אַ טישעל אָדער אַ שטוהל. אַז משה׳לע קוקט זיך בעסער צו צו איהר, דערקענט ער אויף איהר דעם טאַטענס נאָז און דעם טאַטענס שטערען. אָבער ביידע זעגען שטאַרק איינגעשרומפּען און זעגען עהנליך צו אַן׳אָבגעבאַקטער קאַרטאָפעל.

—און דער טאַטע וואָס מאַכט... און די מאַמע...—קייט זי די ווערטער און רוקט זיך צו משה׳לען מיט׳ן ריח פון יענער וועלט.

אין שטוב בעוועגט זיך דער פעטער, מיט אַ שטעקעלע אין האַנד, מיט אַ ווייסען קראַגען אויפ׳ן האַלז און מיט אַ זמר׳ל אונטער דער נאָז. ווילעוויז געהט ער אַריין און אַרויס, אָבער מען הערט נישט זיינע טריט, פונקט ווי ער וואָלט געהאַט פיס פון וואַטע. זיין באָרד איז אַ געלע, ווי ביי אַלע שטעדטעלשע יודען, די הענד דינע, אין די וואַנטען אַ שמייכעלע, אין די אויגען אַ פייערל, אין נאָז אַ זמר׳ל. דאָ איז ער ביים פענסטער, דאָ ביי דער טיר, דאָ אינמיטען שטוב, און דאָס אַלץ קומט-פאַר אָהן אַ שום שאָרך, אָהן אַ גערויש, פונקט ווי ער וואָלט געשוואומען אין אַ וואַסער. פון צייט-צו-צייט גיט ער אַ שוואום צום קאָמאָד, נעהמט דאָרט אַ קעמעל און פערקאַמט זיך די געלע באָרד פאַר׳ן שפּיגעל, וואָס העגגט דערביי אויף דער וואַנד און שווימט באַלד אַוועק צו דער טיר. פון דער טיר שווימט ער תיכף צוריק, שטעלט זיך צו געבען משה׳לען מיט אַ זמר׳ל אין נאָז און גיט פלוצלונג אַ פרעג:

—נו, דער טאַטע האָט קאַטאַר?..

און צולאַכט זיך מיט פערקוועטשטע אויגען.

און אין שטוב געהט-אונטער די זון אין אַלע פענסטער. רויטע שטראַהלען, ווי וויין-וואַסערלעך שפּילען אויף דער פאַ-

דלאָגע און אויף די ווייסע ווענד, און דער טיש, שטוהלען און בעטען שטעהען ווי שוואַרצע פּלעקען אונטער אַ ראָזער לופט. צוליב דער רויטקייט פון דער אונטערגעהענדיגער זון און צוליב דעם שלל פענסטער אין אַלע פיר ווענד, זעהט-אויס די שטוב ווי אַ רויטע פּאַפּירענע לאַמטערנע, אין וועלכער עס ברענט אַ ליכט.

דער פעטער רוקט זיך אַרויס אין דרויסען מיט אַ זמר׳ל אין נאָז און באַלד זעהט זיך דורכ׳ן פענסטער, ווי ער שווימט אין אַ שמאָל געסעלע מיט זיינע וואַטע-פיס און דרעהט פון רחבות דאָס שטעקעלע אין דער האַנד. אין קין האַקט עפּיס די מוהמע מיט גרויס פּלייס, קענטיג, פאַר׳ן גאַסט, אַרום משה׳לען דרעהט זיך די באָבע, ווי אַ מעכאַנישער מענש, ווי אַ צווייפיסי-גער שטוהל און פון מויל פאַלען איהר קייענדיגע ווערטער:

—אַמאָל, קינד מיינס, אַ גביר׳טע געווען... פינפאונדרייסיג בהמות געהאַט... רויטע, ווייסע, שוואַרצע... אין אַ וואַלד גע-לעבט, אין אַ גרויסען געדיכטען וואַלד, ביים גראַף לאַסקע... אייגענע ביהנען געהאַט, אייגענע ענטלעך, אַנ׳אייגענעם טייך... און אַ מיהל אויפ׳ן טייך... דעם ייִדען האָט קיין פויגעלמילך נישט געפעהלט... אין שטוב האָט גאָלד געדרונען, ווי די שררות האָט מען געלעבט... אַי, מיין קינד, מיין קינד!

די קייענדיגע ווערטער פאַלען און פאַלען, ווי ווייכע שטיינדעלעך אויף אַנ׳אָנגעצויגענער טוך. משה׳לע קוקט איהר אַריין אינ׳ם אַלטען פאַרמעטענעם פנים, און דורך עפּיס אַנ׳אינ-סטינקט שפּירט ער, אַז דידאָזיגע זקנה, פון וועלכער עס שמעקט מיט יענער וועלט, איז דער שטאַם פון יענעם אַלטען בוים, אויף וועלכען ער זיצט ערגעץ אין דער-הויך, ווי אַ קליין גרין צווייגעלע. עס וואָלט געווען גוט זיך איינצוזינקען מיט׳ן אָרעם אין איהר וואַרימער אַלטקייט אַריין, פּונקט ווי אין אַנ׳אייביגקייט, אָבער דידאָזיגע אייביגקייט האַלט זיך קוים אויף די פיס און דער קאָפּ שאָקעלט זיך איהר, ווי אַ הערבסטבלאַט אין ווינד.

—פינפאונדרייסיג בהמות, מיין קינד...—שיטען זיך איהר אַלץ די ווערטער פון מויל, וואָס האָט שוין קיין איין צאָהן

נישט,—קעז און פוטער און מילך... אויף שבת פלעגט מען שע-
כטען אַ קעלבעל...

די ווערטער שיטען זיך שוין נישט, נאָר זיי פאַלען ווי
דושנע וויקעל-טיכער, און דידאָזיגע וויקעל-טיכער וויקלען און
וויקלען איהם אָהן אַנ'אָנהויב און אָהן אַ סוף, און מיט אַמאָל
דערשפירט ער, אַז עס פערפעהלט איהם אָטעם און קאַלטע טראָ-
פענס שווייס טרעטען איהם אַרויס אויפ'ן שטערען. מיט די לע-
צטע קרעפטען, מיט די לעצטע אָנשטרענגונגען רייסט ער זיך
אַרויס פון איהר כשוף, דערווייטערט זיך פון איהר אויף עטליכע
שריט און דעמאָלט טרעפט ער זיך אָן מיט איהרען אַ קוק, וואָס
ער וועט איהם שוין קיינמאָל נישט פערגעסען. דאָס איז געווען אַ
קוק פון אַ דרייאונבייבציג-יעהריגען אויג, אין וועלכען עס האָט זיך
פערזאַמעלט דאָס גאַנצע ביסעל לעבען און ליבע פונ'ם האַלב-
אָבגעשטאָרבענעם גוף. און דערדאָזיגער קוק האָט איהם אַזוי ווי
דורכגעשניטען דאָס אויג און אַריינגעשטאָכען טיף אין דער נשמה
אַריין. משה'לע איז געבליבען שטעהן, אַ פערשטיינערטער, און
די באָבע האָט זיך אומגעדרעהט, ווי אַ טישעל, און מיט נישט-
געבויגטע קניה זיך אַנידערגעזעצט אויף דער מיט צעראַטע-בע-
צויגענער קאַנאַפע.

משה'לע קומט צו זיך, ווען אין שטוב פאַלען-אַריין דעם
פעטער'ס קינדער—צוויי יונגלעך מיט אַ מיידעל. אַלע דריי צו-
קושען זיך שנעל און שטום מיט משה'לען. נאָכדעם שמייכלען די
יונגלעך פערשעמט, מיט צעראָבגעלאָזטע רויט-האָהריגע קעפ, ווי
ביי אַלע קליינשטעדטעלשע יודען, און דאָס מיידעל שטעלט זיך
פלוצלונג אַוועק פאַר'ן וואַנד-שפיגעל, לעגט-אַריין אַ שפילקע אין
מויל און הויבט-אויף די הענד צו די האָהר. אין די אָפענע
פענסטער טריפט אַ ווייך ווינדטעלע, ערגעץ ברומען מידע בהמות,
דאָס נאָהנטע קלויסטערל גיסט-אָב דעם פערטראַכטען דרויסען מיט
איינטעניגע באַסיגע קלאַנגען, די רויטע שטראַהלען לעשען זיך
און די שטוב ווערט אָנגעגאָסען מיט יענעם וואונדערליכען ליכט,
וואָס איז עהנליך צו אַ וואַסערל אין אַ שאָטען און וואָס האָט
די אייגענשאַפט צו לינדערן אַ בייז האַרץ. אין דעמדאָזיגען ליכט

קאָן מען אַלץ גוט און דייטליך זעהן, אָבער אין דער אייגענער צייט שפּירט מען זיך עפּיס בעשיצט און פערבאָרגען אונטער אַ זיידענעם טונקעלען פליגעל.

די באָבע דרעמעלט מיט'ן שטעקען אין האַנד און די ברוסט בעוועגט זיך איהר נישט. אָדער דאָס איז אַ מענש, אָדער אַ געשטאַלט פון יענער וועלט. מען קאָן נישט וויסען ווער און וואָס דאָ זיצט. אָבער פאַרוואָס ציהט אַזוי משה'לען צו איהר, פאַרוואָס קאָן ער נישט אָפּרייסען זיינע אויגלעך פון דעם הויפען ביינער און דעם גראָבען שטעקען צווישען די קניה? פאַרוואָס שניידט זיך איהם אַלץ טיפער און טיפער אַריין אין זכרון איהר לעצטער קוק?

פון קיך קומט-אַריין די מוהמע מיט [illegible]טיי און צוקערלע-קעכלעך. זי שנורעוועט די ליפּען און רעדט זעהר פריינדליך:

—געניס עפּיס, משה'לע, געניס עפּיס דערווייל, שעם דיך נישט...

עס ווערט פינסטערער, כאָטש דרויסען איז נאָך צוגאָסען דאָס ליכט, און איבער'ן צלמ'ל פון קלויסטערל וואַקסען-אויס דריי נידעריגע נאַאיווע קליינשטעדטלדיגע שטערענדלעך. דידאָזי-גע שטערענדלעך ווינקען צו משה'לען גלייך אין אויג אַריין, פונקט ווי זיי וואָלטען אַרויסגעשיקט געוואָרען אויפ'ן הימעל מיט אַ דירעקטער שליחות צו איהם, אָבער ער פערשטעהט נישט זייער לשון. קוקט ער אַרויס צו זיי און זעהט, ווי עס לעשט זיך צאַרט און שטיל דאָס לעצטע טאָג-ליכט צווישען די נידעריגע וואָלקענדלעך און ווי לייכטע אָווענד-שאָטענס וויקלען זיך אַרום די הייזלעך און דעם קלויסטערל. די אייגענע שאָטענס וויקלען זיך אויך אין איהם און עס ווערט איהם וואונדערליך גוט און רוהיג אויף דער נשמה. וואָס עס געשיהט מיט וואָלקענדלעך, דאָס געשיהט אויך מיט איהם, פונקט ווי אייביגע פעדים וואָל-טען איהם געבונדען מיט זיי. און מיט אַמאָל דערפיהלט ער יע-נע זיסע שפּירונג, וואָס ער האָט שטענדיג, ווען ער דאַווענט נישט געאיילט און ריין, ווען זיין האַרץ גיסט זיך אַריין אין די ווערטער, און צווישען די שאַטענדיגע וואָלקענדלעך שווימט-אַרויס

שיינדעלעס פנים מיט פערבענקטע אויגען און איהם דאכט זיך, אז ער הערט א ווייט שעפטשען:

—משה׳לע, זאלסט מיך ליב האבען... זאלסט מיך ליב האבען...

די באבע עפענט די אויגען, ווי א מענש, וואס האט נישט געשלאפען. זי הויבט זיך אויף פון קאנאפע מיט נישט-געבויגטע קניה און געהט-צו צו משה׳לען מיט א גוף, וואס לעבט שוין נישט. פאמעלעך לאזט זי אראב איהר קאפ צו איהם, טונקט-איין אין איהם איהרע אויסגעלעבטע, אויסגעקוקטע אויגען און רופט זיך אן צו איהם מיט איהר קייענדיגען לשון:

—נו, וואס טראכטו, מיין קינד?..

און ער דערפיהלט איהר ביינינע האנד ביי זיך אויפ׳ן האלז: דעם באבעס קאלטע פינגער גלעטען איהם. משה׳לען דאכט זיך, אז דער אלטער אבגעלעבטער שטאם וויל משיג-זיין דאס יונגע גרינע צווייגעלע.

—איך טראכט נישט, באבע...—זאגט משה׳לע, א פערשעמטער.—איך קוק אזוי אין דרויסען.

און די באבע בויגט זיך צו נאך נעהנטער:

—איז דיר אומעטיג?

—ניין...

די באבע דרעהט זיך ווידער אויס ווי א טישעל, געהט-צו מיט נישט-געבויגטע קניה צו דער שוועל פון דער קיך און הייסט אנצינדען דעם לאמפ.

אין שטוב שווימט-אריין דער פעטער מיט נאך א פעטער, וואס הייסט חיים און זיינע קינדער. מען איז געקומען זעהן דעם גאסט. דער אנדערער פעטער איז אויך א געלער, אבער ער האט זעהר א ברייטע און זעהר א לאנגע גוט-צוקאמטע באָרד, וואס ליגט איהם אויף דער ברוסט, ווי א קליינע געלע קאלדרע. פון אונטער׳ן שטערען קוקען איהם ארויס צוויי יונגע בלויע לאכענדיגע אויגען. אונטער די ארבעל האט ער מאנזשעטען, אונטער דער באָרד—א מאנישקע. בכלל מאכט ער אן׳איינדרוק פון א יודען, וואס האט זיך ליב צו פוצען. אייגענטליך איז ער

שטאַרק ענהליך צו משה׳לעס טאַטען, אָבער ער איז יונגער, שע-
נער און רוהיגער פאַר איהם. ער האָט אויך אַ זמר׳ל אין נאָז,
אָבער דאָס איז אַ בעשטימט זמר׳ל—די טראָפּ פון דער תורה.
ער איז דער שטעדטעלשער בעל-קורא, און טיילמאָל אין אַ מיטען
שמועס, פּאָהרט ער פּלוצלונג אַרויס:

—צו את בני ישראל ויקחו אליך שמן זית זך, כתית
למאור...

משה׳לען איז ער באַלד, פון דער ערשטער מינוט, געפע-
לען. די בלויע אויגען, די גרויסע באָרד, דאָס זמר׳ל אין נאָז
און די רוהיגע בעוועגונגען דערוועקען צו זיך עפּיס אַ לייכטע
בעציהונג און מען בעדאַרף זיך גאָרנישט שעמען פאַר דעמדאָזי-
גען יודען. דאָס איז אַ יוד, וואָס מען קאָן זיך איהם, קענטיג,
אַנידערזעצען אויף די קניה, ווי ביי אַן׳אייגענעם טאַטען און מען
קאָן ניט איהם ריידען אַלץ, וואָס עס קומט אויף דער צונג. די
ווערטער בעדאַרף ער נישט קלויבען, ווי ער טהוט עס מיט
גרויס שווערינקייט, בשעת ער רעדט מיט דער מוהמען, אָדער
מיט דעם ערשטען פעטער.

—געוועזן גוט צו פאָהרען, האַ?—נעהמט ער איהם אַריין
צווישען די קניה און קוקט איהם אָן מיט לאַכענדיגע, יונגעלש-
שטיפערישע אויגען.

—איך האָב געזעהן אַ סך וועלדער און טייכען!..—זאָגט
משה׳לע אַרויס שטיל און ערנסט, פּונקט ווי ער רעדט מיט
שיינדעלע׳ן.

לעגט איהם דער פעטער צו צום אויער די לאַנגע באָרד
מיט עפּיס אַ ריח פון אַ מאַנסביל און פרעגט זעהר שטיל, ווי אַ
יונגעל ביי אַ יונגעל:

—נו, און אַ בער האָסטו געזעהן?..

דערהערט דידאָזיגע פראַגע, דערשפּירט משה׳לע זעהר אַ
שטאַרקע נויטווענדיגקייט צו זאָגען עפּיס אַ ליגען. פערטראַכט
ער זיך עטוואָס און רופט זיך אָן:

—איין בער האָב איך געזעהן... איין בער... געבען אַ קרע-

טשמע... אינמיטען אַ וואַלד. ער איז געשטאַנען מיט גרינע גלע-זערנע אויגען און...

—און האָט דיך געוואָלט אויפעסען?..—כאַפּט-אונטער דער פעטער מיט אַ יונגעלשען געלעכטער.

און האָט מיך געוואָלט אויפעסען...—זאָגט משה׳לע חיי-טער, פיהלענדיג, ווי דער ליגען צעוואַקסט זיך.—האָב איך מיך זעהר דערשראָקען. אָבער קושע דער בעל-עגלה האָט גענומען שמייסען דאָס פערד און שרייען און מיר זענען נצול-געוואָרען...

—אויב אַזוי, האָסטו דאָך געוויס געזעהן אַ וואָלקעלאַק אויך?—פרעגט ווייטער דער פעטער.

—אַ וואָלקעלאַק?—פערטראַכט זיך משה׳לע און שפירט שוין כמעט נישט, אַז די גאַנצע מעשה איז אַ ליגען.—נו, אודאי, אַ וואָלקעלאַק האָב איך אויך געזעהן. ער איז געהאַנגען אויף אַ בוים...

—אַליין, צי מיט כת-לצנים...

—פריהער אַליין, דערנאָך מיט כת-לצנים...

—כאַ-כאַ-כאַ!..—צולאַכט זיך דער פעטער מיט אַ מאָדנעם פערבאָרגענעם און רעטענישליכען געלעכטער, פונקט ווי ער וואָלט מיט׳ן יונגעל געפיהרט עפּיס אַ שמועס פון געהיימע פער-שווערער.

—אָבער, פעטער, איך האָב געזעהן אַ מכשפה אויך,—צו-שפּילט זיך שוין אין משה׳לען די פאַנטאַזיע.—פאַרטאָג האָב איך זי געזעהן... פון אַ ווענדעל איז זי אַרויס... מיט אַ שוואַרצער טוך איבער׳ן קאָפּ און מיט קרומע פיס...

—פאַרטאָג, זאָגסטו? די העהנער האָבען שוין געקרעהט?

—ניין, די העהנער האָבען נאָך נישט געקרעהט..

משה׳לע מיט׳ן פעטער קוקען זיך איבער ווי צוויי פער-שווערער; דער פעטער קוקט פון אויבען-אַראָב, דאָס יונגעל פון אונטען-אַרויף. אינ׳ם פעטערס אויגען שפּרינגען-אום שפּיציגע פייער-לעך, ווי ביי אַ מענשען, וואָס וויל לאַכען און האַלט זיך איין, אָבער פלוצלונג פּאַטשט ער משה׳לען אָן אויפ׳ן אַקסעל און נעהמט לייענען די תורה:

—כן בנות צלפחד דברת, נתן תתן להם אחזת נחלה...

דער פעטער חיים הויבט זיך אויף, און משה׳לע דערשפירט
מיט אַמאָל, אַז ער, משה׳לע, האָט גערעדט נאַרישקייטען און
ליגענס. אָבער ער שעמט זיך עפּיס נישט, עס אַרט איהם נישט,
פונקט ווי דער פעטער חיים וואָלט געווען אַ יונגעל, מיט וועל-
כען עס איז אַזוי גוט צו ריידען נאַרישקייטען און ליגענס.

דעם פעטער חיים׳ס קינדער קוקען אויף משה׳לען פרעמד
און צוריקגעהאַלטען, אָבער אין דערדאָזיגער פרעמדקייט שפּירט
זיך דאָך פערבאָרגענע ליבע פון אייגען בלוט. דאָס זענען אַכט
שענע מיידלעך און משה׳לע ווייס, אַז עס איז פאַרהאַן נאָך אַ
ניינטע, וואָס הייסט טעמעלע. די מיידלעך ריידען און לאַכען
און קוקען אויפ׳ן גאַסט. משה׳לע שפּירט, אַז דאָ, וואו זיי זי-
צען, מוז זיין וואַרים, אָבער ער שעמט זיך צוצוגעהן צו זיי. די
מוהמע טראָגט פון דאָסניי אַריין טיי מיט צוקערלעקעכלעך און
איבער דער שטוב צוטראָגען זיך צוויי זמר׳לעך: ביידע פעטערס
זינגען אונטער דער נאָז. אין דרויסען איז שוואַרץ און אין דער-
דאָזיגער שוואַרצקייט ליגען קליינע הייזלעך און קוקען מיט ליכ-
טיגע פענסטערלעך, פונקט ווי שוואַרצע קעץ מיט געלע אויגען.
אין הימעל בלינצלען שטערענדלעך און דאָס ליכט טריפט פון
זיי, ווי גאָלדענע שנייעלעך.

משה׳לע טרינקט שוין ווידער טיי צוזאַמען מיט די פע-
טערס און שוועסטערקינדער. ער זיצט נעבען אַכט בלאָנדע מיי-
דלעך און עס איז באמת וואַרים נעבען זיי. אַלע אַכט מיידלעך
האָבען ווייסע צייהן און בלויע אויגען. בשעת זיי לאַכען, בלענדט
דאָס אויג פון דער צייהן-ווייסקייט און עס דאַכט זיך, אַז זיי
האַלטען שטיקעלעך שניי אין מויל. די פעטערס שמועסען איצט
מיט אַ געוועהנטער לאַנגווייליגקייט, וואָס שטערט זיי, קענטיג,
נישט, פון די פיינשטיינס, די רייכסטע פאַמיליע אין שטעדטעל,
פון עליות, פון שדכנות, פון נאַפט, קעלבער און געטריקענטע
יאַגדעס. ווילעוויץ הויבט זיך אויף די באָבע מיט נישט-געבויגטע
קניה און דרעהט זיך אַרום טיש מעכאַניש, ווי אַ געמאַכטער
מענש. מיט אַלטע אויסגעקוקטע אויגען קוקט זי אָן די קינדער

און די אייניקלעך און וואַרפט בעזונדערס וואַרימע בליקען צו משה׳לען. דאָס ערשטע גלאָז טיי האָט מען איהר דערלאַנגט, אָבער זי האָט נאָך אַלץ נישט געטרונקען. איהר האַנד, וואָס טראָגט דאָס לעפעלע טיי צו די ליפען, ציטערט אַזוי, אַז דער טיי גיסט זיך אויס איינגאַנצען און צו די ליפען קומט אַ טרוקען לעפעלע. פּרובט זי אָנבויגען דעם קאָפּ צו דער גלאָז, אָבער דאָס העלפט אויך נישט: דער קאָפּ שאָקעלט זיך אויך אַזוי שטאַרק, אַז די ליפען קאָנען נישט אָננעהמען דעם ברעג פון גלאָז. דעמאָלט ווערט נמאס דער באָבען צו מוטשען זיך, הויבט זי אויף די אַלטע אויגען און קוקט בעסער אויף די קינדער, און אַ שמייכעל, אַ לאַנג אָבגעלעבטער שמייכעל פּרובט זיך אַדורכ-גגב׳ענען דורך איהרע אַלטע טויטע ליפען און דורך דער אַלטער הויט פון פּנים.

—דו ביזט אַלעמאָל אַ שעמעוודיגער?—פרעגט משה׳לען דעם פעטער חיים׳ס עלטסטע טאָכטער.

זי איז אַ הויכע איבערגעוואַקסענע מויד און האָט שוין אַ חתן. פון איהרע אויערן בלישטשען-אַרויס קליינע אוירינגלעך. זי האָט אַ הויכען בוזעם און ברייטע זאַקסען, און ברייט-מאַמעדיג זיצט זי ביים טיש. אויף די פיס טראָגט זי לאַנגע שיך, פונקט ווי מאַנסבילשע.

—פאַרוואָס שווייגסטו?—פרעגט זי נאָכאַמאָל—זאָג, דו ביזט אַ שעמעוודיגער?

—יאָ...—ענטפערט משה׳לע מיט אַראָבגעלאָזטע אויגען און מיט רויטע פלאַמענדיגע בעקלעך.

די מיידלעך צולאַכען זיך, אָבער משה׳לע שפירט פון זיי דעם ריח פון אייגען בלוט. אין אַ ווײַלע אַרום שמועסט ער מיט זיי פון אַ צירק, וואו ער איז קיינמאָל נישט געווען, און ער האַלט זיך גאַנץ פריי. מיט יעדער מינוט ווערט ער נעהנטער צו זיי און זיי נעהנטער צו איהם, און איצט דאַכט זיך איהם, אַז דאָס זענען זיינע שוועסטער.

—משה׳לע, מאָרגען זאָלסטו קומען צו אונז, דו הערסט?—

 רופט זיך אָן אַנ׳אַנדער מיידעל.—מיר וועלען גערן זעהן דענ

טייטש אויפ׳ן שטריק. דאָ וועט געהן אַ טייטש אויפ׳ן שטריק...

—ווען? — פרעגט משה׳לע שטאַרק פעראינטערעסירט.

—אין אַ פּאָר טעג אַרום. אָבער דו זאָלסט קומען צו אונז מאָרגען.

—גוט, — ענטפערט משה׳לע און פיהלט זיך, ווי אין אַ ני׳ אייגענער סביבה.

פאַר דער גאַנצער צייט שפירט מען נישט דער מוהמען. דאָס איז אַ שטילע יודענע, וואָס איז געוועהנט צו דער קיך און צו פּראַצע. אויף דער באַק האָט זי אַ גרויסע בראָדאַווקע און האַלט שטענדיג אַראָפּגעלאָזט די אויגען און די הענד, ווי אַ האָ-רעפּאַשנער מענש.

ביידע געלע פעטערס הויבען זיך אויף און קוקען זיך אָן, ווי יונגלעך פאַר אַ שפּיל. נאָכדעם נעהמט דער פעטער חיים אין איין האַנד דעם שטעקען, די צווייטע, אַ ווייכע און אַ וואַרימע, דערלאַנגט ער משה׳לען און זאָגט „אַ גוטע נאַכט". דאָס אייגענע טהוען באַלד אַלע אַכט מיידלעך און אַז זיי געהען-אַרויס פון שטוב, ווערט אַזוי שטיל, פונקט ווי פופציג מענשען וואָלטען אַרויסגעגאַנגען. די נאַכט אין דרויסען ווערט אַזוי ווי שוואַרצער, אַרומגעשלאָסענער, דאָס פייער אין לאָמפּ ווערט אַזוי ווי קלע-נער און דער מוהמעס הענד קלאַפּען שוין ערגעץ אין שלאָפצי-מער איבער קישענס און פערענעס. אין שטוב איז שטיל און עס שווימט נאָר אַרום, ווי אַ גרויסע פליג, דעם פעטערס נאָז-זמר׳ל. זיינע יונגלעך זיצען מיט פערשלאָפענע אויגען און פערקוועטשטע ליפּען און דאָס מיידעל שטעהט פאַר׳ן וואַנד-שפּיגעל מיט שפּיל-קעס אין מויל און לאָזט זיך פונאַנדער די האָהר. פון שלאָפצי-מער דערנעהנט זיך די מוהמע מיט איהרע קלאַפּענדיגע הענד. באַלד מאַכט זי אַ ברייט הויך געלעגער נעבען פענסטער און קלאַפּט עס צו. דאָס איז אַ געלעגער פאַר משה׳לען.

—דו וועסט דאָ שלאָפען, משה׳לע, — זאָגט די באָבע מיט איהר קייענדיגען קול און גיט איהם אַ קוש אין קאָפּ. — ביי אייך לייענט מען קריעת-שמע פאַר׳ן שלאָף? לייען, דא אויך, משה׳לע, פויל זיך נישט.

די באָבע געהט-אַרויס פון צימער פּאַװאָליע, לאַנגזאַם, מיט
איהרע נישט-געענדיגטע קניה און דער פּעטער מאַכט-צו די פענ-
סטער.

—דו ווייסט, משה-געצעלע,—ווענדט ער זיך פלוצלונג צו
משה'לען און לעגט איהם צו אַנ'איבעריגען נאָמען,—ביינאַכט וועט
זיין אַ שלאַקסרעגען... אַלע שטערען זענען צולאָפען געוואָרען,
ווי היהנער פאַר אַ קאַץ...

און צולאַכט זיך מיט פערקוועטשטע אויגען.

משה'לע פאָלגט דער באָבען, און אַז ער לעגט זיך אויף
זיין ווייכען געלעגער, מאַכט ער צו די אויגען און לייענט קריאת-
שמע מיט אַ ריינעם האַרצען. נאָכדעם בעפאַלט איהם אַ געדיכטע
שטילקייט צוזאַמען מיט אַ געדיכטער שוואַרצקייט פון אַ קליינ-
שטעדטעלדיגער זומערנאַכט און ער ווערט תיכף איינגעשלאָפען.
איהם חלומ'ט זיך אַ וואָלקעלאַק מיט היהנערשע פיס און מיט אַ
גרינער צונג, אַ וואַלד מיט דריי בערן און אַכט מכשפות מיט
רויטע פייערלעך אין די הענד אין אַ געדיכט שוואַרצער נאַכט,
וואָס ליגט פאַר די אויגען ווי אַ באַרג פעך. פלוצלונג שפּרינגט-
אַרויף דער וואָלקעלאַק אויף די מכשפות, פערלעשט זיי די פייער-
לעך אין די הענד און הויבט-אָן קלאַפּען אין אַ פויק. די קלעפּ
זענען אָבער אַזוינע שטאַרקע און שרעקליכע, אַז די ערד וויגט
זיך און זינקט-אַראָב, פונקט ווי זי וואָלט זיך אָבגעריסען פון
איהר שטענדיגען אָרט און פאַלט-אַראָב ערגעץ אין אַ תהום.
משה'לע וויל אויסשרייען, אָבער באַלד רייסט ער אויף מיט כח
די אויגען, פונקט ווי עמיץ וואָלט זיי איהם פריהער פערקוועטשט און
דערזעהט מיט אַמאָל, אויף איין רגע, אַ בלענד-ליכטיגען דרויסען,
וואָס ציטערט פון אימה'דיגע קלעפּ, פונקט ווי מיליאָנען ריזען
וואָלטען זיך געראַנגעלט אין לופטען, און אין דער ליכטיגקייט,
וואָס איז צוגאָסען אַרום זיין געלעגער, בעוועגט זיך עפּיס אַ
שוואַרצע פיגור מיט אַ ברענענדיגען ליכט אין דער האַנד. אַ
ווײַלע דאַכט זיך איהם, אַז די ערד זינקט נאָך אַראָב, ווי פריי-
הער, אין שלאָף און אַז די שרעקליכע קלעפּ אין דרויסען זענען
דעם וואָלקעלאַקס, וואָס קלאַפּט אין אַ פויק. אָבער די ליכטיגקייט

ווערט באלד אנטרונען, ווי א פאך פון א פליגעל, און אז די קלעפעריי ווערט שטילער, דערהערט ער, ווי א שלאקטרעגען, געוויגט פון ווינד, פאטשט די פענסטער מיט א געוואלטיגער קראפט. א ווײלע איז שטארקער די קלאפעריי, א ווײלע דער שלאקטרעגען, פונקט ווי ביידע וואלטען זיך טוישען איינע נאך די אנדערע, און אלע צוויי מינוט ווערט אבגעגאסען די וועלט מיט אזא אימפעט-ליכט, אז מען קאן זעהן יעדעס טראפעלע רעגען.

עמיץ, א שווארצער, מיט א געלען פלאם פון א ליכט, בויגט זיך אן צו איהם, און משה׳לע דערקאנט די באבען.

דו שרעקסט זיך?..—הערט ער איהר קייענדיגען לשון צו-זאמען מיט אנ׳אטעם פון יענער וועלט—שרעק זיך נישט... נישטא זיך וואס צו שרעקען, מיין קינד... גאט איז א גוטער. גאט טהוט אלץ פון דעם מענשענס טובה וועגען... שלאף, שלאף, משה׳לע, אויב דו ווילסט, וועל איך זיצען נעבען דיר...

משה׳לע ווייס נישט וואס צו ענטפערן. איין זאך איז קלאר, אז ער שרעקט זיך, און אין דעם שלאקטרעגען, וואס איז געמישט מיט דונערן און בליצען זעהט איהם אויס דאס הייזעל, ווי א פאפיר-הייזעלע, וואס קאן א ליאדע מינוט אומפאלען. איהם דאכט זיך, אז די ווענד וויגען זיך, אז די פאדלאגע טאנצט און די פענסטער בויגען זיך אויס, ווי שטרוי אין א ווינד. אוי-סערדעם, פעהלען דא קיין וואלקעלאקעס אויך נישט. אט שפּרינגט-אום איבער דער וואנד א לאנגער וואלקעלאק מיט א גריניער צונג און א צווייטער געהט איבער׳ן באלקען מיט׳ן קאפ אראב. אונ-טער משה׳לעס האאר לויפט-אן א קאלטער שווייס און דער אטעם האקט זיך איבער. ער וויל עפּיס זאגען דער באבען און קאן נישט, אבער אז ער בעהערשט זיך עטוואס, רופט ער זיך אן צו דער באבען שטיל און איינפאך:

—באבע, איך שרעק מיך...

דעמאלט זעצט זיך אנידער די שווארצע פיגור אויף זיין געלעגער מיט׳ן שטעקען אין איין האנד און מיט׳ן ליכט אין דער צווייטער. די דונערן און בליצען הערען נישט אויף, דער שלאקס-

רעגען פּאַטשט דאָס הייזעל און די ערד נאָך שטאַרקער, נאָך
געדיכטער. די וואָלקעלאַקעס מיט די גרינע צינגער מעהרען זיך
און עס גלויבט זיך נישט, אַז דידאָזיגע שוואַרצע פיגור מיט׳ן
שטעקען און ליכט אין די הענד זאָל קאָנען בעשיצען פון זיי.
אָבער אַ וואַרימקייט געהט פון איהר אויף, אַזוי ווי די וואַרים-
קייט פון אַ פער׳עקשנ׳טען שטאַרקען מענשען, וואָס שטעהט אויף
דער וואַך, און משה׳לע שפירט, אַז זי בעשיצט יאָ, אַז דער פּחד
טרעט-אָב. פּאַמעלעך מאַכט ער צו די אויגען און פּאַמעלעך און
זאַכט ווערט איינגעזונקען זיין יונג און מיד מח׳ל אין דעם
שוואַרצען רויך פון שלאָף.

אויף מאָרגען שטעהט ער אויף געזונד און פריש אין אַ
שטוב מיט אַ סך זון, און אַז ער כאַפּט זיך אַראָב פון געלעגער
און קוקט-אַרויס פון פענסטער, זעהט ער, ווי די שטיינער אין
געסעל זענען אַרויסגערוקט פון זייערע ערטער און אַז די ווענד
פון הייזער, וואָס שטעהען אין שאָטען, זענען בעדעקט מיט גרוי-
סע רעגען-פלעקען. אָבער אויף אַלץ ליגט עפּיס אַ גלאַנץ פון אַ
ניי און פרעהליך לעבען. היהנער, העהנער, הינד, קעץ און חזירים
און ציגען שפּאַצירען איבער׳ן געסעל און זוכען מיט אַראָבגע-
לאָזטע קעפּ אין דער פרישער אויסגעפּאַטשטער ערד. אונטער׳ן
הימעל דרעהען זיך טויבען און שוואַלבען און די לופט איז קלאָר
און ריין, פּונקט ווי אַנ׳אויסגעוואַשענע. עס איז אָנגענעהם איינ-
צואָטעמען דידאָזיגע לופט, אין וועלכער עס שפּירען זיך די קיהלע
גראָז-ריחות פון אַ קליין שטעדטעל.

עס איז נאָך אייגענטליך גאַנץ פריה, אָבער דער פעטער
שווימט שוין אַריין פון גאַס מיט אַ זמר׳ל אין נאָז. ער ציהט די
עקען באָרד און שמייכעלט צו משה׳לען מיט פערקוועטשטע
אויגען.

—האָסטו שוין געדאַווענט, משה-ירוחמ׳ל?—גיט ער אונגע-
ריכט אַ פרעג און שווימט תיכף ומיד אַריין אין צווייטען צימער.

די מוהמע בראָקט און קלאַפּט אין קיך, פּונקט ווי אַ מאַ-
שין און באַלד קומט אַריין די באָבע מיט דעם פעטערס קינ-
דער, און עס הויבט זיך אָן דער טאָג. די נעכטיגע פרעמדקיי

איז אַנטרונען געוואָרען, און דעם פעטערס קינדער בעגעגענען איהם, ווי אַנ'אַלטען בעקאַנטען, אָבער מיט יענעם שמייכעלע אויף די ליפּען, וואָס אַזוי קאָן נאָר שמייכלען אייגען בלוט צו אייגען בלוט.

משה'לע שטעלט זיך אַנידער דאַוונען און סטאַרעט זיך נישט צו טראַכטען פון זייטיגע זאַכען. דאָס איז נישט לייכט. דער קאָפּ און דאָס האַרץ זענען פול מיט איינדרוקען, וואָס שווימען אין איהם גאָר אָהן זיין רצון. אָבער אַ שטיק רוהיג האַרץ גיט ער פאָרט אַוועק דעם דאַוונען, אַ שטיק רוהיג האַרץ, וואָס ליגט אין איהם ערגעץ, ווי אַ גרין אינזעלע צווישען שוימענדיגע כוואַליעס. נאָכ'ן דאַוונען קוקט ער בעסער אַרום די שטוב, און אַז ער געהט צום ערשטען מאָל אַריין אין צווייטען צימער, דערזעהט ער פּאָליצעס מיט ביכער, פונקט ווי ביים טאַטען. אָבער דאָס זענען אַנדערע ביכער—יודישע, אויף עברי-טייטש. עפענט ער איין בוך אין אַ שענעם איינבונד, לייענט ער: „אַ פריש, געשמאַק ווינדטעלע האָט פאַמעלעך געבלאָזען און פון די וואָלקענס, פונ'ם שטורמווינד איז נישט געווען אפילו קיין זכר. דער אָבגע'טובל'טער אויסגעפוצטער וואַלד איז געשטאַנען ווי אַ חתן-בחור אין אַ נייער גרינער זופּעצע, געמאַכט ערשט אין פריהלינג, און געשיינט, געלויכטען, ווי דער ליכטיגער מאָרגענשטערען, וואָס האָט, לויפענדיג פאָראויס, געבראַכט די פרעהליכע בשורה, אַז אָט באַלד קומט צופאָהרען די זון—די טייערע גאָלדענע מחותנת'טע און די חתונה וועט זיך אָנהויבען...” וואָס איז דאָס פאַר אַ בוך? וואָס זענען עס פאַר אַ ווערטער? גאָר פריש, גאָר ניי קלינגט עס איהם, פונקט ווי אַ מכשף וואָלט איהם אַריינגעצויגען אין אַנ'אַנדער וועלט. עפענט ער אויף אַ צווייטיק בוך, לייענט ער ווידער:

איז געווען אַמאָל אַנ'עלוי,
נישט געקאַנט די וועלט אפילו,
נישט געווען אין קלאַס.
פרום דער טאַטע, פרום די מאַמע,
די משפּחה—לומדים סאַמע,
נאָר פון עקסטען פּאַס.

משה׳לע קומט ערשט צו זיך, ווען ער האַלט שוין אין
האַנד דאָס דרייסיגסטע בוך. דאָס בלוט ברענט אין איהם:
ל יי ע נ ע ן. לייענען וואָס מעהר און וואָס שנעלער. אָבער וואו
קאָן מען דאָ לייענען? אָט איז די באָבע. אין איהרע אַלטע
אויסגעקוקטע אויגען איז צונויפגעזאַמעלט דאָס לעצטע ביסעל
לעבען און ליבע און זי קוקט אויף איהם ווי דריי מאַמעס צו-
זאַמען. זי קוקט אויף איהם—און עס דאַכט זיך, אַז זי וויל איהם
אַריינגעהמען אין זיך, אין איהר אַלטען גוף אַריין, פונקט ווי
אין אַ שטיבעלע און פערשליסען איהם דאָרטען און פערבאָרגען,
אַז קיינער זאָל איהם נישט אַרויסזעהן. און משה׳לען זעהט זי
שוין נישט אויס אַזוי אַלט און ער שפּירט שוין אויך נישט אַרום
איהר דעם ריח פון יענער וועלט. איצט שפּירט ער שוין פון
איהר דעם ריח פון זיין אייגענעם טאַטען און דעם ריח פון זיך
און זיין היים, וואָס איז, קענטיג, אונבעמערקט איבערגעטראָגען
געוואָרען פון דאַנען אַהין. און ער ווייס שוין פאָראויס, אַז ער
האָט זי ליבער פון טאַטען און דער מאַמען, אַז ער האָט זי
ליבער פון זיך אַליין און פון אַלץ אין דער וועלט. עס איז גוט
צו זיצען נעבען איהר, ווי עס איז גוט צו שפּירען, אַז מען איז
עהרליך, אַז עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט און אַז אין
דרויסען שיינט גאָטס זון. און עס איז גוט צו חערען איהר אַל-
טען קייענדיגען לשון, ווי עס איז גוט צו הערען אַ פלייט און
אַ טרעל פון אַ פריהמאָרגען-פויגעל. צוליב דער באָבען אַליין האָט
זיך געלוינט צו קומען, צוליב דער באָבען אַליין איז כדאי גע-
וועזן די נסיעה.

און דאָס, וואָס די באָבע איז אַלט דרייאונצוואַנציג יאָהר,
האָט אויך עפּיס אַ גרויסע בעדייטונג פאַר משה׳לען. דרייאונניינ-
יאָהר קאָן נישט לעבען אַ מענש, אָבער די באָבע לעבט. די
לעצטע יאָהרען האָט איהר גאָט, קענטיג, ספּעציעל געשענקט,
און אַ ליאַדע מינוט קאָן ער זי רופען צו זיך. די באָבע בע-
דאַרף, אַלזאָ, נישט קראַנק ווערען, צו שטאַרבען, ווי אַלע מענ-
שען. די באָבע קאָן נאָר דעמאָלט שטאַרבען, ווען גאָט וועט זי
רופען צו זיך. שטעהט זי, אַלזאָ, אין אַן אייגענער פערבינדונג

מיט גאָט, מיט איין פוס אויף דער וועלט און מיט׳ן צווייטען אויפ׳ן הימעל, און גאָט האָט זי שטענדיג אויפ׳ן אויג. אויב אַזוי, איז זי דאָך נאָך גרעסער און הייליגער פון אַ צדיק, וואָרום זי געפינט זיך אי אויפ׳ן הימעל, אי אויף דער ערד. דאָס אַליין האָט פאַר משה׳לען גאָר אַ בעזונדער זין. און בשעת ער שטעהט געבען איהר, דאַכט זיך איהם שטענדיג, אַז אַ האַלבער גוף איהרער לעבט אויפ׳ן הימעל און דער צווייטער אויף דער ערד.

איהרע אַלטע אויגען טונקען זיך עפּעטער איין אין איהם, ווי אַ שאָטען אין אַ קלאָר וואַסערל:

—אפשר ווילסטו עפּיס עסען?

אין אַ ווײלע אַרום:

—אפשר ווילסטו זיך צולעגען אָברוהען?

און דערנאָך ווידעראַמאָל:

—דרויסען איז אַ שענער טאָג, משה׳לע. אפשר ווילסטו געהן צום גלה אין גאָרטען?

די אַלטע אויגען טונקען זיך און טונקען זיך אין איהם, און איהם דאַכט זיך, אַז ער וואוינט אין איהר, אין אָט דעם אַלטען גוף, ווי אין אַנ׳אַלט שטיבעלע און עפּיס אַ וואַרימקייט, עהנליך צו אַ גרויסען תענוג, נעהמט איהם דורך אַלע גלידער.

און עפּטער, בשעת דאָס יונגעל זיצט פערטראַכט איבער אַ בוך, הויבט זי גאָר אָן דערצעהלען:

—אַמאָל אין אַ וואַלד געוואוינט, משה׳לע... אַ טייך איז דאָרט דורכגעגאַנגען און אויפ׳ן טייך איז אַ מיהל געשטאַנען און אין מיהל האָט מען תבואה געמאָהלט... דאָס ראָד האָט געקלאַפּט, דער שטיין האָט געמאָהלט און אַרום דער מיהל איז אין הויכען גראָז דער זיידע אַרומגעגאַנגען... יונג איז געווען דער זיידע, אויף אַ פידעל געשפּילט און דער פריץ לאַסקע האָט איהם זעהר טייער געהאַלטען... קיין דאַנציג האָט ער איהם איינמאָל מיט אַ שליחות געשיקט... נאָר דו, זאָגט ער, מוזט פאָהרען, איך האָב נישט קיין אַנדערן מיט אַזאַ קאָפּ און אַזוי עהרליך... פאָהר, זאָגט ער, קיין דאַנציג, נאַ דיר אַ פּאַפּיר... איז דער זיידע קיין דאַנציג געפאָהרען און האָט מיר אַ שנירעל פערל געבראַכט...

אָבער, משה׳לע, דער זיידע איז שוין לאַנג נישטאָ און די פּערל זענען אויך נישטאָ... דער זיידע איז צו גאָט אַוועק... אַ יונגער צו גאָט אַוועק... איך לעב שוין באַלד דריי מאָל, וויפיל דער זיידע האָט געלעבט... און די פּערל, משה׳לע, און די פּערל...

און אַ קלאָרע טרעהר, ווי אַ טראָפּעלע טוי אויף אַ גרוי צווייגעל, איז אַרויסגעפּאַלען פון איהר אַלטען אויג און זיך פערהאַלטען אין אַ קנייטש פון די באַקען.

—באָבע...—זאָגט משה׳לע פּלוצלונג מיט אַראָבגעלאָזטע אויגען און נעהמט-אָן איהר בייניגע טרוקענע האַנד.

—וואָס, משה׳לע?

—איך... איך האָב אייך ליב...

און ביי משה׳לען ווייזען זיך אויך טרעהרען אין די אויגען.

---

# דאָס שניי־מיידעלע.

## צעהנטעס קאַפּיטעל.

ב יים פּעטער חיים אין שטוב שפּאַנען־אַרום די מיידלעך פון איין צימער אין צווייטען. עס איז אַ יריד פון מיידלעך. עלטערע, מיטעלע, יונגע—אַלץ דעם פּעטערס טעכטער. מען לאַכט און מען שטיפט, מען שטיפט און מען לאַכט. קעהרט מען אָב דעם קאָפּ, זעהט מען לאַנגע צעפּ, הויכע מיידעלשע בוזעמס און געשיקטע פיסלעך אין לאַנגע זאָקען. אין אַלע צימערן געהט־אום עפּיס אַ בעזונדערער וואַרימער מיידעלשער ווינד. אין אַלע צימערן שלאָגט אין נאָז אַריין עפּיס אַ בעזונדערער דושנער מיידעלשער ריח. און אַז מען קוקט אויף דעם פּעטערס ניין טעכטער, דאַכט זיך, אַז זיי זענען נישט ניין, נאָר אַכטצעהן אָדער דרייסיג אָדער הונדערט. זיי טאָפּלען זיך אין אויג.

אויפ'ן וואַנד הענגען בילדער פון שטילע צדיקים מיט אַנ'אַלטער מנורה דערביי, און אונטער'ן פענסטער ליגט דער מאַרק מיט קליינע הילצערנע קרעמלעך, מיט פויערים, מיט קליינע פערד און וועגען, מיט הויכע אויסגעמאָגערטע הינד מיט אַרויסגעשטעקטע צינגער, מיט שלעפעריגע אוריאַדניקעס, מיט גע־

לע יודען, מיט מעוברת'ע ווייבער, מיט טומעל, גוואלדען און געשרייען. אויבען, איבער דעם אלעם הענגט א קיילעכיגער הי־מעל מיט אראבגעלאזטע ברעגען, און ער קוקט־אראב מיט אזא גלייכגילטיגקייט, פונקט ווי דא וואלט געווען א בית־עולם, נישט קיין מארק. אינמיטען הימעל שפאצירט־ארום א ווילדע זון, וואס ברענט און בראט מיט העלישע פלאמען, פונקט ווי דארט וואלט געשטאנען אזא מאשין, וואס גיסט אויף דער ערד טייכען פייער. טיילמאל דאכט זיך, אז די פלאמען ברענען נישט, נאר זיי ב י י־ס ע ן, ווי מיט שארפע שפיציגע ציינער. צווישען הימעל און ערד יאגען זיך ארום גאנצע כמארעס פליגען, שורה'לעך טויבען און דריי־עקס פון שוואלבען.

עפטער געהט־צו דער פעטער צום אפענעם פענסטער, און יעדעס מאל לאזט ער איבער הינטער זיך אין דער לופט א זמר'ל—די טראפ פון דער תורה:

—עשה לך שתי חצוצרת כסף מקשה תעשה אתם...

דאס פנים מיט די ברייטע נאזלעכער זיצט איהם זעהר צופרידען אין דער געדיכטער ווייכער באָרד, פונקט ווי אין א ווייכען בעט, און די אויגען טאפען דעם מארק מיט א כיטרע פייערל. מיט איין קוק ווייס ער, ווער פון וועמען וועט דא פער־דינען און וואס וועט ער, דער פעטער חיים, האבען דערפון. דער פעטער חיים איז בטבע נישט קארג און נישט גיריג, א ליבער געמיטליכער מענש איז ער, דאך אבער ווייס ער זעהר וואויל, אז דערדאזיגער מארק מיט זיין געפילדער און טאראראם וועט איהם שוין אויסצאהלען צו דער וואך זיין פארציע געלד. קיינער ווייס אייגענטליך נישט, וואס דער פעטער חיים טהוט, קיין בעשטימ־טע פרנסה האט ער נישט. ער קאן אויך נישט זאגען קיינמאל, אז מארגען אדער איבערמארגען אדער איבעראיאהר וועט ער האבען א בעשטימטע סומע געלד. מען ווייס נאר, אז פון צייט־צו־צייט גיט ער א טאפ מיט די אויגען דעם מארק, נאכדעם רוקט ער זיך ארויס פון שטוב אין מארק אריין, אינ'ם רעכטען געדיכטען קנויל פון די שרייער, דינגער, לויפער און טומלער; דארט פער־פלאנטערט ער זיך עפיס מיט א פאר געלע יודלעך, מאכט טאט

די הענד, טהוט אַ ווייז מיט אַ פינגער אין מזרח און אין מערב, שאָקעלט-צו מיט'ן קאָפּ, פּאַטשט-אָן די יודלעך אין פּלייצע און קעהרט זיך אום צוריק אין שטוב אַריין מיט געלד און מיט אַ תורה-זמר'ל.

—און גאָר נישט גע'דאגה'ט, דבורה...—גיט ער אַ זאָג צו דער ווייב און וואַרפט זיך אַריין מיט פערשפּרייטע הענד אין אַנ'-אַלטען אויסגעזעסענעם פּאָטעל אויף דריי פיס.

און קיינער דאגה'ט טאַקי נישט. אַ שטוב מיט מיידלעך—און מען דאגה'ט נישט. מען ווייס גאָרנישט, וואָס דאָס איז אַזוינס. מען ווייס דאָ אויך נישט פון שווערע פראַגען, פון גרויסע וועלט-קאַטאַסטראָפעס און שטילען אינטימען צער. די בייזע ידיעות, אַז זיי קומען אויף דער שוועל פון פעטער חיים'ס הויז, ווערען תּיכף-ומיד איבערגעשמאָלצען און געלינדערט, און פון אַ מבול מיט שרעקליכע געוויטערס ווערט דאָ אַ שפּריירעגענדעל און פון ערדציטערניש—אַ חתונה. אַלע האָבען דאָ בלויע אויגען און גלאַטע ברייטע שטערענס, און מען קוקט מיט די בלויע אויגען אין ליכטיגען טאָג אַריין, ווי יונגע זאָרגלאָזע חיות פון אַ געדרוימער נאָרע אַרויס. אַ גאַנצען טאָג זידט דער סאַמאָוואַר און אַ גאַנצען טאָג קנאַקט עפּיס אין אויווען און אין די צימערן שפּאַצירען-אַרום דינע ריח'לעך פון געבראָטענס. די לינקע וואַנד אין קיך איז אינגאַנצען פערשטעלט מיט טעלער און לעפעל און ביי דער רעכטער וואַנד שטעהען פּוזאַטע צעבערס און עמערס און דייזשעס און זעק. אַלע זענען פול און יעדער איינער האָט עפּיס אַנ'אַנדער ריח. דער אויוועו אַליין זיצט אינמיטען קיך מיט גרויס רחבות, מיט אַ גרויסען שוואַרצען מויל, פּונקט ווי ער וואָלט זאָגען: וואַרף, וואַרף, וועסט הנאה האָבען. די מוהמע דבורה איז אַ הויכע און קרענקליכע פרוי, אָבער דאָס איז יענע קרענקליכקייט, וואָס לאָזט זיך עפּטער זעהן ביי גוטע בעל-הבית'טעס, וואָס שוואַנגערן אַלע יאָהר און וואָס האָבען אין שטוב פון כל-טוב. פון טיש געהען קיינמאָל נישט אַראָב קיין דויטע גלעזער טיי מיט טעצעלעך איינגעמאַכטס. די סליאָעס איינגעמאַכטס שטעהען אין קיך אויף אַ בעזונדער פּאָליצע, ווי יחסנים,

און עפּטער הויבט זיך אויף איינע פון די נײַן מיידלעך, נעהמט-אַראָב פון פּאָליצע אַ סלאָי איינגעמאַכטס און טראָגט איהם אין אָרעם, ווי אַ קינד, אין עסצימער אַריין. אין עסצימער זענען שטענדיג פאַרהאַן קייער, עסער. שטענדיג מאָהלט דאָ עמיץ מיט די צייהן, ווי מיט אַ מאַשינדעל, און אַ האַנד טראָגט דאָ שטענ-דיג עפּיס פון טיש אין מויל אַריין. אפילו די ווענד קוקען דאָ הונגעריגע און מיט אַ שווערער טענה: גזלנים, גיט אונז אויך עפּיס. אַז מען קוקט אויף דעם פּעטערס ברייטען הויף מיט דעם קערנדיגען הויז, וואָס איז אויך ענליך צו עפּיס אַ זאָרגלאָז גרוי בעשעפעניש מיט שמייכלענדיגע פענסטער-אויגען, דאַכט זיך, אַז זיי שטעהען אויף דער לבנה און נישט אויף דער ערד.

די שוועסטער קריגען זיך קיינמאָל נישט צווישען איינאַנ-דער. פערקעהרט, זיי לעבען נאָך צו-גוט צווישען זיך און מאַ-כען-נאָך, קרימען-נאָך איינאַנדער. די יונגערע סטאַרען זיך צו געהן ווי די עלטערע און די עלטערע פערגעסען זייערע יאָהרען און מאַכען-נאָך די יונגערע. צוליב דעם איז שטענדיג אַ צומישע-ניש און מען קאָן קיינמאָל נישט וויסען, ווער פון זיי איז די עלטערע און ווער די יונגערע. געהט איין מיידעל אַוועק פונ'ם שפּיגעל, געהט באַלד צו אַ צווייטע און מאַכט די אייגענע מי-נעס און די אייגענע בעוועגונגען, וואָס די ערשטע. געהט-אַוועק די צווייטע, קומט אַ דריטע און אַזוי כסדר. נעהמט איינע אַ בוך אין דער האַנד, בעפאַלט באַלד אַלעמען אַ חשק צו לייענען און איבער דער שטוב צוטראָגט זיך אַ געדיכטער שאָרך פון איבער-געקעהרטע בלעטלעך. אַ צעהן מינוט בלעטערט מען די ביכלעך אין די הענד, מיט אויגען, וואָס לייענען נישט, ביז איינע הויבט זיך אויף און לויפט-אַריין אין עסצימער. דעמאָלט מאַכען אַלע צו די ביכלעך און מען לויפט איהר נאָך, ווי אַ סטאַדע גענז. דאָס בעסטע צימער איז דאָס עסצימער—דאָרט קאָן מען עסען וויפיל מען וויל און מען בעדאַרף נישט קנייטשען דעם שטערען איבער ביכלעך. שבת אָדער יום-טוב, בשעת דעם פּעטערס קרענ-קליכע ווייב פּוצט זיך אויס אין איהר שמאָלען יאַקעלע מיט בו-פעס און אין איהר ברייטען קלייד, ווי אַ ראָד, ווערט זי וואונ-

דערליך יונג און מיידעלש און זעהט-אויס, ווי אַ שוועסטער פון די מיידלעך. אין שטוב טראָגט זיך אַ געלעכטער, ווי אַ שטראָם אין פריהלינג, און אין דעמדאָזיגען געלעכטער שניידט זיך אַריין פון דער זייט דעם פעטערס גאָז-זמר'ל. די מאַמע מיט די טעכ-טער שטיפען. צעפּ צאַפּלען זיך איבער צעפּ, הענד פלעכטען זיך מיט הענד, קליידלעך פאַלבען זיך איבער שלאַנקע פיס און עס דאַכט זיך, אַז די גאַנצע שטוב דרעהט זיך אין אַ ווילדען טאַנץ. אַ געדיכטער מיידעל-ווינד דרעהט זיך צוריק און קיהלט אַלעמען די צוהיצטע באַקען.

בלויז איין מיידעלע איז נישט עהנליך צו איהרע שוועסטער. דאָס איז טעמעלע, אַ ווייס שניי-מיידעלע פון אַ יאָהר פופצעהן. אַ ווייסקייט פליסט איהר אַרויס פון די אויגען, פון די האָהר, פון האַלז און די הענד, און עס דאַכט זיך, אַז די-דאָזיגע ווייסקייט קאָן מען אָנטאַפּען אָדער איינזאַפּען אין זיך. אין שטוב מאַכט זי דעם איינדרוק פון אַ פויגעל, וואָס פלאָנטערט זיך אין אַ פרעמדען נעסט. איהרע שוועסטער זענען הויך און ברייט, זי איז שמאָל און שלאַנק, ווי אַ יונג בעראָזעלע; איהרע שוועסטער געהען שנעל און רוישיג, שטעלען ברייטע טריט, זי געהט גאָרנישט. זי בעוועגט זיך נישט—זי וואַקסט באָר אויס, ווי אַ לבנה-שטראַהל, און ווי אַ לבנה-שטראַהל טוישט זי דאָס אָרט; איהרע שוועסטער לאַכען און שטיפען און ראַנגלען זיך, זי איז שטענדיג אַליין און בעזונדער און פערטראַכט, פונקט ווי זי וואָלט געהערט עפּיס אַ ווייטע מעלאָדיע; איהרע שוועסטער עסען אַ סך, טרינקען גרויסע גלעזער טיי, ווי מאַנסביל, זי קומט זעלטען אַריין אין עסצימער; איהרע שוועסטער געהען פאַרנאַכט שפּאַצירען מיט גאַנצע מחנות מיידלעך, זי שפּאַצירט אַמאָל הינ-טער'ן בית-עולם מיט אַ יונגעל. איהרע אויגען זענען ווייסע, שטעהענדיגע, אונבעוועגליכע, פונקט ווי זי וואָלט נישט געקוקט מיט זיי, נאָר מיט אַנדערע אויגען, וואָס זענען איהר פערבאָר-גען ערגעץ אין די ווינקלען קאָפּ. פון איהרע שטעהענדיגע אוי-גען און פון דער קאַלטער ווייסקייט, וואָס פליסט פון איהר פערפער, ווערט עפּיס נישט היימליך, אָבער אין דער אייגענער

צייט ציהט צו איהר, ווי מיט אַ נעץ. אַ יונגעל בעקוקט שטענ-
דיג, נישט-ווילענדיג, איהרע שלאַנקע פיסלעך, איהרע געשניצטע
אָרעמס און פערשטעהט נישט, צו וואָס ער קוקט. אַ דערוואַקסע-
נער מאַנסביל וואַרפט אויך אויף איהר אַנ׳אויג און רייסט זיך
פלוצלונג איבער אין זיינע קאַלטע וואָכעדיגע מחשבות. די שטי-
לע לופט אַרום איהר איז שטענדיג אָנגעזאַפּט מיט עפּיס אַ סכּנה
און מען ווייס נישט פאַרוואָס און צוליב וואָס. עס שרעקט איהר
שטעהענדיג אויג, איהרע ווייסע האָהר, ווי געוואַשענער פלאַקס,
איהרע שלאַנקע פיסלעך און איהר קשה׳דיגע אונבעוועגליכקייט.
טיילמאָל דאַכט זיך, אַז זי האָט געוואַלטיגע סודות, אַז זי גיט
עמיצען רמזים און וואַרט אַנ׳ענטפער פון דער לופט. איהר שמיי-
כעל איז אויך אַנ׳אויסטערלישער: ער איז קורץ, קלוג און שטיל.
און בשעת די ליפּען שמייכלען, קוקען די אויגען קאַלט, ווי צוויי
ווייסע חלפים. אין שטוב זיצט זי דאָס רוב אין אַ ווינקעל, אָדער
זי שטעהט ביים פענסטער און קוקט ערגעץ אונטער׳ן קלייג-
שטעדטעלדיגען הימעל. איהרע טריט הערט מען נישט, ווי מען
הערט נישט איהר אָטעם. אַ קול האָט זי אַ שטילען, אַ ווייכען
און אַנ׳אָבגעהאַקטען, און אַז זי רעדט, דאַכט זיך, אַז זי זאָגט
נישט דאָס, וואָס זי וויל זאָגען. אין שטוב האָט מען זי נישט
ליב. די שוועסטער ריידען מיט איהר זעלטען און די מוטער,
אַז זי רעדט וועגען איהר, זיפצט זי טיף אָב און זאָגט עפּיס
מיט אַ טאָן פון בעדויערונג:

—זאָל מיר גאָט נישט שטראָפען פאַר די ווערטער, איך
ווייס נישט, וואָס דאָס איז פאַר אַ מיידעל... אין וועמען זי איז
געראָטען...

משה׳לע האָט מורא פאַר איהר, אָבער עס ציהט איהם צו
איהר, ווי מיט טויזענדער שטריק. ער פיהלט עפּיס אַ קלעפּיג-
קייט צו איהר, פונקט ווי די לופט אַרום איהר וואָלט זיך גע-
קלעבט און וואָלט איהם נישט געלאָזט אַוועקגעהן פון איהר.
באַלד פון דער ערשטער מינוט, ווי ער איז נאָר אַריין צום
פעטער חיים אין הויז, האָט ער דערשפּירט די קלעפּיגע לופט
אַרום איהר און באַלד פון דער ערשטער מינוט האָט איהם די

קלעפּיגע לופט אַוועקגעריסען פון די פרעהליכע שוועסטער און
געהאַלטען איהם נעבען טעמעלע'ן, ווי אין אַ שטייג. די בעקלעך
האָבען איהם געפלאַמט, אין די שלייפען האָט געהאַקט און ער
האָט זיך געשעמט אויפצוהויבען די אויגען. עס איז זיך נישט
געווען וואָס צו שעמען, אָבער ער האָט זיך געשעמט מיט'ן גאַנ-
צען בלוט, מיט יעדען נערוו. און אין דער אייגענער צייט האָט
ער געשפּירט, ווי אַנ'אומבעקאַנטע וואַרימקייט צוגיסט זיך אין
איהם, אַ וואַרימקייט, וואָס איז עהנליך צו אַ זינד, און ער וואָלט
אייביג אַזוי געזעסען נעבען דער שניי-ווייסער מיידעלע, אין דער
קלעפּיגער לופט.

משה'לע רעדט מיט איהר ווייניג, און בשעת ער רעדט
מיט איהר, ציטערט איהם דער קול. ער פערשטעהט זי נישט,
ער קאָן זי נישט בעגרייפען, ער קאָן אפילו נישט טראַכטען וועגען איהר, אָבער ער פיהלט, ווי איהרע צוויי ווייסע נישט-זע-
הענדיגע אויגען טאַפּען איהם, ווי לבנה-שטראַהלען און ציהען
איהם צו זיך, צו איהרע שלאַנקע געטאָקטע פיסלעך אין שוואַרצע
זאָקען, צו איהר יונגען אָרעם, צו איהר האַלז. טיילמאָל פּרובט
ער זיך ראַנגלען און וויל אַרויס פון דעמדאָזיגען כשוף, אָבער
בשעת ער זעהט-איין, אַז דאָס איז שווער פאַר איהם, אַז דאָס
איז איבער זיינע כחות, וויל ער שוין בעסער, אַז אַלע זאָלען
אַנטרונען ווערען פון שטוב און ער זאָל בלייבען אַליין מיט טע-
מעלע'ן. וואָס וואָלט ער געטהאָן מיט איהר? ער ווייס נישט,
ער קאָן עס נישט וויסען, אָבער ער וואָלט זיך דערנעהנט צו
איהר, ער וואָלט זיך צוגעקלעפּט צו איהר מיט'ן קאָפּ, מיט די
הענד און פיס. ער פיהלט, אַז ער מוז זיך צוקלעפּען צו איהר,
ווי זעהר אַ מידער מענש וויל צומאַכען די אויגען.

קיינער אירצט נישט משה'לען ביי די פעטערס אין שטוב,
אָבער זי אירצט און בעטאָנט דורכ'ן אירצען איהר מיידעלשע
רייפקייט.

—איהר וועט דאָ נאָך לאַנג פערברענגען?—פרעגט זי
מיט איהר אָבגעהאַקטען קול, און עס שפּירט זיך נישט, ווי זי
אָטעמט.

—נישט לאַנג...

—פאַרוואָס איילט איהר זיך?

—איך מוז... אַוועקפאָהרען...

—איהר מוזט?

די צוויי ווייסע חלומות טאַפּען איהם מיט די שפּיצען די נשמה, און איהם דאַכט זיך, אַז זי איז איינגאַנצען אַריין אין איהם און זוכט אין איהם, ווי אין אַ טונקעלען שאַנק. זי בעוועגט זיך אין איהם און מאַכט דאָרט אַזוינע שטילע טריט, ווי זי מאַכט אין שטוב, און משה׳לע פיהלט, אַז עס פעהלט איהם אָטעם. וואָס וויל זי פון איהם? וואָס איז זי פאַר אַ מיידעל?

—איהר מוזט?—פרעגט זי איבער און בעזעצט זיך טיפער אין איהם.

—איך ווייס...—פערהאַקט זיך משה׳לע און זיינע בעקלעך ווערען בעדעקט מיט הייסען בלוט.

—איהר פּלאָנטערט זיך נישט... ענטפערט, וואָס מען פרעגט אייך...

—צו וואָס בעדאַרפט איהר מיך?..—שטאַרקט זיך משה׳לע, ווי אַ מענש וואָס טרינקט זיך און מאַכט די לעצטע אָנשטרענגונג צו ראַטעווען זיך.

—איהר פערבלייבט דאָ...—הערט ער שאַרפער איהר קול, אָבער ער קלינגט, ווי אַ צוגעדעקטער, ווי אַ סוד.

—און אַז איך וועל נישט פערבלייבען?..—שטאַרקט זיך משה׳לע ווייטער.

—ניין, איהר וועט פערבלייבען.

—און אַז איך וועל אייך נישט פאָלגען?—פרובט ער זיך אפילו שפּאַסען.

—איך זאָג אייך, שווייגט...

—וויל איך נישט שווייגען...

—ניין, שווייגט.

אין צימער בעוויזט זיך די מוהמע און טעמעלע גיט פּלוצלונג לייכט אַ פרעג:

—אַ טראַמוואַי געהט ביי אייך אין שטאָדט?

און איהר קול איז איצט נישט פאַר זיי ביידען, נאָר פאַר דער גאַנצער שטוב.

—משה'לע,—רופט איהם די עלטערע טאָכטער,—קום אין גרויסען צימער, וועלען מיר טרינקען טיי מיט מאַלינעס.

משה'לע הויבט זיך אויף און געהט, אָבער געהענדיג, שפירט ער, ווי עס ציהען איהם ביז וועהטאָג די שטריק, וואָס בינדען איהם צו טעמעלע'ן. זיי ציהען איהם צוריק צו דער קלעפּיגער לופט און צו די צוויי אויגען, ווי קאַלטע ווייסע חלומות. און באַלד נאָכ'ן טיי זיצט ער שוין ווידער אין דער קלעפּיגער לופט, אויף דעם אייגענעם אָרט, וואָס פריהער. ער ווייס אפילו נישט, ער געדענקט נישט, ווי אַזוי ער האָט זיך ארויסגעכאַפּט פון דעם קנויל שוועסטער און זיך דאָ אַנידערגע-זעצט. דאָס אַלץ איז אַזוי ווי געשעהן אָהן זיינע אויגען און אָהן זיין זכרון. ער האָט זיך שוין פיינט דערפאַר, וואָס ער איז אַזוי שוואַך און קאָן נישט אַרויס פון דעמדאָזיגען כשוף און ער האָט זיך פיינט דערפאַר, וואָס ער רוטעלט זיך ווילעוויילז, ווי אַ קליין יונגעל צווישען קלוגע דערוואַקסענע מענשען. אָבער ער קאָן זיך נישט אויפהויבען און קאָן נישט אַוועקגעהן. דאָס איז איבער זיינע כחות.

—און אויב איהר ווילט... קאָנען מיר געהן שפּאַצירען הינטער'ן בית-עולם...—הערט ער ווידעראַמאָל איהר קול, וואָס שוואַכט איהם אָב אַלע שרייפעלעך פון זיין ווילען.

—איך ווייס נישט, צי איך וועל האָבען צייט...

—איהר וועט האָבען.

—אָבער אַז די באָבע...

—איהר זענט אַ נאַריש יונגעל...

משה'לע לאָזט-אַראָב די אויגען און וויל זיך צעוויינען פון עגמת-נפש, פון שוואַכקייט און פון דעמדאָזיגען כשוף, וואָס האַלט איהם געפאַנגען, ווי די מכשפות האַלטען געפאַנגען די פּרינצען אין זלמנ'ס מעשה'לעך. ער בעשליסט ביי זיך, אַז מעהר זאָל ער נישט געהן צום פעטער חיים, אָבער דערדאָזיגער בעשלוס

ווערט תיכף אויסגעלאָשען אין איהם, ווי פייער אין וואַסער. און ווידער הערט זיך איהר קול:

—מאָרגען פאַרנאַכט געהט דער טייטש אויפ'ן שטריק. נאָכ-דעם וועלען מיר געהן שפּאַצירען...

—אָבער אַלע וועלען געהן?..

—אַלע, אָבער איהר וועט געהן מיט מיר...

—פאַרוואָס אַזוי?..

—איהר זענט אַ נאַריש יונגעל... איך האָב עס גאָרנישט געוואוסט...

—טעמעלע...

—יאָ, מען רופט מיך טעמעלע.

משה'לע ווישט זיך איבער דעם שטערען, ווי אַ דערוואַ-קסענער מידער מענש, וואָס ווייס פון גרויסע אינערליכע אָנ-שטרענגונגען און איבערלעבונגען. עס איז איהם אַלצאיינס, עפּיס אַ קאַלטע גלייכגילטיגקייט בעהערשט איהם, און ער קוקט זיך אַרום, ווי אַ מענש, וואָס זיצט אין אַ תהום און ווייס, אַז ער וועט נישט אַרויס פון דאַנען. אָבער פּלוצלונג רופט ער זיך אָן:

—קעגען אונז וואוינט אַ מיידעלע... שיינדעלע הייסט זי. איך לעב מיט איהר ווי מיט אַ שוועסטערל...

—וואָס, וואָס דערצעהלט איהר?

—גאָרנישט...

—שיינדעלע האָט איהר געזאָגט...—און אין האַלז נעהמט איהר טאַנצען אַ מין געלעכטערל, פּונקט ווי עמיץ וואָלט דאָרט געקלאַפּט מיט אַ האַמערל אין גלאָז.—שיינדעלע איז אַ מאוס מיי-דעלע און איהר זענט אַ מאוס יונגעל.

—ניין...—פּרובט ער זיך וועהרען און פערהאַקט זיך: איהר פּח שמידט איהם ווי אין קייטען.

—שיינדעלע איז מאוס און איהר זענט מאוס. איך האָב אַ מאוס'ען שוועסטערקינד. געהט, וואָס זיצט איהר נעבען מיר...

איצט איז אייגענטליך די בעסטע צייט זיך אויפצוהויבען און אַריינגעהן אין צווייטען צימער, דאָרט, וואו די שוועסטער לאַכען געזונד און רוישיג. אָבער ער קאָן עס נישט טהאָן. עפּיס

פרעמד איז געוואָרען דער גוף, און פרעמד איז ער אינגאַנצען געוואָרען, און פון דעם פריהערדיגען משה'לען איז אַזוי ווי געבליבען הענגען אין לופטען אַנ'אויג, וואָס קוקט איהם אָן און חדוש'ט זיך. דרויסען גנב'עט זיך אַרויס דער טאָג פון אונטער די טונקעלע סאַמעטענע אָווענד-הענד, פונקט ווי אַ גאָלד-געלאָקטער יונגעל אַנטלויפט פון אַ זיידען, און אין דער פערטראַכטער לופט פאַלט-אַריין עפּיס ווייסעס פון טעמעלעס האַלז, הענד און אויגען. און משה'לע דערשפּירט מיט אַמאָל איין הייסען בעגעהר, איין אונבעקאַנטען פערלאַנג, וואָס לאָזט זיך נישט צוימען פון געדאַנק:

—צוקלעבען זיך צו איהר... צוקלעבען זיך.

ווי אין אַ חלום הויבט ער זיך אויף, צוזעגענט זיך מיט'ן פעטערס טעכטער, מיט'ן פעטער, מיט דער מוהמען און געהט צו דער באָבען אונטער אַ פערטראַכטען הימעל מיט אַ ליכטיגען אָווענדשטערען, וואָס ציטערט אין דער הויך, ווי אַ גאָלדען שנייעלע. ער געהט מיט רבקה'לען, דעם פעטערס עלטערער טאָכטער און זיין האַנד ליגט אין איהרער. רבקה'לע איז אַ געוועהליך ליב מיידעל, און, געהענדיג מיט איהר, קומט משה'לע צו זיך פונקט ווי פון אַ חלשות. עס קעהרט זיך אום צוריק דער פריהערדיגער משה'לע, און די צוריקגעקומענע כחות שווענקען-אַראָב ווי אַ וואַסער דאָס אַלץ, וואָס ער האָט פריהער איבערגעלעבט. וואָס שטאַרקער ער דערשפּירט זיך, אַלץ שוואַכער און בלאַסער שטעהט איהם טעמעלע אין דמיון און אַלץ שענער, העלער און ווייכער שיילט זיך איהם אויס שיינדעלע אין זכרון, און בשעת שיינדעלע נעהמט איהם שמייכלען נאָהנט און וואַרים און ער דערזעהט דייטליך אין זכרון איהרע אויסגעשאָרענע ליפּעלעך, דערשפּירט ער זיין אינגאַנצען בעפרייט פון טעמעלעס כשוף, פון איהרע חלפים-אויגען. איצט האָבען זיי איבער איהם קיין שום שליטה נישט.

פון רבקה'לען פאַלט אויף איהם אַ וואַרימקייט, ווי פון אַ מאַמען, און אַ מאַמע קוקט איהר אויך פון די בלויע אויגען אַרויס. עס איז נאָר אַ וואונדער, וואָס אַרום איהר פלאָנטערן זיך

נישט קיין קליינע קינדער, אין העמדעלעך מיט פעררריסענע נע-
זלעך. אָבער אַז מען קוקט זי בעסער אָן, דאַכט זיך, אַז פאַר
איהר זענען שוין ערגעץ אָנגעגרייט אַ צעהן קינדער, וועלכע זי
וועט האָבען איינס נאָכ׳ן אַנדערן באַלד ווי עס וועט נאָר קומען
די צייט. אויב זי לאַכט נישט, איז מיט איהר זעהר-לייכט און
אָנגענעהם צו ריידען, און משה׳לע זאָגט-אַרויס אָהן אָנשטרענ-
גונג, רוהיג, ווי אַ גלייכער צו אַ גלייכען:

—רבקה׳לע, איך וואָלט געוואָלט מיט דיר צוזאַמען געהן
זעהן דעם טייטש...

—נו, דו ועסט דאָך געהן מיט מיר...

—יאָ, אָבער...

—וואָס אָבער?

משה׳לע געפינט נישט די געהעריגע פאָרם, ווי אַזוי צו
זאָגען רבקה׳לען, אַז ער וויל נישט געהן מיט טעמעלע׳ן. דאָס
איז אַ דעליקאַטע זאַך און מען בעדאַרף עס קאָנען זאָגען. די
מוטערליכע וואַרימקייט, וואָס וועהעט אויף איהם פון רבקה׳לען,
דערוועקט אין איהם אפילו אַ חשק איבערצושמועסען מיט איהר
וועגען טעמעלע׳ן עטוואָס אויספיהרליכער, דערצעהלען איהר פון
דעם גאַנצען אַנגסט, וואָס זי האָט איהם פערשאַפט און בעטען,
זי זאָל איהם בעשיצען פון איהר שוועסטער. אָבער אַז ער וויל
אָנהויבען ריידען, שפירט ער זיך אַזוי ווי אַ שטומער, די צונג
בעוועגט זיך נישט. עס איז אייגענטליך נישטאָ וואָס צו זאָגען,
ווייל טעמעלעס האַנדלונג איז עפּיס אַ זאַך, וואָס לאָזט זיך נישט
בעצייכענען מיט ווערטער. און וויל מען עס דערצעהלען, איז
נישטאָ וואָס.

פאַר דער באָבעס שטוב צוזעגענט זיך מיט איהם רבקה׳לע.
זי גיט איהם אַ קוש אין שטערן און געהט-אַוועק. דער קוש
דערמאָהנט איהם זיין מאַמען. זיין מאַמע האָט זיך אויך אַזוי
געקושט. די אייגענע בעריהרונג פון די ליפּען און דער אייגע-
נער קלאַנג. רבקה׳לע דערווייטערט זיך, ווי אַ הויכער שווימענ-
דיגער בוים. אַ ווייך אָוועגד-ווינטעלע דערטראָגט איהם נאָך דעם
ריח פון איהרע קליידער, און ער קוקט איהר נאָך ביז די ווײַ-

טע טונקעלקייט נעהמט זי אַריין אין איהרע אָרעמס. דעמאָלט לאָזט ער איבער דעם טונקעלען דרויסען, וואָס רוישט מיט זיין שווערען שטילשווייגען, ווי אַ גרויסער, לאַנגזאַם-געהענדיגער טייך, און עפענט די טיר פון דער באָבעס ליכטיגער שטוב. אַ קליינע געשטאַלט, וואָס לעבט מיט איין האַלבען גוף אויף יענער וועלט און מיט׳ן צווייטען אויף דער, הויבט זיך אויף פון באַנק מיט בישט-געבויגטע קניה און פאַלט אויף איהם אַרויף מיט אויסגע-שפּרייטע הענד.

—וואו ביזטו געווען אַזוי לאַנג?—פרעגט איהם די באָבע מיט אַזאַ האַרצציטערניש אין קול, אַז משה׳לע פערגעסט אויף אַ ווײַלע, וואו ער איז געווען און איהם דאַכט זיך, אַז ער איז געקומען פון אַ וויטען לאַנד.

—ביים פעטער חיים בין איך געוועזן...—זאָגט ער אַרויס מיט אַזאַ טאָן, פּונקט ווי ער וואָלט זיך פערענטפערט.

אַ ווײַלע שטעהט די באָבע מיט אַנ׳אַראָבגעלאָזטען קאָפּ, אַזוי ווי אָהן מחשבות. נאָכדעם דרעהט זי זיך אויס, קעהרט-אָב די אַלטע אויגען צו משה׳לען און זאָגט-אַרויס מיט אַ טרויסלענדי-גען אָטעם, פּונקט ווי דאָס האַרץ וואָלט איהר געהאנגען אויף אַ דינן שנירעלע און וואָלט זיך געבאָמבעלט:

—מיט טעמעלע׳ן זאָלסטו נישט האַנדלען... דו הערסט?

—פאַרוואָס?—פרעגט משה׳לע אַ דערשראָקענער, ווי אַ גנב, וועלכען מען האָט געכאַפּט ביי דער האַנד.

—פאַרוואָס? אַזוי...

—און די באָבע פערקוועטשט די ליפען, שאָקעלט-צו מיט׳ן קאָפּ, קוקט שטרענג און ערנסט אין איין פּינטעל אַריין און די פּיאַטעס הויבען זיך איהר און לאָזען זיך לאַנגזאַם אַראָב, הוי-בען זיך און לאָזען זיך לאַנגזאַם אַראָב, פּונקט ווי אַ שטאַרקער ווינד וואָלט בעוועגט אַנ׳אַלטען איבערגעבליבענעם סלופּ פון אַנ׳-איינגעפאַלענעם פּאַרקאַן.

## עלפטעס קאַפּיטעל.

דער הימעל מיט דער רויטער אונטערגעהענדיגער זון הענגט איבער'ן שטעדטעל, ווי אַ בלויע מיץ מיט רויטע בלוט-פלעקען. אין דער שטילער לופט דרעהען זיך אַרום טויבען מיט יענעם לייכטען און גראַציעזען פליהען, וואָס רופט שטענדיג אַרויס קנאה אין דעם מענשענס האַרץ. פון דער גאַנצער קופּע הייזער, וואָס ליגען דאָ צונויפגעוואָרפען און וואָס דרעהען זיך מיט די בוידעמשפּיצען אין פערשידענע ריכטונגען, שניידט זיך אַרויס דאָס פער'חלומ'טע קלויסטערל, פונקט ווי עס וואָלט זיך אַרויפגעכאַפּט אויפ'ן אַקסעל פון אַ הייזעל, און שפּריצט גלייך אין הימעל אַריין דעם גאָלדענעם שיין פון זיין צלמ'ל. אויף אַ בערגעל, נישט ווייט פון איהם, זיצט די שוהל צווישען די אַרומיגע הייזלעך, ווי אַ גוטע באָבע צווישען קינדער, און דער אויבערשטער טייל, וואָס איז נישט לאַנג געקאַלכט געוואָרען, זעהט-אויס אונטער'ן אַלטען דאַך, ווי אַ ברייטער ווייסער שטערען אונטער אַ שוואַרצען פּאַרוק. דער וועג צו דער שוהל איז אַנ'אויסגעטראָטענער. די דריי גרויסע שטיינער, וואָס ליגען

אויפ'ן מיטען וועג, זענען אויסגעשאַרט און אויסגעטראָטען געוואָרען. הונדערטער יאָהרען זענען דאָ יודען געגאַנגען אַהין-אין-צוריק, ווי זיי טהוען איצט אויך דאָס אייגענע. אָבער די אַלטע באָבע איז טריב: די יונגע מיידען ביסלעכווייז אויס דעמדאָזיגען וועג. לינקס, אין טהאָל, וואו עס ליגען אויסגעטריקענטעביינער פון קעץ און צובראָכענע צדקה-פושקעס, שטעהט אַ בנין מיט אויסגעהאַקטע שויבען און מיט אַנ'אונרוהיגען פייפענדיגען קוימענדעל. דאָס איז די איינציגע פאַבריק אין שטעדטעל — אַ שוועבעל-פאַבריק. אַלע פאַרנאַכט שפייט-אויס דאָס גרויע פאַבריק-טויערל אַ דרייסיג באָרוועסע גויעס מיט צעראָבגעהאַנגענע לעדיגע בריסט, אַ צעהנדליג בלאַסע אומעטיגע פויערים מיט עטליכע אונרוהיגע יודלעך, און דאָס קוימענדעל פייפט-צו מיט אַ בעזונדער מין גרילצען, פונקט ווי עס וואָלט חוזק געמאַכט פון זיי. אין דער ווייכער לופט פון די געסלעך, וואָס שמעקען מיט יוד, היי און ציג, טראָגען-אַריין די פאַבריק-אַרבייטער דעם בייסיגען שווערען ריח פון שוועבעל.

אָבער דאָס האַרץ פון שטעדטעל איז דער מאַרק, וואָס ליגט, ווי אַ וואולקאַן צווישען שלאָף און שטילקייט, צווישען רוהיגע היהנער, ציגען און הינד. אויף דעמדאָזיגען מאַרק האַנדעלט מען אייגענטליך נישט, נאָר מען שפרינגט, מען לויפט, מען כאַפט, מען רייסט און מען שרייט; מען קלאַפט זיך אין האַרצען, מען קנייטשט מיט די שטערענס, מען שוויצט, מען גלאָצט מיט די אויגען, מען סטראַשעט מיט אָדערדיגע הענד, מען קלעטערט איינע אויף די אַנדערע, מען שווערט און מען פאָכט מיט די גאָזלעכער, ווי פערד אונטער אַ משא. דער גרויסער מאַרק-עולם פלאַטערט און צאַפעלט זיך, שוימעלט און גריבעלט, פונקט ווי אַ ראָד וואָלט איהם געדרעהט און געמישט, ווי מען מישט זאַמד און פון דעמדאָזיגער צאַפלעניש און מישעניש, פון דידאָזיגע געדיכטע פלייצעס, הענד און פיס קוקען-אַרויס לאַנגע, מרה-שחורה'דיגע קעפ פון פערד מיט הויכע שפּיציגע אויערן. קוקט מען פון ווייטען אויפ'ן מאַרק, דאַכט זיך, אַז מענשען געהען דאָ אויפ'ן בויך, ווי פיש, אויף די זייטען,

אויפ׳ן קאָפּ און אויף די הענד. איבערגעקעהרטע פיגורען מאַכען זיך דאָ אַ וועג מיט׳ן קאָפּ און פיס טענה׳ן צו פיס. די קולות פון עולם לויפען-אַרום הויך איבער די קעפ, ווי ווילדע פויגעל און לעשען זיך לאַנגזאַם אונטער די שטילע קליינשטעדטעלדיגע הימלען, די סחורה אַליין איז, אפנים, נישט אַזוי וויכטיג. וויכטיג איז דער וועג ווי אַזוי מען קומט צו איהר, ווי אַזוי מען קויפט זי און פערקויפט זי, און בשעת דער קונה נעהמט-צו די סחורה, האָט ער אַזאַ פּנים, פונקט ווי ער וואָלט גענומען אַ נדבה.

היינט איז דער מאַרק לעדיג. היינט איז דער וואולקאַן שטיל, ווי די אַלע קרומע געסעלעך, וואָס גיסען זיך אַריין אין איהם, ווי שמאָלע טייכעלעך. פון די קרעמלעך קוקען-אַרויס זקנים אָדער קראַנקע מיט פערבונדענע קעפּ, וואָס זיצען גע-וועהנליך אין שטוב. דאָס גאַנצע שטעדטעל איז געגאַנגען זעהן דעם טייטש אויפ׳ן שטריק. אויפ׳ן גריגעם פּלאַץ, אַנטקעגען דעם גלה׳ס הויז, אַ ברייט איינגעפונדעוועט הויז, עהנליך צום גלח, וואָס האָט אַ קורצען האַלז מיט אַ ברייטען שיטער-פליישיגען פּנים פון עסען אַ סך חזיר, פון טרינקען גאַנצע סאַמאָוואַרען טיי און פון שלאָפען גאַנצע טעג אין אַ בעט מיט צעהן קישענס און פּע-רענעס,—איז פערצויגען אַ שטריק איבער דיקע סלופּעס, און אַ קורצער דייטש מיט אַ מצה-פּנים, אָהן וואָנסען און אָהן אַ באָרד, מיט פינטעלדיגע גנב׳ישע אויגען און מיט א שווייגענדיג שמיי-כעלע צווישען צוויי פעטע ליפען, שטעהט געבען אַ קאַסטען און טחוט זיך לאַנגזאַם איבער אין לייב-קאָליר. נישט ווייט פון איהם שטעהט דער אוריאַדניק אויף צוויי שלאַנקע לאַנגע פיס אין גלאַנציגע שטיוועלעך, מיט לאַנגע פעך-שוואַרצע וואָנסען און מיט אַ נאָז, וואָס דער שפּיץ איז צוגעקוועטשט צו דער אויבערשטער ליפּ. אונטער׳ן שטערען שווימען איהם אַרום צוויי אויגען, ווי צוויי שוואַרצע פיראַטען-שיפעלעך און גלייכצייטיג קוקען זיי לינקס און רעכטס און פאָראויס, אויבען און אונטען. אַ גרויזין איז ער, און מיט אַ צוויי יאָהר צוריק האָט ער דערשאָסען עפּיס אַ מיידעל צוליב אַ ליבע. הינטער׳ן אוריאַדניק שטעהט אַ געדיכטע וואַנד פון יודען, ווייבער, בחורים, מיידלעך, קינדער און פויע-

רים, וואָס קוקען ווי מיט קלייניטשקע גרויע גלעזעלעך, אַריינ-
געשטעלט אין האָהריגע שאַרפע אָבגעריסענע פנים׳ער. די על-
טערע יודען האַלטען אין די הענד טאַבאַק-פושקעס און רויטע
נאָז-פאַטשיילקעס; די עלטערע ווייבער צערעווען, שטעהענדיג,
זאָקען און בעוועגען שנעל מיט די אַלטע פינגער; די מיידלעך
פרישע, אויסגעפּאַשעטע, ווייס-בעקעלדיגע, מיט קיילעכיגע אַקסלען,
מיט הויכע בוזימס און בחור׳שע הענד, לאַכען, סוד׳ען זיך צווי-
שען איינאַנדער און וואַרפען זייטיגע אויגלעך צו די יונגעלייט.
די יונגעלייט, ווידער, מאַכען זיך נישט זעהענדיג, שטעהען פעסט
און מאַנסבּיליש אויף זייערע ערטער, ווילען נישט מחיה-זיין די
מיידלעך מיט אַ גנב׳ישען בליק און קוקען אַרום זיך מיט יענער
בעגרענצטקייט, מיט וועלכער עס צייכענען זיך. אויס קליינ-
שטעדטעלדיגע בחורים. ביי די פיס פון דער מענשען-וואַנד איז
וואו-נישט-וואו אַרויסגערוקט אַ שאַרפער בייגיריגער שנוק פון אַ
הונד. דאָס בעסטע אָרט האָט אָבער דער גלח: פון איין פענ-
סטער קוקט ער אַרויס מיט זיין שיטער-פליישיגען פנים, בע-
שאָטען מיט קראַנקע קורצע העהרעלעך, ענליך צו טרוקענעם
סטעפ-גראָז; פון אַ צווייטען פענסטער קוקט-אַרויס דאָס ווייב,
וואָס האָט אַ גרויסען טרויסלענדיגען בויך און איז צוויי מאָל
אַזוי ברייט, ווי דער מאַן; פון דריטען פענסטער קוקען-אַרויס
די קינדער מיט דער דינסט. די קינדער—צוויי ראָז-מייליגע,
בלוי-אויגיגע מיידעלעך מיט עפּעל-פנים׳לעך און אַ זוהן אַ לע-
מעשקע מיט אַ לאַנגען פערדישען קאָפּ, מיט גרויסע רויטע אָב-
געשטאַנענע אויערן, מיט אַ פייכטער נאָז און מיט אַ האַלז דין,
ווי אַ שטרוי.

אין דער ערשטער שורה שטעהט אויך משה׳לע מיט דעם
פעטערס טעכטער. ער האָט אויסגעפיהרט: מיט טעמעלע׳ן איז
ער נישט געגאַנגען. איצט שטעהט טעמעלע ערגעץ אין דער זייט
און שמועסט מיט אַ יונגען גימנאַזיסטעל, וואָס אויף זיינע בלי-
ששענדיגע קנעפּלעך פון ווייסען העמדעל שפּילט דער אונטער-
גאַנג פון דער רויטער זון. אייגענטליך שמועסט טעמעלע נישט.
טעמעלע שמועסט קיינמאָל נישט. זי גיט נאָר אַ וואָרף אַ וואָרט

מיט אַ שווייגענדיגער צונג. דאָס גימנאַזיסטעל היצט זיך, שוויצט
און לאַכט, אָבער ער איז אונרוהיג, עפּיס אַזוי ווי פערשעמט און
האָט, קענטיג, שלעכטע מחשבות. ער איז געפאַנגען, דאָס גימנאַ-
זיסטעל אָבער ער וויל זיין געפאַנגען, און זיינע אויגען מאַכען
דעם איינדרוק, ווי זיי וואָלטען וועלען זיך אַריינ׳גנב׳ענען אין
איהרע ווייסע קאַלטע אויגען.

אין צעהן מינוט אַרום שטעהט זי שוין מיט אַנ׳אַנדערן.
דאָס איז אַ חנ׳עוודיגער האָרבאַטער יונגעל פון די פיינשטיינס—
די סאַמע רייכסטע פאַמיליע אין שטעדטעל. אויף זיינע האָרבאַ-
טע אַקסלען זיצט אַ בלאַס שען פנים פון אַנ׳עלוי, אָהן אַ האַלז,
און דאָס פּאַטילניצע ליגט איהם אויפ׳ן פלייצע, ווי אויף אַ
בענקעלע. זיינע צוויי שענע גוטע פערטראַכטע אויגען זענען אָנ-
געפילט מיט יענעם טרויער, וואָס לאָזט זיך שטענדיג מערקען
ביי האָרבאַטע. דאָס איז יענער טרויער, וואָס קומט פון
נישט קאָנען אָבענטפערן גאָט פאַר זיין שווערער בעליידי-
גונג. אָבער דער האָרבאַטער איז אויך געפאַנגען און ער
שטעהט אויך אין איהר ווייסען קאַלטען ליכט, ווי אַ בלינדער,
וואָס ווייס נישט, וואו צו געהן. באַלד קומט צו אַ דריטער—
מאַקאַר זינאָוויעוו, אַ קריסטליך צולאָזען יונגעל מיט זומערשפּרינ-
קלעך און מיט צובלוטיגטע הענד. אָבער מאַקאַר זינאָוויעוו האָט
גרויסע מעלות: ער קאָן, צום בייספּיל, גנב׳ענען געלד פון דער
מאַמעס בייטעלע, ער קאָן רייסען עפּעל פון פרעמדע גערטנער,
ער קאָן פּאַטשען אַנ׳עלטערן, און אויב מען בעדאַרף, קאָן ער
אויך אויף אַ פּאָר שעה צייט אַרויספיהרען אַ פערד פון אַ פרעמ-
דען שטאַהל. בעשטראָפען מאַקאַר׳ן איז נישט פון די לייכטע
זאַכען: ערשטענס, גליטשט ער זיך אַרויס פון די הענד, ווי אַ
פיש, און, צווייטענס, איז זיין טאַטע אַ זעמסקי נאַטשאַלניק, און
כאָטש דער טאַטע האָט נישט זעהר ליב דאָס זוהנדעל און
שמייסט איהם עפטער אויפ׳ן רוסישען שטייגער, דאָך האָט ער
פיינט, אַז פרעמדע בעשטראָפן איהם. מאַקאַר איז דער איינ-
ציגער, וואָס איז אויסער טעמעלעס מאַכט, און ער בעציהט זיך
צו איהר, ווי אַ צולאָזען יונגעל בעציהט זיך צו מיידלעך.

—טעמעלע,—זאָגט ער,—לאָמיר געהן קלייבען יאַגדעס אין וואַלד, אָבער ביינאַכט, אינדערפינסטער...

טעמעלע ענטפערט נישט און מאַקאַר צולאַכט זיך מיט שי־טערע שפּיציגע צייהן. באַלד דערויף גיט ער זיך אַ דרעה־אויס אויף ביידע פיס, בויגט־אַראָב אַנ׳אַקסעל, ווי אַ יונג קעלבעל, וואָס וויל אַ בריקע טהאָן, און רייסט זיך אַריין מיט אַ זייט אינ׳ם איינגען צונויפגעקלעבטען המון.

—טעמעלע,—רופט זיך אָן דער האָרבאַטער מיט אַ טאָן, ווי מען רעדט צו אַ מאַמען—קום בעסער אין פעלד. דו ווילסט זעהר זעהן דעם דייטש?

—און אַז איך וויל...

—קום אין פעלד, טעמעלע. פון דאָרט וועלען מיר אַריינ־געהן צו מענליק׳ן אין גאָרטען. אַגרעסען האָט ער פאַר מיר אָנגעגרייט...

—ניין, איך וויל נישט,—זאָגט טעמעלע גלייכגילטיג.

—מיט מיר ווילסטו קיינמאָל נישט געהן...—קלאָגט דער האָרבאַטער, ווי אַ יתום.—איך ווייס, מיט אַנדערע—יאָ, מיט מיר נישט.

—אָבער איך וויל זעהן דעם דייטש,—זאָגט טעמעלע און הויבט־אויף די ווייסע אויגען צום הימעל, פונקט ווי זי וואָלט געוואַרט אויף אַ רמז פון דאָרט.

—טעמעלע...—זאָגט דער האָרבאַטער און מאַכט־צו די אויגען.

זיין בלאַס פּנים, ווערט דורכזיכטיג, ווי גלאָז, און עס דאַכט זיך, אַז ער לעבט שוין נישט.

דער עולם נעהמט זיך בעוועגען מיט אַמאָל—די העלזער זענען אויסגעצויגען, די אויגען שפּרינגען פון די אויגענלעכער. די הינטערשטע רייהען שפּאַרען זיך צו די פאָדערשטע. דער דייטש מיט׳ן מצה־פּנים, אָנגעטהאָן אין אַנ׳אַלטען צופלאַצטען טריקאָ, שטעלט־צו אַ לייטערל צו די סלופּעס און קריכט מיט אַ לאַנגען שטעקען אויפ׳ן לייטערל. עס הויבט זיך אָן. עמיץ נעהמט קלאַפּען אין אַ פּויק. דער עולם האַלט־איין דעם אָטעם. פּאַמעלעך

און לאַנגזאַם הויבט זיך אויף דער דייטש אויפ׳ן שטריק, און אַט וואַרפט ער אַרויס איין פוס און מאַכט אַ טריט, אַ צווייטען פוס און מאַכט אַ צווייטען טריט, באַלאַנסירענדיג מיט׳ן לאַנגען שטעקען. דער קאָפ און דער גוף שטעהען איהם גלייך און אָהן בעוועגונג. ביי יעדען נייעם טריט בויגט זיך עטוואָס אויס דער שטריק און דער פוס טהוט זיך אַ וויג, און עס דאַכט זיך, אַז די גאַנצע סכנה ליגט אין דעמדאָזיגען וויג. אָבער דער דייטש געהט בשלום דורך דעם גאַנצען שטריק און געהט באַלד צוריק מיט׳ן רוקען. ווי פריהער, וואַרפט ער אַרויס איין פוס, נאָכדעם אַ צווייטען, און דער קאָפּ מיט׳ן גוף שטעהען איהם גלייך. אַז מען קוקט לאַנג אויפ׳ן דייטש מיט׳ן שטריק, ווערט דער שטריק צוזאַמענגעגאָסען מיט דער לופט, און עס דאַכט זיך, אַז דעם דייטשס קאָפּ שאַרט זיך אונטער׳ן הימעל. עס ווערט שרעקליך: אַ מענש געהט צווישען הימעל און ערד און פאַלט נישט אַראָב. די גרויסע אַלטעגליכע לאָגיק זאָגט, אַז ער מוז אַראָבפאַלען, אַז ער בעדאַרף געהן אויף דער ערד און נישט דאָרט, וואו ער געהט, און זי, די לאָגיק, ווערט אויך אַזוי אָנגעשטרענגט, ווי דער דייטש. עס דאַכט זיך, אַז איהר וואָלט לייכטער געוואָרען, ווען ער וואָלט אַראָבגעפאַלען. מאַנכע קאָנען נישט קוקען און פערדעקען זיך מיט די הענד די אויגען. דער דייטש געהט-אי-בער דעם שטריק אַהין און צוריק, זעצט זיך נאָכדעם צו אויפ׳ן שפיץ פון אַ סלופּ און ווישט זיך אויס דעם שווייס פון געזיכט. אין דער אייגענער רגע וואַקסען-אויס עטליכע געזונדטע יונגען מיט בלעכענע פושקעס אין די הענד און בויערן-אַדורך דעם מענשען-קנויל פון עטליכע זייטען. געלד בעטען זיי פאַר׳ן דייטש. דער עולם וואַרפט קופערנע מטבעות אין די הילכיגע בלעכענע פו-שקעס און קאָן נישט קומען צו זיך פון התפעלות. דער מענש מיט דער שטריק זעהט-אויס, ווי אַ וואונדער, אין וועלכען עס גלויבט זיך קוים.

נאָך אַ קליינער הפסקה ווייזט זיך ווידעראַמאָל אין לופטען דער אונבעוועגליכער שטעהענדיגער גוף מיט די בלינדע געמאָ-סטענע טריט. דער דייטש געהט שוין ווידער אויפ׳ן שטריק. ער

געהט ווי פריהער פון איין סלופ צום צווייטען. פלוצלונג גיט זיך אַ וואַקעל דער אונבעוועגליכער גוף און אין לופטען פאַלט דער דייטש מיט'ן שטעקען. דער גאַנצער עולם טהוט אַ ציטער, ווי איין מענש, פונקט ווי די ערד וואָלט זיך אויסגעגליטשט אונטער זייערע פיס. פון מאַנכע ערטער הערט זיך אַנ'אויסגעשריי פול אימה און שרעק. עפיס אַ יונג ווייבעל פאַלט אין חלשות. אַ פויער נעהמט זיך קראַצען אין פאַטילניצע מיט אַראָבגעלאָזטע אויגען. אַ מאַמע רופט איהר קינד. מיידלעך פלעכטען זיך אַרום מיט די הענד, פונקט ווי זיי וואָלטען געשטאַנען פאַר אַ תהום און וואָלטען מורא-געהאַט אַריינצופאַלען דערין. אָבער אַז מען הויבט-אויף די אויגען צום געפעהרליכען שטריק, זעהט מען, ווי דער דייטש הענגט אויפ'ן שטריק מיט'ן קאָפּ אַראָב, מיט די שפּיצען פיס אויפ'ן שטריק און וויגט זיך רחבות'דיג, ווי אַ שפּין אויף אַ שפּינוועבס-פאָדעם. פונ'ם וויגענדיגען מענשען דערטראָגט זיך אַ פערשטיקט גנב'יש געלעכטערל, פונקט ווי אַ ווייט בילען פון אַ הונד. אונטער די ברייטע אַקסלען ליגט איהם דער קאָפּ, ווי אַ צוגעבונדענע קויל און די פיס זענען פונאַנדערגערוקט, ווי אַנ'אָפענע שער. עטליכע מינוט וויגט זיך דער דייטש און נאָכדעם נעהמט ער הויבען דעם קאָפּ, ווי אַ שלאַנג, פון אונטען אַרויף. אַז דער קאָפּ קומט עטוואָס העכער פון דעם שטריק און דער דייטש איז אויסגעדרעהט, ווי אַ בויגעל, נעהמט ער זיך דרעהען האַסטיג און גיך, פונקט ווי אַ מיהלראָד, און דער עולם, וואָס האָט זיך פריהער אַזוי דערשראָקען פאַר דעם אַראָבגעפאַלענעם דייטש, פילט איצט אַז די לופט מיט הילכיגען געלעכטער און פרעהליכע ווערטלעך. דער הימעל טונקט זיך אָב אין דער ערשטער אָוענד-גרויקייט, די זון איז שוין פערגאַנגען און אין דעם גלח'ס פענסטער זיצט דעם גלח'ס קאָפּ מיט אַזאַ ברייטען שמייכעל אויפ'ן פנים, אַז די ליפּען זענען איהם צוצויגען ביז די סאַמע אויערן.

דער דייטש ווייזט נאָך אַ פּאָר קונצען און קריכט-אַראָב אויף דער ערד. די פאָרשטעלונג איז געענדיגט. ביים קאַסטען טהוט ער זיך איבער, אָבער דער עולם רינגעלט איהם אַרום,

ווי אַ שוואַרצע קייט און קוקט איהם אָן מיט אַזוינע התפעלות׳-דיגע אויגען, פונקט ווי ער וואָלט נאָך ווייטער בעוויזען קונצען.

אַ פער׳כשופ׳טער, אָבער כמעט אַ דערשטיקטער, רייסט זיך משה׳לע אַרויס פון מענשענרינג, און אַז ער הויבט-אויף די אויגען און וויל זיך אָבאָטעמען, דערזעהט ער פלוצלונג טעמעלע׳ן. זי שטעהט הארט נעבען איהם און איהר ווייסקייט שיילט זיך מאָדנע אויס אונטער די ווייכע אָוועגד-גאַרדינען פון הימעל. אין דער ערשטער מינוט וויל ער זיך פערבאָרגען, בעהאַלטען הינטער אַ מענשען, אַריינכאַפען זיך צוריק אין דעם הייסען מענשענרינג, אָבער איהר ווייסקייט נעהמט איהם אַרום, ווי אַ קאַלטע האַנד, און ער פערלירט אינגאַנצען זיין ווילען. און אַ מאָדנע זאַך: איהר ווייסקייט דערוועקט אין איהם עפּיס אַ שוואַרץ חיה׳לע. בשעת ער קוקט אויף איהר, שפּירט ער בפּירוש אַ שוואַרץ חיה׳לע אין זיך. דאָס חיה׳לע שפּרינגט אין איהם אַרום און בעט זיך צו איהר, און וויל זיך בעהעפטען מיט איהר ווייסקייט. אָבער משה׳לען דאַכט זיך, אַז ער ווערט אינגאַנצען שוואַרץ, ווי די נאַכט. ער איז שוואַרץ און זי ווייט. ווי אַ ליכט ווערט אין איהם אוסגעלאָשען דער ווילען, דער מח און די בעגייסטערונג צום הימעל און צו גאָט, צו אַנדערע און צו זיך, און עס ציהט איהם בלויז צו איהר ווייסקייט, אָהן מחשבות און אָהן איבערלעגונג, ווי עס ציהט אַ דורשטיגען צו וואַסער.

—קומט...—זאָגט טעמעלע אָבגעהאַקט.—וואָס שטעהט איהר דאָ?

—וואוהין?..—פרעגט משה׳לע מיט פערבאָרגענעם שרעק.

—קומט, מיר וועלען שפּאַצירען...

—דאָס לעצטע ביסעלע ווילען ווערט אין איהם אויסגעלאָשען, און ער געהט מיט איהר, ווי אַ מענש, וואָס געהט פערדאַרבען זיין עבר, זיין פערמעגען, זיין נאָמען און זיין אינערליך ליכט צוליב עפּיס אַן׳אונבעקאַנטער און אונפערמיידליכער אַוואַנטורע בלויז דאָס שוואַרצע חיה׳לע טאַנצט אין איהם פון גרויס תענוג און נצחון און מעקט אין איהם אויס אַלע מחשבות און זאָרגען. און אפילו דער דייטש מיט זיין שטריק ווערט איהם אויך פערשוואונדען אין זכרון.

איבער'ן שטעדטעל דרעהען זיך יודען, ווייבער און קינ-
דער. מען געהט פון גלח'ס פלאץ און מען רעדט הויך, מיט
התפעלות, ווי עס קאָנען נאָר ריידען קליינשטעדטעלדיגע מענ-
שען. אָבער משה'לען קלינגט עס פרעמד און משונה, פונקט ווי
אַ געשעהעניש אין אַ פרעמדען קאַנט, וואוהין ער איז נאָר-וואָס
געקומען. די קליינע געסלעך ענדיגען זיך שויך, און אַ ברייטער
פערטראַכטער הימעל פאַלט אַזוי ווי אויף אַ ברייטען פעלד. ביי-
דע קוקען צו איינאַנדער מיט איין גלייכען מידען אָווענד-אויס-
דרוק, פונקט ווי אַ שטילער סוד וואָלט געגאַנגען פון איינעם
צום צווייטען, און די סוד-טרעגער זענען די שטילע ווינדטעלעך,
וואָס שווימען פון אויבען אַראָב און פון אונטען אַרויף. טעמעלע
געהט איהם ביי דער זייט, אַקסעל ביי אַקסעל, אָבער מען הערט
נישט איהרע טריט, ווי מען הערט נישט איהר אָטעם. זי שווייגט,
טעמעלע, אָבער משה'לען שוידערט פון איהר שווייגען, פון איהר
ווייסקייט און פון איהרע פערבעהאַלטענע בעוועגונגען. זי איז
איינגאַנצען אַ פערבעהאַלטענע, פונקט ווי דאָ וואָלט געגאַנגען
איהר שאָטען און זי וואָלט געווען ערגעץ אַנדערש, און מען
ווייס נישט ווער זי איז און וואָס זי וויל. צו וואָס פיהרט זי
איהם? וואָס וויל זי פון איהם? און פאַרוואָס שווייגט זי?

פון דער רעכטער זייט שווימט-אַרויס דער יודישער בית-
עולם—אַ בערגעל מיט אַ פאַרקאַנדעל, און אויפ'ן בערגעל שטעהען
ווייסע מצבות, בעשפריצט מיט שוואַרצע אותיות. גרויע שאָטענס
הויערן צווישען די מצבות און אַ ריח פון ראָמאַשקעס טראָגט זיך
אין דער לופט. אַלטע הויכע בעראָזעס מיט אַראָבגעלאָזטע צווי-
גען, פונקט ווי פערגליווערטע, שטעהען אין אַ לאַנגער שורה הינ-
טער'ן פאַרקאַן, און איבער זייערע געבויגענע קעפ שווימט לאַנ-
גזאַם דער אָווענד. צום פנים פאַלט-צו אַ וואַרימקייט פון דער
ערד, פונקט ווי אין איהר וואָלט ערגעץ געברענט, און וואו-נישט-
וואו שליסען זיך צוזאַמען, אויפ'ן וואונק, אַ לעצטער שיין פון
טאָג מיט דעם ערשטען שאָטען פון אָווענד. דער אָווענד געהט
אַ טרוקענער און אַ וואַרימער, פונקט ווי ער וואָלט פערגעסען

פיטצונעהמען זיין פרישקייט, און אין לופטען שפירט זיך דער דורשט פון די מידע גראָזען.

—אָט דאָ וועלען מיר זיצען...—זעצט זיך טעמעלע אַנידער אויף אַ בערגעלע, הינטער'ן בית-עולם-פּאַרקאַן, אונטער אַן'אַלטער הויכער בעראָזע און איהרע צוויי שלאַנקע פיס אין שוואַרצע זאָקען ווערען אַזוי ווי אַרומגענומען פונ'ם גראָז.

משה'לע שטעהט אַ ווײַלע, ווי ער וואָלט זיך געוואַקעלט, און זעצט זיך אויך אַנידער נעבען איהר. עס קלאַפּט איהם דאָס הערצעל, אָבער ער שרעקט זיך שוין נישט, ווי אַ פערברעכער, וואָס האָט שוין איבערגעלעבט די וועהען פון זיין ערשטען פער-ברעכען. פערקעהרט, איצט וויל ער שוין נישט אַוועקגעהן פון טעמעלע'ן, און ווען מען וואָלט זי איהם פּלוצלונג צוגענומען, וואָלט עס איהם זעהר באַנג געטהאָן און ער וואָלט זיך געשפירט זעהר עלענד און איינזאַם. פאַר די אויגען האָט ער איצט שוין נישט קיין איין געזיכט פון יענע ליבע געזיכטער, וואָס פלעגען זיך איהם שטענדיג ווייזען מיט אַ מינע פון מוסר, בשעת ער פלעגט טהאָן עפּיס אַן'עבירה. איצט זעהט ער נאָר אַ ברייט לעדיג אָוועגדפעלד פאַר די אויגען, וואָס ליגט אָהן אַ תכלית און אָהן אַ תכלית שטעהען די אַלטע הויכע בעראָזעס. אפשר בע-דאַרף מען טאַקי נישט קיין תכלית? אפשר איז טאַקי גלייכער צו זיין אַזוי בלינד און לעדיג און טונקעל, ווי דאָס אָוועגד-פעלד?

—משה'לע...—הערט ער פּלוצלונג איהר קול, וואָס שניידט זיך איהם אַריין אין הארצען, ווי אַ קאַלט מעסערל, אָבער ער שפירט דערביי עפּיס אַן'אונפערשטענדליכע הנאה.—גיט מיר אייער האַנד... איהר ווייסט, איהר זענט אַ נאַריש יונגעל...

—איך בין אַ נאַריש יונגעל...—בעשטעטיגט משה'לע און בלאָנדזשעט מיט די אויגען אין דער אָוועגדלופט.

—אָבער ווי איז מען עס אַ נאַר?

—איך ווייס נישט...—ענטפערט משה'לע און שפירט זיך ווירקליך, ווי אַ נאַר.

—און פון אַ גרויסער שטאָדט זענט איהר...—שניידט ווייכער איהר קול, ווי אַ מעסערל.

—יאָ, פון אַ גרויסער שטאָדט,—בעדויערט משה'לע מיט הכנעה.

—זענען אַלע גרויסשטעדטישע יונגלעך אַזוי?

—איך ווייס נישט... מסתמא אַלע אַזוי...—ענטפערט משה'-לע טרויעריג.

—ניין, איך קען קלוגע יונגלעך פון אייער שטאָדט.

—מסתמא זענען אַלע קלוגע... נאָר איך איינער אַ נאַר...

—אַ נאַר זענט איהר, אַ נאַר...

—אַ נאַר בין איך...—זאָגט איהר משה'לע נאָך מיט פער-ביטערונג.

ביידע ווערען שטיל און שווייגען מיט יענעם מין שוויי-גען, וואָס פערמיטעלט צווישען איינאַנדער.

—משה'לע...—הערט זיך אין אַ ווייל אַרום איהר קול,—משה'לע...

דערדאָזיגער קול וועקט עפּיס צאַן ווערטער, רופט עריגען אויף שוואַרצע וועגען, שטויסט עפּיס אַזוי וואַרים און לייכט דאָס האַרץ און ציהט ווי אַ גאָלדענער פאָדעם צו זיך. און משה'לע פאַלט-צו צו איהר מיט'ן אַקסעל, פערמאַכט די אויגען און קושט זי אויף די ליפּען, און איהם דאַכט זיך בעת-מעשה, אַז ער טהוט דאָס, וואָס מען בעדאַרף טהאָן און אַז ער פאַלט פון אַ זיסער און וואַרימער הויך. אָבער פּלוצלונג דערשפּירט ער אַ לייכטען האַנד-שטויס און באַלד דערהערט זיך אַ קלוג און קאַלט געלע-כטערל. טעמעלע זיצט און לאַכט. איהרע ליפּלעך זענען אָפען, די ווייסע צייהן בלישטשען, פונקט ווי ווייסע פּיערלעך, און די אויגען, גרויסע און שטעהענדיגע, זענען בעשאָטענט מיט אָוונד. און אַזוי ווי אַ שוואַרצער פאָרהאַנג וואָלט זיך פונאַנדערגעריסען און משה'לע דערזעהט מיט אַמאָל דער באָבען און דעם טאַטען און דער מאַמען און קיינדערלע'ך, און זיי אַלע קוקען אויף איהם און שאָקלען מיט די קעפּ און חדוש'ן זיך און ווייזען אויף איהם מיט'ן פינגער און דריקען מיט די אַקסלען און שעפּטשען עפּיס

מאָדנע געהיים צווישען איינאַנדער. און צווישען זיי קוקט אויף איהם דער פריהערדיגער משה׳לע, אַ יונגעל מיט אַ פרום פּנימ׳ל און ריינע גוטע אויגעלעך, אַ יונגעל מיט מצוות און מעשים-טובים, וואָס האָט אַזוי אָפט געטראַכט פון גאָט און וואָס האָט אַזוי אָפט געבעטען צו גאָט און געוואָלט זיין וואָס נעהנטער צו איהם. און דערדאָזיגער משה׳לע שאָקעלט אויך מיט׳ן קאָפּ און דריקט אויך מיט די אַקסלען און סוד׳עט זיך אויך מיט די איבעריגע, ווי אַ פרעמדער, ווי אַ שונא. צוויי משה׳לעך זענען געוואָרען פון איינעם. איינער שטעהט נעבען דער באָבען און דער גוטער האַרציגער שיינדעלע׳ן און דער צווייטער זיצט דאָ אויף אַ פעלד, אונטער אַ בית-עולם, נעבען טעמעלע׳ן, און פוסט און זינדיג און שלעכט איז ער, ווי דער גרעסטער רשע. וועלען זיך ביידע שוין קיינמאָל נישט פעראייניגען?

—קומט. געגוג שוין געזעסען...—הויבט זיך טעמעלע אויף און מען זעהט נישט איהר בעוועגונג, אָבער די ווערטער זענען נאָך איינגעהילט אין די לעצטע קאַלטע נאָסקעלעך פון איהר געלעכטערל.

משה׳לע הויבט זיך אויף אַ שווערער, ווי אַ ז׳אַלטער יוד, און שפירט ווי איהם איז קאַלט געוואָרען. איהם איז קאַלט אין האַרץ, אין רוקען, אין די הענד, און די פיס, אויף וועלכע ער געהט, זענען אַזוי ווי נישט זיינע, הילצערנע שווערע פיס. נאָר ער איז אינגאַנצען אַ הילצערנער, אַ שווערער און אַ מאוס׳ער. אַזוינע, ווי ער, איז גוט צוצוהאַקען מיט אַ האַק און וואַרפען די שטיקער אין אויוען אַריין. אַזוינע, ווי ער בעדאַרף מען פערברענען אָהן רחמנות, ווי מען ברענט רשעים אויף יענער וועלט. און עס ווילט זיך איהם אַ ריס טהאָן דאָס לייב מיט די נעגעל, אַ קניפּ טהאָן זיך די באַק ביז וועהטאָג, אויסרייסען עטליכע האָהר פון קאָפּ. אייגענטליך ווייס ער נישט וואָס איז געשעהן, נאָר ער פיהלט ערגעץ טיף אין זיך, אַז ער איז געשטאַנען ביים ברעג פון אַ תהום און האָט גערן געוואָלט אַריינפאַלען אין דעמדאָזיגען תהום. אָט דאָס איז די עבירה—וועלען אַריינפאַלען אין אַ תהום. קיין גרעסערע עבירה קאָן שוין גאָר אויף דער

וועלט נישט זיין. און ווייטער שפירט ער, אַז ער איז באַליידיגט געוואָרען, טעמעלע האָט איהם באַליידיגט אויפ׳ן העכסטען גראַד, אָבער וואו איז דאָ די באַליידיגונג, איז שווער צו וויסען. דאָס בעדאַרף מען נאָכקוקען, נאָכזוכען, פערשטעהן, אָבער משה׳לע קאָן עס נישט. איידער נאָכצוזוכען, איז שוין גלייכער בעטען צו גאָט, חרטה-האָבען, תשובה-טהאָן און ווערען צוריק יענער משה׳-לע, דער פריהערדיגער. מיט תשובה און חרטה, זאָגט מען, קאָן מען ווערען דער אייגענער, וואָס פריהער.

אין די ערשטע שטעדטעל-געסלעך ליגט דער אָוועגד שוואַר-צער, ווי אין פעלד און די קליינע הייזלעך טרינקען זיך אין איהם, ווי אין אַ שוואַרצען וואַסער. אין די ערשטע שטעדטעל-געסלעך וואויגען גוים און פינסטער איז ביי זיי אין די הייזלעך. אָדער זיי שלאָפען אָדער זיי שטעהען אין לייוועגדענע העמדער ביי די קורצע פאַרקאַנדלעך און גלאָצען מיט צוקודעלטע קעפּ אין הימעל אַריין. נאָר ווייטער אין די געסלעך, נעהנטער צום מאַרק, איז שוין ליכטיג אין די הייזלעך און די גאַנצע ערד איז דאָ אויסגעפלאָכטען מיט פּאַסיקלעך שאָטען, פונקט ווי מיט בע-וועגליכע שלאַנגעלעך. און עס דאַכט זיך, אַז די פּאַסיקלעך שאָ-טענס עסען דאָס ליכט און דאָס ליפּט די שאָטענס. פון אַ ווינ-קעל גאַס שפּרינגט פלוצלונג אַרויס מאַקאַר זינאָוויעוו, ווי אַ שוואַרצער הונד, גיט אַ טרויסעל מיט׳ן פויסט אונטער טעמעלעס נאָז און ווערט נישט, פונקט ווי אַ גרוב וואָלט איהם איינגע-שלונגען. טעמעלע קעהרט-אָב דעם קאָפּ און משה׳לע שפּירט, אַז זי שמייכעלט. ער שפּירט אויך איהר ווייסקייט, וואָס טריפט אין דערפינסטער, ווי לבנה-ליכט. פון בית-עולם ביז׳ן שטעדטעל קוקט ער נישט אויף איהר, פער׳עקשנ׳ט קוקט ער נישט אויף איהר, אָבער די גאַנצע צייט שפּירט ער זי, ווי מען שפּירט אַ קראַנק האַרץ. אַז זיי קומען אַרויף אויפ׳ן ברייטען קיילעכיגען מאַרק, רופט זיך משה׳לע אָן מיט אַ האַרבען ערנסטען טאָן:

—אָט איז דער מאַרק, איך וועל געהן צום פעטער.

—נו, יאָ, איהר געהט רעכטס און איך לינקס...—זאָגט טע-מעלע שטיל און רוהיג.

—אַ גוטע נאַכט...

—אַ גוטע נאַכט.

משה'לע דרעהט זיך שנעל אויס און מאַכט פעסטע טריט, אָבער עפּיס טהוט איהם באַנג ביז צום וויינען. איהם דאַכט זיך, אַז ער האָט עפּיס פערלאָרען, עפּיס האָט מען איהם צוגענומען אָדער אַוועקגערויבט, אָבער ער ווייס נישט וואָס. אַז ער מאַכט אַ טריט צעהן, וויל ער זיך פּלוצלונג אומקעהרען, אָניאָגען זי, אַרויפפאַלען אויף איהר און אַרומנעהמען זי מיט שטאַרקע הענד, אַרומנעהמען ביים האַלז און ביי די פיס און זאָגען איהר „טע-מעלע", ווי זי האָט פריהער געזאָגט משה'לע. אָבער זיין אייגע-נע שוואַכקייט זאָגט איהם אונטער, אַז מען טאָר דאָס נישט, אַז מען טאָר אפילו נישט טראַכטען וועגען דעם און ער געהט נאָך מיט פעסטערע טריט צום פעטער. אָט איז שוין דעם פעטערס שטוב, און אַז ער עפענט די טיר און טרעט-אַריבער די שוועל, דאַכט זיך איהם, אַז נישט ער, נאָר אַ שוואַרצער מענש איז אַריין אין שטוב.

ביים פעטער טרינקען אַלע טיי און מען רעדט פון דייטש. אפילו די שווייגענדיגע מוהמע מיט די קלאַפּענדיגע הענד זיצט אויך ביים טיש און דאָס פּנים שיינט איהר, ווי אויף אַ חתונה. אין אַ ווינקעל זיצט די באָבע און דרעמעלט נישט, לעבט און לעבט נישט.

—נו, משה-לייבעלע,—פרעגט דער פעטער און גיט איהם, ווי געוועהנליך, צו אַ צווייטען נאָמען,—האָסטו געזעהן דעם טייטש?

—געזעהן...—ענטפערט משה'לע און סטאַרעט זיך צו זיין פאַלש און פרעהליך.

—אָבער ווי ער האָט זיך דאָס געדרעהט אַ ביסעל,—חדוש'ט זיך די מוהמע, וואָס האָט איהם מיט איין אויג געזעהן פון אַ זייטיגען געסעל.

דער פעטער הויבט זיך אויף, גיט אַ קנאַק מיט די פינגער, אַ צופּ די באָרד, אַ זיפץ אונטער דער נאָז און זאָגט פּלוצלונג אַרויס:

—משה-טאָדרעסל,—דער טייטש האָט געמאַכט אַכטאונניינציג רובל מיט פערצעהן קאָפּיקעס. דער גלח האָט מיר פערצעהלט.

דער עולם שמועסט נאָך לאַנג ביים טיש און די ווערטער פאַלען אויף משה׳לען, ווי גרויע שווערע שטיינער. ער בעדאַרף האָבען מנוחה, משה׳לע, ער זאָל קאָנען זיך צוהערען צו זיין וועה און צער און זאָל אויך קאָנען אין רוה און שטילקייט רחמנות-האָבען איבער זיך. איהם דאַכט זיך, אַז ער איז אַן׳אונטערגעוואָרפען קינד, וואָס איז אין גאַס צוטראָטען געוואָרען פון מענשישע פיס, און ער בעדאַרף זיך אַרומזעהן, זיך איינוואַשען און קומען צו זיך. אַלץ איז אין איהם צוקלאַפּט, צובראָכען און צושלאָגען, ווי נאָך אַ גרויסער שרפה.

דער ערשטער הויבט זיך אויף פון טיש דער פעטער, און באַלד דערהערט זיך, ווי די מוהמע קלאַפּט פערענעס און קישענס אין שלאָפצימער. אין שטוב טוישט מען איבער דעם גרעסערן לאָמפּ אויף אַ קלענערן—דער בעסטער סימן, אַז אַלע געהען שלאָפען. אין פינף מינוט אַרום איז שוין משה׳לעס געלעגערל אויך פאַרטיג, און אַז אַלע געהען-אַרויס פון צימער, עפענט די באָבע איהרע איינגעפאַלענע אויגען, געהט-אַרויס פון ווינקעל, שאַרט זיך צו, ווי אַ שאָטען צו משה׳לען און קוקט איהם אָן לאַנג און טיף און שווייגענדיג.

—דו ביזט געגאַנגען מיט טעמעלע׳ן?..—פרעגט זי מיט אַ טרויסלענדיגען האַרץ, אָבער איהר טאָן איז אָנגעזאַפּט נישט מיט בעס, נאָר מיט רחמנות, און משה׳לע פיהלט עס.

—יאָ...—ענטפערט משה׳לע און אַ וואַרימע פייכטקייט פערנעבעלט איהם די אויגען.

די באָבע רעדט נישט מעהר. זי לעגט איהם אַרויף איהר ביינינגע האַנד אויפ׳ן אַקסעל און משה׳לע טוליעט-צו זיין גליהענדיג בעקעל צו דעם אַלטען, ליבען, איינגעפאַלענעם גוף, דאָרט, אויף יענעם אָרט, וואו עס איז אַמאָל געווען אַ ווייכע ווייבערשע ברוסט. די וואַרימע פייכטקייט ווערט פערוואַנדעלט אין וואַרימע געזאַלצענע טראָפּעלעך און זיי קויקלען זיך איינע נאָך די אַנדערע איבער די גליהענדיגע בעקלעך. משה׳לע וויינט, און די באָ-

עב שטעהט און שווייגט מיט דער בייניגער האַנד אויף זיין אַקסעל. און פּאַמעלעך געהען-אַוועק פון איהם די בייזע ווינדטען, די אַלע ערגערנישען און אַנגסטען, די אַלע וועהען און שמערצען, און לייכטער און לינדער ווערט איהם, פונקט ווי עמיץ וואָלט איהם אינערליך אָבגעוואַשען. און אַז ער הויבט-אויף דעם קאָפּ צו דער באָבען, שמייכלען איהם שוין די יונגע בעקלעך און ליפּלעך, עטוואָס פערשולדיגט, אָבער ריין און העל, ווי עס שמייכעלט פאַרטאָג דאָס טויעלע אויף אַ יונג גרין בלעטעלע.

—באָבע,—זאָגט ער אַרויס, אַ פרייער און אַ לינדער, אַריינלעגענדיג זיין האַנד אין איהרע בייניגע פינגער,—איך וועל מעהר נישט געהן... איך זאָג אייך, איך וועל מעהר נישט געהן...

און די באָבע גיט איהם אַ קוש אין קאָפּ, אַ גלעט ביים האַלז, אַ פיהר מיט די פינגער איבער די האָהר, און אָטעמט איהם אַריין אין אויער:

—געה שלאָפען, מיין קינד... איך גלויב דיר.

משה'לע וואַרפט שנעל אַראָב די זאַכען פון זיך, כאַפּט זיך אַרויף אויפ'ן - געלעגער, מאַכט-צו די אויגען, לייענט אָב קריאת-שמע און פערזינקט מיט'ן קאָפּ אין גרויסען קאַלטען קישען, וואָס נעהמט איהם אַרום, ווי אַ ווייכער אָרעם, וואָס גאָר ער איינער קאָן שטענדיג גוט און זיס איינוויגען און פערוויגען. דער דייטש, דער שטריק, טעמעלע, דער בית-עולם מיט די בעראָזעס, דאָס לעדיגע אָוועגדפעלד, דער קוש, דאָס קאַלטע געלעכטער, דאָס געהן צוריק, מאַקאַרס פויסט, דער מאַרק—דאָס אַלץ ווערט פערזונקען, פערשוואומען אין אַ טיפער, רוהיגער שוואַרצקייט.

## די צווייטע פערוויילונג.

### צוועלפטעס קאַפּיטעל.

פאַר׳ן בלימעל ליכט און טויען,
פאַר׳ן פויגעל—לופט און ווינדן
ט׳האָט דער ים מיליאָנען פאַליעס,
טויזענד וועגען האָט אַ קינד.

די דאָזיגע ווערטער פון עמיס אַנ׳אונבעקאַנט לידעל שטעהען איהם אַ גאַנצען פריהמאָרגען אין אויער, ווי גלעקעלעך, און קלינגען און וועקען אַזוי זוניג און פרעהליך, אַז משה׳לע קאָן זיך קיין אָרט נישט געפינען פון אינערליכען תענוג, פון יענעם מין תענוג, וואָס נישט בלויז די נשמה, נאָר אויך דאָס בלוט, דאָס לייב, יעדער ביינשלאָס וויל זיך בעוועגען, שפּילען און שטיפען פאַר זיך און צוזאַמען. און אַ גאַנצען פריהמאָרגען טרינקט משה׳לע זון און ליכט, לויפט מיט אַ ביכעל צום גראָז אין וואַלד אריין, קלעטערט אויף ביימער, זוכט יאַגדעס, רייסט רויט-בלויע וואַלד-בלימעלעך, יאָגט זיך נאָך יאַשטשערקעס, ליגט מיט׳ן פּנים ארויף קעגען דער זון אַזוי לאַנג, ביז עס נעהמט זיך איהם אויסדאַכטען, אַז ער איז בלינד געוואָרען און באָדט זיך אין אַ

טייך פון הייסען צושמאָלצענעם בליי, פרובט דעם קול אין דער געדיכטער וואַלד-שטילקייט, רופט שיינדעלע'ן הויך און הילכיג, פונקט ווי זי וואָלט געשטאַנען אין דעם צווייטען עק וואַלד, זאָגט פסוקים פון תהלים, מאַכט איינזאַמע קאָזשעלקעס, כאַפּט זיך ווידער פאַר'ן בוך, שמייכעלט, שמייכעלט נאָכאַנאַנד נישט אויפערליך, נאָר אינערליך, אין זיין בלוט און גלידער און הערט נישט אויף צו פערנעהמען די ווערטער פון לידעל, וואָס קלינגען איהם אין אויער, ווי זוניגע גלעקעלעך:

פאַר'ן בלימעל ליכט און טויען,
פאַר'ן פויגעל—לופט און ווינד;
ס'האָט דער ים מיליאָנען פּאַליעס,
טויזענד וועגען האָט אַ קינד...

אין משה'לען קומט-פאָר די דערוואַכונג און אויפלעבונג פון אַ בעל-תשובה, יענע העלע פרייד און גליק, וואָס פערגיסען ווי אַ טייך די טונקעלע טיפקייטען פון דער נשמה, וואו עס איז פריהער געזעסען דער שאָטען פון זינד. נישטאָ קיין זינד אין משה'לען און נישטאָ קיין צער און אַנגסט; נישטאָ איצט קיין טעמעלע, נישטאָ קיין קושעניש, וואָס לעשען-אויס דעם שכל, ווי אַ ברענענדיג ליכט און נישטאָ קיין נעבעלהאַפטע פערלאַנגען און בעגעהרן, וואָס דער יוצר-טוב אין מענשען זאָגט שטענדיג שטילערהייד אונטער, אַז מען קאָן זיך אויסגליטשען און אומקומען דורך זיי. עס איז נאָר דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט, אַ גאָט פון מחילה און לייטזעליגקייט, וואָס בעגיסט אַלע טאָג די ערד, די פעלדער און וועלדער, די וויסטעס און מדבריות מיט זון און גאָלד. דערדאָזיגער גאָט קאָן נאָר שמייכלען און ליבען און פערגעבען אַלעמענס זינד און שלעכטע מעשים. ביי איהם ווערט מען פון שוואַרץ—ווייס, פון אַנגסטען און מרה-שחורה—פרעהליך און העל, ווי זיין טאָג, ווי זיינע הימלען, ווי זיין זון. און זון און ליכט גיסען זיך צו משה'לען אין האַרצען, ווי זיי גיסען זיך אויף פעלד און וואַלד, אויף באַרג און טהאָל, און דאָס גליק, וואָס ער שפירט אין זיך, דערקאָנט ער אויך אינ'ם פליגעלע, וואָס שווימט, ווי אַ שוואַרץ פינטעלע, אין דער קלאָרער לופט;

אינ'ם ביהנעלע, וואָס טרינקט פון יעדען וואַלד-בלימעל, ווי פון
אַ בעכערל; אינ'ם רויט שטיל גאָטס בהמה'לע, וואָס דרעהט זיך
אַרום אָהן אַ תכלית נאָר גלאַט אַזוי פון פערגעניגען וועגען;
אין די פערשמייעטע מוראַשקעס מיט די רויטע בייכלעך, וואָס
נישטערן, זוכען, שלעפען, קלעטערן, אַרבייטען און פּראַצעווען,
ווי קלוגע גוטע פרייע אַרבייטער; אין די סאַמעטענע, לייכט-שווי-
מענדיגע שמעטערלינגען, וואָס פונקט ווי ווייסע מלאכים'לעך אויפ'ן
הימעל וואָלטען זיי אויסגעשאָרען פון בלומען-בלעטעלעך און
באָכדעס, לאַכענדיג, אויסגעשאָטען זיי אויף דער ערד; אין די
לופטיגע זון-טרינקענדיגע שוועלבעלעך, וואָס האָבען מעהר פלי-
געל, ווי גוף און וואָס פייפען אין אויר אויף קליינינקע
תּלייטעלעך; אינ'ם רויטען קעלבעלע, וואָס שפּילט מיט דער אַל-
טער מיושב'דיגער מאַמען און סטראַשעט זי מיט די הערנער,
וואָס זענען איהם נאָך גאָרנישט אויסגעוואַקסען; אין דער קליי-
נער, ווייס-האָהריגער פויערטע-מיידעלע, וואָס ליגט דערביי מיט
שוואַרצע נאַקעטע פיסלעך אויפ'ן גראָז און האַלט אַ צווייגעל
אין מויל; אין די אַלע אונבעקאַנטע פויגעל, וואָס זיצען אויף
די רויטע סאָסנעס און רופען זיך אָן מיט פערשידענע קולות,
פונקט ווי עמיץ וואָלט איינציגווייז אָנגעריהרט די קלאַווישען פון
אַנ'אונזעהעוודיגען קלאַוויר; אין די שפּינען, וואָס זיצען פער-
חלומ'ט אין די קיילעכיגע ווייסע שפּין-געוועבען און אפילו אין
די זעמדעלעך, וואָס שמייכלען צו דער זון, ווי געשטויסענע רוי-
טע דימענטען. אַלץ איז בעגאָסען מיט איין ליכט און איין גליק,
וואָס פעראייניגט משה'לען מיט'ן ווערעמל, מיט'ן ביהנעלע, מיט'ן
שוועלבעלע און זעמדעלע, און זיי אַלע, ווידער, זענען בעהעפט
מיט דער זון, מיט'ן הימעל, מיט גאָט. גאָט קוקט פון אַלץ און
אַלץ קוקט מיט גאָט. פון אומעטום שלאָגט זיין שמייכעל, ווי אַ
וואַרימער קוואַל און די לופט איז אָנגעפילט מיט שטיל'ער שירה,
מיט לייטזעליגקייט און זומער-שפע. אמאָל מאַכט דער הימעל אַ
שפּאַס, און טהוט זיך פלוצלונג אָן אין אַ גרויען מאַנטעל. די
פאָלעס פון דעמדאָזיגען מאַנטעל פערדעקען די זון, עס ווערט
טונקעל, איבער דער ערד צוציהען זיך שאָטענס, ווי שיטערע

רויכען און פליג און שמעטערלינג פערבאָרגען זיך אין די שווייגענ-
דיגע בוימער. פערשפּעטיגטע שוועלבעלעך שניידען-דורך די טונקע-
לע לופט, ווי שוואַרצע מעסערלעך און עס שפּירט זיך, ווי חיה און
פויגעל ליגען פערשפּאַרט אין די נאָרעס און נעסטען. אַ קאַלטער
ווינד רייסט זיך אַרויס פונ'ם גראָז און פאַלט-אַרויף אויף אַ יונג
בלאַס בעראָזעלע. דאָס בעראָזעלע בויגט זיך אויס צו דער ערד
און צוכליפּעט זיך מיט זיינע דינע צווייגען, פּונקט ווי אַ שוואַך
קינד, וואָס איז פּלוצלונג בעליידיגט געוואָרען פון עפּיס אַ לאָבוז.

—הו-הו-הו!—סוד'ען זיך די הימלען צווישען איינאַנדער
און אַ פייערדיגע שלאַנג גיט אַ שמיץ מיט'ן עק איבער'ן האָרי-
זאָנט.—הו-הו-הו!

אָבער דאָס איז נישט מעהר ווי אַ שפּאַס, קענטיג. אָט איז
פון דאָסניי די זון און זי קוקט פון הימעל, ווי אַ גאָלדענע שיף
אין אַ שטילען בלויען ים. דאָס בעראָזעלע שטעהט שוין גלייך
און שמייכעלט קעגען דער זון, און פון די האָריזאָנטען פליצט
מיט ליכט נאָך שטאַרקער, ווי פריהער. חיה און פויגעל געהען-
אַרויס פון די נאָרעס און נעסטען, און די לופט ווערט אָנגעפילט
מיט טויזענדער קלאַנגען און קולות. און משה'לע שפּירט זיך ווי-
דער געבונדען מיט'ן ווערעמל, מיט'ן שמעטערלינג, מיט'ן בוימע-
לע און מיט גאָט, און דער תענוג ציהט איהם פונאַנדער, דאָס
האַרץ, ווי אַ טייך, וואָס געהט-אַרויס פון די ברעגען.

פאַרנאַכט, אַז די זון שיפט זיך אין רויטע טייכען, פּונקט
ווי זי וואָלט מאַכען אַ לייכטען שפּאַציר נאָך אַ טאָג היץ אין
שווערע נסיעות, בעשליסט משה'לע אַריבערצוגעהן צום פעטער.
ער שפּירט זיך איצט אַזוי ריינגעוואַשען אינערליך און אויסער-
ליך, ער שפּירט זיך אַזוי בענייט און האָט אַזאַ לינד און פריי
געמיט און איז אַזוי ווייט פון טעמעלע'ן און איהר כשוף, אַז
ער שרעקט זיך נישט מעהר פאַר איהר. ער שפּירט אויך נישט
קיין שום [illegible] צו איהר און געדענקט כמעט נישט איהר בעליי-
דיגונג. דאָס אַלץ, וואָס איז געשעהן צווישען איהם און טעמע-
לע'ן, פערשטעהט ער איצט אויך נישט, ווי פריהער, אָבער דער
שרעק און די עולה זענען עפּיס אַזוי ווי פערלאָרען געגאַנגען

און אין האַרצען איז געבליבען בלויז מחילה, ווי עס איז קענטיג מחילה אויפ'ן ווייסען אונשולדיגען בעראָזעלע, וואָס איז אַזוי ביין בעפּאַלען געוואָרען פון קאַלטען ווינד. פערקעהרט, טעמעלע איז איהם אפילו טייער, ווי אַ שוועסטערקינד, ווי דעם פעטערס אַ טאָכטער, ווי אייגען בלוט. אָבער געהן צום פעטער וויל ער איבערהויפּט צוליב רבקה'לען, וואָס איהר אָטעם וואַרימט איהם, ווי אַ מוטער. ער האָט ליב רבקה'לען. ער האָט ליב איהר הויכע וואוקס, איהרע ברייטע אַקסלען און איהר פולע ברוסט, וואָס איז אַזוי ווי צוגעגרייט פאַר אַ סך קינדער צו זויגען. ער האָט ליב איהרע בלויע גוטע מחילה-אויגען, איהרע בלאָנדע לאַנגע צעפּ, און די מאַמעדיגע פראַגע, מיט וועלכער זי בעגעגענט איהם אַלעמאָל:

—נו, משה'לע, ביזט געזונד?

נעבען רבקה'לען קאָן מען פערגעסען אָן דער מאַמען און אָן די אייגענע שוועסטער. זי איז די מאַמע און די שוועסטער צוזאַמען, אָבער זי האָט אַ טבע צו לאַכען, און דעמאָלט דאַכט זיך משה'לען, אַז ער איז אַ קליין יונגעל און זי איז אַ כלה-מויד. איהר לאַכען איז איהר איינציגער פעהלער פאַר משה'לען. אין איהר לאַכען שפּירט ער איראָניע און שכל, און דאָס מאַכט זי עטוואָס קאַלט און דערוואַקסען. אָבער זי האָט אַזויפיל וואַרימקייט אין זיך, זי איז אַזוי ווייך און מוטערליך און נאָכגיביג, אַז זי דערמאָהנט אָן אַ פויגעל, וואָס שפּרייט-פונאַנדער די פליגלען, צו דערוואַרימען איהרע אייעלעך.

אָבער משה'לע וויל נישט געהן צום פעטער אָהן אַ דערלויבניש פון דער באָבען. אין די פענסטער שלאָגט דער רויטער זונאונטערגאַנג, פונקט ווי דער אָבשיין פון אַ ווייטער שרפה, און אין דעמדאָזיגען ליכט שטעהט די באָבע, אַ שוואַרצע און אַ געבויגענע מיט'ן שטעקען אין האַנד, מיט אַ טרויסלענדיגען אָטעם און מיט אַראָבגעלאָזטע ליפּען-ווינקלען, ווי אַ האַלב רייפּעלע. און משה'לע דערנעהנט זיך צו איהר מיט יענער ליבע און יראה אין אויג, וואָס גיט שטענדיג צו זיין פנימ'ל אַ מאָדנע פרומקייט און אָפענהערציגקייט, און ער זאָגט איהר שטיל און דייטליך:

—באָבע, איך מעג היינט געהן צום פעטער?
די באָבע דרעהט זיך אויס צו איהם מעכאַניש, מיט נישט-געווינטע קניה און קוקט איהם אָן אַזוי, ווי זי וואָלט איהם גע-עפענט אַ דעקעלע ערגעץ טיף אין האַרצען. נאָכדעם קעהרט זי אָב דעם קאָפּ און הערט זיך צו אַ ווײלע צו די אייגענע אַלטע, לאַנגזאַם-געהענדיגע געדאַנקען, פונקט ווי זי וואָלט פּאַוואָליע אָבגעשאַצט דאָס, וואָס זי האָט געזעהן אונטער׳ן דעקעלע. און נאָכדעם קעהרט זי ווידעראַמאָל אָב דעם קאָפּ און רופט זיך אָן צו משה׳לען מיט איהר אַלטען טונקעלען קול, אין וועלכען עס לײכט זיך די ליבע צום יונגעל, ווי דער אָבשלאָג פון שטערען אין אַ שוואַרצען טייך:
—געה נישט היינט... היינט איז שוין שפּעט. וועסט בע-סער געהן שבת...
משה׳לע שאָקעלט-צו מיט׳ן קאָפּ נאָכגיביג און געהאָרכזאַם, און לעגט, ווי אַלעמאָל, אַריין זיינע יונגע וואַרימע פינגער אין איהר קאַלטער ביינעגער האַנד. צוויי דורות שליסען זיך צוזאַמען, צוויי וועגען: איינער געהט-אַריין אין לעבען, דער צווייטער געהט צוריק. אַריינלעגען דאָס הענדטעל אין דער באָבעס האַנד איז שוין ביי משה׳לען געוואָרען אַ געוועהנהייט, און ער טוהט עס יעדעס מאָל, ווען ער זעהט נעבען זיך איהר אַלטען גוף, וואָס מאַכט דעם איינדרוק, פונקט ווי ער האַלט ביים פונאַנדער-פאַלען.
—פערשטעהסט?..—רוקט זי צו איהרע אויגען צו זיינע און קיהלט איהם די וואַרימע פינגער מיט דער ביינעגער האַנד,—פערשטעהסט? האָסט זיך נישט וואָס צו איילען... ניש׳קשה, וועסט גאָרנישט פערשפּעטיגען... רוה דיך אויס, לייען-דורך די מעשה-ביכלעך, פאַרהאַן דאָ אַ סך מעשה-ביכלעך, געה אין וואַלד, אָבער נישט ווייס... מען טאָר נישט וויים. דאָס זאָלסטו געדענקען... מען טאָר נישט וויים. אָט אַזוי, פון אָנהויב, וואו די בע-ראָזע-בוימלעך שטעהען... איך ווייס, איך קען דעם וואַלד. אָבער צום פעטער וועסטו שוין געהן שבת. שבת, מיין קינד, שבת...
—יאָ, באָבע, איך וועל געהן שבת,—זאָגט איהר משה׳לע

נאָך און שאָקעלט איהר צו מיט׳ן קאָפּ, ווי אַנ׳אַלטעטשקער רעדט מיט אַנ׳אַלטינקער.

און משה׳לען איז גוט און לייכט אויף דער נשמה און דער רויטער זונאונטערגאַנג, וואָס שלאָגט אין די פענסטער, זעהט איהם אויס, ווי רויטער ווייַן, וואָס גאָט צוגיסט איבער דער וועלט מיט אַ ברייטער האַנד.

—פונדעסטוועגען,—זאָגט ווידער די באָבע, פונקט ווי זי וואָלט נאָכאַמאָל אויפגעהויבען דאָס דעקעל און אַ קוק געטהאָן צו איהם אין האַרץ אַריין,—קאָנסטו געהן היינט... אָבער שבת איז גלייכער, בעסער... דו ווילסט דוקא היינט?..

—ניין, באָבע, איך קאָן געהן שבת... מיך אַרט עס נישט. איך האָב נאָר אַזוי אַ פרעג געטהאָן...

—יאָ, משה׳לע, שבת...—שאָקעלט די באָבע מיט׳ן קאָפּ און אָטעמט אויף איהם מיט יענער וועלט, און דערפון ווערט זי עפּיס טייערער און הייליגער און נעהנטער.

פון רויטען דרויסען קומט-אַריין רבקה׳לע. אַ מינוט איז זי טונקעל, ווי אַ סילועט, אָבער באַלד ווערען קענטיג איהרע בלויע אויגען און אונטער די פרישע ליפּלעך געהמען גלאַנצען די שמייכלענדיגע ציינער, ווי ווייסע פּערלעך. אין שטוב ווערט וואַרימער פון איהר, און עס דאַכט זיך, אַז דידאָזיגע וואַרימקייט געהט-אויף פון איהר הויכען בוזים, פון איהרע שלאַנקע פיס און פון די קליינינקע אויערן, וואָס ליגען פערבאָרגען, ווי אַ טייערע צירונג, אונטער די ווייכע בלאָנדע האָהר. אין האַנד פערלעגט זי אונטער משה׳לעס גאָמבע, מיט דער צווייטער גלעט זי איהם די האָהר, קוקט איהם טיף אין די אויגען אַריין, פונקט ווי זי וואָלט איבערגעגאָסען די שטראַהלען פון איהרע אויגען אין זיינע און פרעגט מיט אַ זיסען כלה-קול:

—משה׳לע, פאַרוואָס קומסטו נישט צו אונז? ביי אונז איז דאָך פרעהליכער, ווי דאָ... קום צו אונז, משה׳לע...

—איך ווייס נישט...—דריקט משה׳לע מיט די אַקסלען און שפירט זיך אין איהר וואַרימקייט, ווי אַ חיה׳לע אַנטקעגען דער זון.—איך וועל קומען. געוויס וועל איך קומען.

—טאַטע, זאָג איהם, ער זאָל געהן צו אונז,—רופט זיך רבקה׳לע אָן צו דער באָבען און הויבט זיך איבער איהר, ווי אַ יונגער בוים איבער אַ קאָרטש.

—שבת וועט ער געהן, רבקה׳לע, שבת...—שאָקעלט די אַלטע מיט׳ן קאָפּ, מיט׳ן האַלז און מיט׳ן גאַנצען גוף און די ליפּען-ווינקלען זענען איהר בעת-מעשה אַראָבגעלאָזט, ווי אַ האַלב רייפעלע.—שבת, שבת...

און משה׳לע טוליעט זיך צו רבקה׳לען, זוכט ערגעץ אַ טירעלע אין איהר, ער זאָל קאָנען אַריינגעהן, פלעכט זיינע פינ-גער אין איהרע, שלעפּט זי צו זיך און שטויסט זי אָב און שטיפט מיט איהר, ווי אַ יונגעל מיט אַ יונגעל, אָדער ווי אַ מיידעל מיט אַ מיידעל, און אויפ׳ן האַרצען איז איהם ליכטיג, פרום און עהרליך און אין קערפּערל לייכט, פונקט ווי ער וואָלט נישט געשטאַנען אויף דער ערד, נאָר אין לופטען, און מיט די אויגען זעהט ער פאַר איין מאָל אַ סך—אי דעם רויטען הימעל, אי די דעכלעך פון שטעדטעל, אי דער באָבען, אי רבקה׳לען, אי זיך גופא, און לאַכען ווילט זיך איהם און געהאָרזאַם וויל ער זיין, און צו רבקה׳לען שמייכעלט ער שטיל און פערגאַפט, אָבער מיט׳ן גאַנצען פנים, מיט די בעקלעך, מיט די אויגען און מיט די ליפּען און אויף די שפּיץ פינגער שטעלט ער זיך, איהרע האָהר זאָלען בעריהרען זיין שטערען און עס דאַכט זיך איהם, אַז ער האָט געפונען אַ טירעלע אין איהר, און אַז ער וועט עפענען דאָס טירעלע, וועט אַרויספאַלען אויף איהם אַ וואַרימע זיסע כוואַליע, און ער שעפּטשעט איהר מיט אַ קול, וואָס האָט דעם סאַמע ווייכסטען, דעם סאַמע האַרציגסטען קלאַנג:

—שבת וועל איך קומען, רבקה׳לע, שבת...

און רבקה׳לע קושט איהם אין די ליפּען שטאַרק, הייס און אָפען, ווי אַ מאַמע. זיין קאָפּ ווערט פערדריקט אין איהרע אָרעמס, ווי אין צוואַנגען און ער מאַכט-צו די אויגען, ווי אַ קינד.

באַלד ווערט רבקה׳לע אַנטרונען, איבערלאָזענדיג הינטער

 זיך אַ ווינד, וואָס שמעקט מיט יונגען לייב, און דרויסען לאָזט

זיך אַראָפּ די נאַכט, ווי אַ טונקעלער חוט אויף אַ בלאָנדען קאָפּ. משה'לע זאָגט-אָפּ זיין שטענדיגע תּפילה צו גאָט, לעגט זיך אויף זיין געלעגער מיט אַ בוך אין דער האַנד. און דאָס קליינע נאַכט-לעמפּעלע אויפ'ן טיש הענגט-פונאַנדער אויף די ווענד גרויע לאַנגע ציטריגע שאָטענס. און ווי אַ שאָטען בויגט זיך אָן די באָבע און קושט איהם אויפ'ן שטערען און שעפּטשעט עפּיס און ציטערט מיט'ן גוף, און אַז זי געהט-אַוועק, ווערט די גאַנצע שטוב אָנגעגאָסען מיט אַ שטיל-פּייפענדיגער שטילקייט, פּונקט ווי די שאָטענס וואָלטען זאַכט געשפּילט אויף פערבאָרגענע פלייטען.

אין דעם בוך, וואָס משה'לע האַלט אין די הענד, לייענט ער: „ער איז געגאַנגען שבת און האָט זעהר גוט פערבראַכט דעם טאָג".

— און איך געה אויך שבת...— גיט משה'לע אַ טראַכט און מאַכט-צו די אויגען.

דער טאָג שבת קומט-אָן גאָר אונבעמערקט, ווייל משה'לע וואַרט נישט אויף איהם. בייטאָג, נאָכ'ן טשאָלענט, בשעת דער פעטער לעגט זיך אַריין אין דער ברייטער הילצערנער בעט מיט דער זינגענדיגער נאָז, מיט אַ געלעכטערל אין דער געלער באָרד און די באָבע מיט אויסגעלעבטע אויגען און מיט גרויסע שפּאַ-קולען איבער זיי זוכט עפּיס אין דעם אַלטען, מיט טרעהרען אויסגעווייקטען קרבן-מנחה, געהט משה'לע צום פעטער חיים. דרויסען, איבער'ן קאָפּ, געהען כוואַליעס גאָלדענע לופט, די הימלען פלייצען מיט ליכט, די זון וויקעלט די ערד אין פייער און דאָס שטעדטעל דרעמעלט פון היץ און פון טשאָלענט. עס דאַכט זיך, אַז די הייזלעך פינטלען מיט די פענסטער, ווי מיט שלעפעריגע אויגען, די דעכער ליגען, ווי היטלען, אַראָפּגערוקט איבער די ווענד און אַ שוואַרצער בעוועגליכער שאָטען פאַלט פון זיי אין דער בלענד-ווייסקייט פון טאָג. אויפ'ן לעדיגען מאַרק, וואָס איז אינגאַנצען בעדעקט מיט טריט פון שטיוועל און פערדישע קאָפּיטעס, דרעמלען פוילע היהנער, אַלטע ציגען מיט קאָלטענעוואַטע בערדלעך און איינצעלנע הינד בלאָנקען-אַרום, פונקט ווי משוגע, מיט אַראָפּגעלאָזטע עקען, מיט אַרויסגעשטעקטע

צונגען און סאָפּעדיגע בייכער. אינמיטען מאַרק, אויף אַ גרויסען שטיין, זיצט יאָסעלע דער משוגע'נער, אָהן אַ העמד, מיט צורי-סענע הויזען אויפ'ן בויך און אויף די פיס און זוכט עפּיס מיט די פינגער אין קאָפּ. זיין טונקעל לייב גלאַנצט ווי קופּער אַנט-קעגען דער זון. דער לאַנגער גוי מיכאַש, וואָס טראָגט אַ גאַנצע וואָך וואַסער אין שטעדטעל, ליגט אויסגעצויגען מיט'ן פּנים אַראָב און מיט באַקעטע פיס אין אַ לאַנגען לעדיגען וואָגען און כראָפּעט מיט אַזאַ פייפעריי, פּונקט ווי אַ ראָד אין אַ מאַשין וואָלט זיך וויילעווייז פערהאַקט און באַלד דערויף ווייטער געלאָפען. די היץ שפּרייט זיך איבער דער ערד, ווי אַ שטיקענדיגער רויך און טויט-אָב יעדע בעוועגונג פון מענש, חיה און בוים.

אָבער ביים פּעטער אין שטוב איז פרעהליך און רוישיג. צו דעם פּעטערס ניין מיידל'עך זענען געקומען מיידלעך פון שטעדטעל, און דאָס געלעכטער איז גרויס און הילכיג, פּונקט ווי מען וואָלט געקלאַפּט אין טאַצען. הויכע בוזעמס, יונגע שמייכלענ-דיגע אויגען, ווייסע ציינער. עס איז אַ בעוועגונג און אַ געדרענ-געניש און אַ טופּעריי. מיידעל'שע קולות דרעהען זיך אין לופטען, ווי קאָלירטע גלעזעלעך און געלעכטערס פאַל'ען אויף געלעכטערס, ווי רוישיג וואַסער אויף וואַסער. מיידעל'שע נאַקעטע הענד פלע-כטען זיך אַרום טאַליעס, מיידעל'שע קעפּ ווערען צוגעלעגט צו איינאַנדער, אויגען קוקען אין אויגען, ליפּען שמייכלען צו ליפּען, אַקסל'ען לעהנען זיך צו אַקסל'ען. אין איין ווינקעל כאַפּען זיך מיידלעך פאַר די הענד און נעהמען טאַנצען אַ פּאָלקע, אין אַ צווייטען ווינקעל סוד'עט מען זיך מיט צוגערוקטע קעפּלעך, אין אַ דריטען בעקוקט מען זיך איינאַנדער די קליידער. אין דעם פלאָנטער פון מיידלעך דרעהען זיך אַרום צוויי בחורים, ווי צוויי גאָנערס צווישען גענז, און אויפ'ן פּנים הענגט זיי יענץ שמייכע-לע און יענץ קלוג און מאַנסביל'יש מינעלע, וואָס ווייזט זיך שטענדיג אויפ'ן פּנים פון אַ מאַנסביל, ווען ער געפינט זיך פריי און זאָרגלאָז צווישען אַ סך פרויען. איינער פון זיי איז רבקה'-לעס חתן. דאָס איז אַ בחור מיט אַ רויטען האַלז, מיט אַ קורצ-

 געשאָרענעם קאָפּ און מיט שוואַרצע וואָנטען, וואָס ליגען איהם

אונטער דער ברייטער נאָז, ווי בעזעמלעך אונטער אַ דעכעלע.
דער צווייטער איז אַ בחור מיט אַ רויטען האַלז, מיט אַ קורצגע-
שאָרענעם קאָפּ, אָבער מיט רויטע וואָנסען, וואָס ליגען איהם אונ-
טער דער ברייטער נאָז, ווי בעזעמלעך אונטער אַ דעכעלע. ביי ביי-
דען זענען די רויטע העלזער איינגעפּאַסט אין האַרטע איינגע קעל-
נער, ווי פּעסער אין רויפען, און דאָרט, וואו דער ברעג שניידט זיך
אַריין, ווי אַ מעסער, [illegible]ן דער חויט, שפּרינגט-אום אַ ווייסער פּאַס,
פונקט ווי אַ ריב פון שוועבעל אויף אַ טונקעלער וואַנד. צוליב די
האַרטע איינגע קעלנערס האָבען זיי טיילמאָל גלעזערנע אויגען, אויף
די שטערנס שטעהען די אָדערן, פונקט ווי וואָרצלען, וואָס זענען
אַרויסגעקראָכען פון אונטער דער ערד און די קעפּ אויף די
אַקסלען בעוועגען זיך ווייניג. פאַרהאַן אפילו אַ דריטער בחור.
דערדאָזיגער טראָגט לאַנגע שוואַרצע האָהר, ווי אַ פּאַרוק. פון
אונטער די האָהר פּאַלען-אַרויס צוויי קלייטיטשקע בעקעלעך און
אינמיטען, צווישען די בעקעלעך, זיצט איהם אַ גרויסע שפּיציגע
נאָז, ווי אַ טרוקענער ביין. אויף דעמדאָזיגען ביין הענגט אַ
פּענסנע אין שוואַרצע רעהמעלעך מיט אַ לאַנגען פּאָדעם, פּער-
וואָרפען אויפ'ן אויער. אַז דערדאָזיגער בחור שטעהט, זעהט מען
בלויז לאַנגע הענד און פיס, אָבער אַז ער זיצט, זעהט ער אויס
זעהר קליין און די פיס ציהען זיך בעת-מעשה איבער דער פּאָ-
דלאָגע, ווי לאַנגע שטעקענס. דאָס איז דער לעהרער פון שטעד-
טעל און ער הייסט באָנטשע הירשקאָוויטש. בשעת ער רעדט
מיט אַ מיידעל, שפּיליעט זיך איהם פונאַנדער דאָס קליינע פּנימ'ל
און עס דאַכט זיך, אַז אַלץ וויל אין איהם פונאַנדערפּאַלען פון
ווייכקייט. ווייך און שיטער ווערט איהם דער קול, ווייך און
שיטער דאָס שמייכעלע, ווייך און שיטער די אויגען, און מיט
די שפּיצען פינגער בעטאַפּט ער איידעל די פּענסנע און בויגט
זיך אויף אַלע זייטען און רייב[illegible] זיך די הענד און שאָקעלט מיט'ן
קאָפּ האָהר, ווי אַ ווערבע-בוים אין אַ ווינד און זאָגט פּלוצלונג
אַרויס מיט אַ ווייך שיטער קול:
—נו, יאָ, פריילין, אַמאָל איז געווען אויף דער וועלט אַ
געאָגראַף סטראַבאָן...

ווערט דער מיידעל לאַנגווייליג און זי געהט-אַוועק פון איהם. בלייבט באָנטשע הירשקאָוויטש שטעהן אויף די לאַנגע פיס מיט׳ן קורצען מאָגערן בויך, שטעהט ער אַזוי לאַנג, לאַנג, ביז ער געפינט עפּיס אַנ׳אַנדער מיידעל און ווערט ווייך פאַר איהר. ווידעראַמאָל צושפּיליעט זיך איהם דאָס קליינע פּנימ׳ל און ווי- דעראַמאָל נויגט ער זיך אויף אַלע זייטען און זאָגט ווידעראַמאָל פּלוצלונג אַרויס מיט אַ ווייך-שיטערן קול:

—נו, יאָ, פרייליין, אַמאָל איז געווען אויף דער וועלט אַ בעאָגראַף סטראַבאָן...

באָנטשע הירשקאָוויטש, די בחורים מיט די רויטע העלזער, די איבערגעוואַקסענע שטיפערישע און לאַכענדיגע מיידלעך,— דאָס אַלץ כאַפּט משה׳לען אַרום, ווי אַ וואַסערפאַל און ביי אַ מינוט שטעהט ער, ווי אַ צומישטער. פאַר די אויגען צאַפּלען זיך איהם הענד, בעוועגען זיך פיס און קערפּער, פלאַמען באַקען און אויגען, און ער האָט מורא צו מאַכען א טריט פאָראויס. אַ געדיכטער מיידעל-ריח פאַלט אויף די נערווען און שוואַכט-אָב די רעיונות. עס דאַכט זיך, אַז די שטוב וויגט זיך און זינקט ערגעץ אין אַ תהום. פּלוצלונג דערשפירט ער צוויי הענד אויף די באַקען, און אַ בעקאַנטער קול, רבקה׳לעס קול, שרייט-אויס נאָהענט און וואַרים:

—אַ, משה׳לע געקומען! ביזט אַ וואויל יונגעלע! זעהר גוט! זעהר גוט! באַלד וועט זיין פרעהליך. מיר וועלען שפּילען.

און די צוויי הענד, וואָס האַלטען איהם ביי די באַקען, דריקען איהם איצט צו אַ ווייכער אָטעמפולער ברוסט. רבקה׳לע איז זעהר צולעבט און פערהאַוועט. אין די באַקען שפּילט איהר ראָז בלוט און זיי דערמאָהנען יונגע מאָן-בלומען. דאָס ווייסע בלוזקעלע, וואָס זי טראָגט, מאַכט זי אַזוי ווי נאַקעט מיט יענער חנ׳עוודיגער נאַקעטקייט, וואָס נעהרט דאָס אויג מיט תענוג און עס ווילט זיך מאַכען אַ ברכה דערויף. איהרע בלאָנדע האָהר זענען אַזוי ווי בעשפּריצט מיט גאָלד, און פון די בלויע אויגען טריפען פּייערלעך, פּונקט ווי זי וואָלט געזייהט אַרום זיך מיט פּייערלעך פון איהר נשמה.

—לוי-נח!—רופט זי איהר חתן, וואָס דרעהט זיך מיט אַנ-
איבערגעוואַקסען מיידעל אין אַ ווילדער פּאָלקע,—דאָס איז משה'-
לע, מיין שוועסטערקינד...

לוי-נח געהט-צו און טונקט אין איהם גלייכגילטיג איין אַ
פּאָר גרויע נישטערטיגע אויגען. באַלדיגע נעהמט ער אַרויס אַ ווייס
טיכעלע און פּאַטשט זיך איבער'ן רויטען, שווער-אָטעמדיגען פּנים,
און זיין רויטער האַלז זיצט איהם אין איינגען קאָלנער, ווי אַ
פּאַס אין אַ רויף. באַלד געהט אויך צו די מוהמע. צווישען די
מיידלעך איז זי שווער צו דערקענען. זי זעהט אויך אויס אַזוי
ווי אַ מיידעל. זי טראָגט אַ לאַנג זאַלטמאָדיש ליליען-קלייד מיט
ווייסע שפּיצען, נאָר עס פּאַסט איהר זעהר. אונטער דער הוי-
כער פריזור בלישטשען איהר די אויריגלעך אויף קליינע מיי-
דעלשע אויערן און זי שטעלט נאָך דעם נוס לייכט און בע-
ווענליך, ווי אַ מיידעל. איהר בלאַסקייט איז עפּיס אַ געבענשטע:
אַזוי זעהט-אויס אַ פרוי, וואָס איז געווען געפעהרליך קראַנק און
קומט איצט צוריק צו די כּחות. צווישען איהר און רבקה'לען איז
כּמעט אַ קליינער אונטערשייד, די מאַמע איז כּמעט אַזוי יונג,
ווי די טאָכטער, אָבער אַז מען קוקט זיך בעסער צו, זעהט מען
אויף דער מאַמען פערגנב'עטע דראַבנע קנייטשעלעך, וואָס קו-
מען פון קינבעטען און פון האָבען קינדער.

—משה'לע,—זאָגט זי און בויגט זיך אָן צו איהם מיט די
לאַנגע בלישטשענדיגע אויריגלעך, וואָס וויגען זיך עטוואָס און
גיבען-אַרויס אַ דינעם שטילען קלאַנג,—פאַרוואָס האָב איך נישט
קיין יונגלעך, משה'לע? פאַרוואָס האָב איך נישט אַזאַ יונגעל,
ווי דו...

משה'לע פערשעמט זיך, און ווייס נישט וואָס צו ענטפערן,
און זי צולאַכט זיך און גיסט איהם אָב מיט איהר געבענשטער
בלאַסקייט. דער טומעל און די געלעכטערס ציהען-צוריק פון איהם
די מוהמען, מיט רבקה'לען, מיטן חתן און ער בלייבט אַליין
און קוקט, אַ נייגיריגער, אין דער הייסער לופט, וואָס איז אָנ-
געזאַפּט מיט אַ געדיכטען מיידעל-ריח. אין דער קעגענאיבערדיגער
טהיר ווייזט זיך דער פעטער מיט דער ברייטער געלער באָרד.

ער שטעהט מיט די הענד אין די הויזענקעשענעס, מיט איפגעהויבענע אקסלען, ווי א פוילער מענש נאך א שווערען מיטאג און דורך די געשרייען און געלעכטערס גנב'עט זיך אדורך אין צימער א פסוק פון דער תורה מיט'ן טראפ:

—כי לולא התמהמהנו כי עתה שבנו זה פעמים...

די באָרד און דאָס ניגוב'דעל פערשווינדען, און משה'לע שניידט זיך פאמעלעך דורך צווישען די מיידלעך. אין זיין בלוט פאלען-אריין פונקען פון די פרעהליכע געלעכטערס און ער קאן נישט שטעהן אויף איין אָרט. אבער אז ער קומט צו דער קעגענאיבערדיגער טהיר, וואו דער פעטער איז פריהער געשטאנען, דערזעהט ער פלוצלונג טעמעלע'ן. זי שטעהט אין צווייטען צימער נעבען פענסטער און הינטער איהר זיצט דער הארבאטער פיינשטיין מיט צוגעמאכטע אויגען. עפיס שטעכט איהם אָן דאָס הארץ, פונקט ווי א דין קאלט שפיזעלע, אבער ער שפירט שוין פאראויס, ווי א גרויסער דערוואקסענער מענש, אז ער וועט שוין נישט ליידען אזוי שטארק, ווי פריהער. טעמעלע איז אפילו שען, קלאָר און לופטיג, ווי אלעמאָל, און עס ווילט זיך קלעבען צו איהר. עס ווילט זיך ווידער צופאלען צו איהרע פיס, צו איהר פנים, צו איהר האלז. אבער משה'לע פיהלט, אז ער קאן שוין איצט גובר-זיין דעמדאָזיגען חשק און אז איהר כשוף האָט שוין קיין שליטה נישט איבער איהם. דאָך שטעהט ער פון ווייטען און טרינקט מיט די אויגען איהר ווייסקייט און קאן זיך נישט אָב'חדוש'ן פון איהר פיגורל, וואָס איז אזוי ווי ארויסגעפאלען פון א פאָרם. דורך טעמעלע'ן פערשטעהט ער צום ערשטען מאָל די שענקייט פון א פרוי, דעם רייץ פון איהרע פאָרמען. און עס קומט ביי איהם אויס אזוי: אויב א פרוי איז ענהליך צו טעמעלע'ן, איז זי שען, אויב נישט, איז זי מאוס. עס דאכט זיך, אז ווייסע שנייעלעך געסטיגען זיך אין איהר און אז זי קאן צוגעהן אין די הענד ווי א וואָלקענדיל. אבער טעמעלע קעהרט-אָב דעם קאפ און קוקט איהם אָן קאלט און גלייכגילטיג, ווי מען קוקט אויף א גלאטע וואנד, אויף א ליידיג פעלד. משה'לע ווערט רויט און פערשעמט זיך. ער וויל איהר א שאָקעל טהאָן מיט'ן

קאָפּ, בעגריסען, אָבער ער שפּירט, אַז זי וועט עס נישט צו-צעהמען און נישט ענטפערן דערויף. וואָס האָט זי צו איהם? פאַרוואָס האָט זי איהם פיינט? דער האָרבאַטער פיינשטיין עפענט לאַנגזאַם די אויגען, ווי אַ חולה אין אַ גרויסער היץ און שעפּ-ששעט-אַרויס מיט אַ פערשטיקטען קול:

—טעמעלע, איך וועל משוגע-ווערען... דו הערסט, טעמעלע...

משה'לע האָט רחמנות אויפ'ן האָרבאַטען, וואָס איז אַ פער-פאַלענער מענש אין זיינע אויגען, אָבער פאַרהאַן אַ ווינקעלע האַרץ אין איהם, וואָס איז מקנא דעם האָרבאַטען, וואָס איז מקנא זיינע ליידען און וועהען, זיין פערשמאַכטקייט און צער, און דאָס שרעקט איהם עפּיס נישט. דאָס שרעקט איהם נישט, ווייל ער ווייס שוין פאָראויס, אַז זיין וועג ליגט נישט אויף איין ליניע מיט טעמעלעס וועג, אַז טעמעלע איז שוין נישט מעהר קיין סכנה פאַר איהם און וועט איהם מעהר נישט פערשאַפען קיין טיפע שווערע איבערלעבענישען, וואָס זענען פערבונדען מיט עבירות און חרטות. אָבער פאַרוואָס האָט זי איהם פיינט? פאַר-וואָס רעדט זי נישט מיט איהם?

—טעמעלע!—זאָגט ווייטער דער האָרבאַטער מיט האַלב-אָפענע אויגען און מיט אַ קול פון אַ דערוואַקסענעם ליידענדיגען מענשען,—דו ווייסט נישט, ווי איך מוטשע מיך, ווי מיר איז שלעכט. ווען איך וואָלט געקאָנט וויינען, וואָלט איך געוויינט... טעמעלע, איך שלאָף נישט ביינאַכט און אַז איך ווער אַנטשלאָפען אַמאָל, זעה איך נאָר רוחות און וואָלקענלאַקעס... טעמעלע, דער טאַטע האָט מיר פיינט געקראָגען און די מאַמע וויל מיך אַוועק-שיקען אין אַנ'אַנדער שטאָדט. די ברידער ריידען נישט מיט מיר און די שוועסטער וויינט איבער מיר... טעמעלע, וואָס וועט עס זיין?..

נאָר טעמעלע ענטפערט איהם נישט. דאָס ליכט פון הימעל פאַלט איהר אויפ'ן פּנים און ראַנגעלט זיך מיט איהר ווייסקייט, דאָס אויג איז איהר ברייט אויפגעריסען און עס קוקט קאַלט און רוהיג אין דער ווייסקייט אַריין, אָבער זי שטעהט אַזוי דייטליך און בולט אין העלען טאָג, פונקט ווי עמיץ וואָלט זי אויסגע-

שניצט און נאַר-וואָס אַרויסגעלאָזט פון די הענד.
—טעמעלע, וואָס שווייגסטו?—מאָהנט דער האָרבאַטער ווי
אַ זיידע און מאַכט-צו די אויגען, פונקט ווי ער וואָלט זיך צו-
געהערט צו אַ שאַרפען אינערליכען וועהטאָג.—טעמעלע...
איבער׳ן פענסטער לויפט-דורך אַ שאָטען. משה׳לע קוקט
זיך צו און דערקענט מאַקאַר זינאָוויעוס פלייצע מיט די אויס-
געבויגטע הענד, פונקט ווי צום שלאָגען זיך. מאַקאַר לויפט-איבער
דעם מאַרק און ווערט פערפאַלען אין אַ זייטיג געסעל. משה׳לען
ווערט פלוצלונג אומעטיג ביז צום וויינען, פונקט ווי עמיץ וואָלט
איהם פערשוועכט עפּיס אַ הייליגע זאַך. ביי אַ פּאָר מינוט שטעהט
ער אָהן געדאַנקען, נאָכדעם דרעהט ער זיך אויס און געהט-
אַוועק צוריק אין הייסען צימער, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט אַ גע-
דיכטען מיידעל-ריח.
די מיידלעך לאַכען און פילדערן, ווי פריהער, אָבער
רבקה׳לע לעגט-פאָר, מען זאָל שפּילען אין שטעדט. די מאַמע
און דער חתן העלפען איהר צו, און אָט ווערט פלוצלונג שטיל.
באַלד דערויף ווערט אַ שאַרעניש מיט שטוהלען און די מיידלעך
זעצען זיך אויס ביי די ווענד אין אַ ברייטען קרייז. אינמיטען
ווערט אַנידערגעשטעלט אַ שטוהל פאַר רבקה׳לען, וואָס איז די
אָנפיהרערין. קודם ווערען איינגעטיילט שטעדט. יעדעס מיידעל
קלויבט זיך אויס אַזאַ שטאָדט, ווי איהר געפעלט. עפּיס אַנ׳אַלט
שוואַרץ מיידעל מיט אַ פויגעלשער נאָז קלויבט זיך אויס פּאַריז;
פערקעהרט, אַ יונג מיידעלע מיט ראָזע ליפּלעך געפעלט בעסער
ווין. רבקה׳לעס מאַמע נעהמט זיך ווילנאָ און דער חתן—אָדעס.
משה׳לע, וואָס זיצט צווישען צוויי אונבעקאַנטע מיידלעך, רופט-
אָן מינסק און באַנטשע הערשקאָוויטש ליסאַבאָן. לאָנדאָן פאַלט-
אַריין צו אַ יונגער אלמנה און ניו-יאָרק צו אַ כלה-מיידעל, וואָס
האָט אַ חתן אין דערדאָזיגער שטאָדט. אין צימער פליהען נעמען
פון שטעדט און אפילו אייזישאָק געהט אויך נישט פערלאָרען. איצט,
אַז אַלע שפּילער זענען שוין בעזאָרגט מיט שטעדט, הויבט זיך
אָן דאָס שפּיל, וואָס איז פאַר משה׳לען ניי און טשיקאַווע.
רבקה׳לע זעצט זיך לאַנגזאַם אַנידער אויפ׳ן שטוהל, אינמיטען

צימער, פערלעגט די הענד אויפ׳ן האַרצען און קוקט זיך אַרום מיט אַ קלוג, גנב׳יש שמייכעלע, ווי איינער זאָגט: איך וועל אייך שוין אַלעמען פערגעבען דאָ, איהר וועט מיך שוין האָבען צו געדענקען. דאָס גנב׳ישע שמייכעלע ווערט איהר אָבער פערפאַלען און פּאַוואָליע ציהט זי אויס אַ פוס און בעטראַכט דעם שפּיץ פון שיכעלע, נאָכדעם ציהט זי אויס דעם צווייטען פוס, קוקט לאַנג אויף די נעגעל, בעטאַפּט און בעקוקט אַ קליין קנעפּעלע פון דער בלוזקע, נעהמט-אַרויס אַ שפּילקעלע פון קאָפּ און שטעלט צוריק אַריין און מאַכט בכלל אַן׳איינדרוק, ווי זי וואָלט געוואָלט גע-נעצען אָדער געהן שלאָפען. אין צימער שפּרייט זיך יענע גע-דיכטע שטילקייט, וואָס רופט-אַרויס איינצעלנע הוסטען, און מען הערט ווי הערצער קלאַפּען. פון גרויס אָנשטרענגונג פערגעסט דער עולם צו שמייכלען, מען פערגעסט, אַז דאָס איז אַ שפּיל, און די אויגען ברענען מיט יענער אונגעדולד, וואָס לאָזט זיך מערקען אויף חיות, בשעת זיי דערשמעקען זייער קרבן. אָבער איין רבקה׳לע איז רוהיג, איין רבקה׳לע וויל געהן שלאָפען. זיצט זי דען צווישען מענשען, וואָס זענען זיך מכין צו שפּילען? זיצען דאָ בכלל מענשען אין צימער? אַ לעדיג צימער איז עס און דרויסען איז נאַכט און פינסטער און אַלע, אַלע שלאָפען שוין לאַנג. נאָר די אונגעדולד פון די שפּילער גרייפט-אָן שטו-מערהייד רבקה׳לעס רוהיגקייט, עס קומט-פאָר אַ געהיימער קאַמף, און אַ מאָדנע זאַך, וואָס רבקה׳לע איז רוהיגער, אַלץ אונגעדול-דיגער ווערען די שפּילער. רבקה׳לע ווירקט אויף זייער געדולד, זיי ווירקען אויף איהר רוהיגקייט, און ביידע וואַקסען געגענזייטיג.

—וואָס זיצט זי דאָרטען?—כאַפּט זיך עמיץ אַרויס מיט אַ בעלײדיגטען טאָן.

—זי לייענט קריאת-שמע!—בעמערקט אַ צווייטער מיט אַ שנאָך.

—רבקה׳לע, דו האָסט גע׳חלשט?—פרעגט דאָס מיידעל מיט דער פויגעלשער נאָז, וואָס האָט זיך אויסגעוועהלט די שטאָרט פּאַרין.

נאָר רבקה׳לע ווייס גאָרנישט, אַז מען וויל שפּילען. רבקה׳-

לע קוקט גאָר אויף די רויטע קליינע איניציאַלען פון איהר נאָז-טיכעל, פונקט ווי זי וואָלט זיי דערזעהן צום ערשטען מאָל אין איהר לעבען. און נאָכדעם קוקט רבקה'לע ווידער אויף די שפי-צען פון איהרע שיכעלעך, אויפ'ן קנעפּעלע פון דער בלוזקע און זי זעהט-אויס אַזוי איינזאַם און אַליין, פונקט ווי זי וואָלט זיצען אויף אַ פערוואָרפענער אינזעל צווישען קאַלטע וויסטע שטיינער און עס איז נישטאָ קיין מענש, מיט וועלכען זי זאָל קאָנען אויסריידען אַ פּאָר ווערטער. אָבער אַז די אָנשטרענגונג ווערט אַזוי געדיכט, ווי די שטילקייט, און זי שפירט זיך אַזוי ווי אַ משא, וואָס מען קאָן כמעט אָנטאַפּען מיט די הענד, זאָגט רבקה'-לע אַרויס שטאַרק פערטראַכט, מיט אַ פינגער ביים שטערען, ווי אַ מענש, וואָס רעדט צו זיך אַליין אין אַ מינוט פון שטילער בעטראַכטונג:

—ביי אַזויגע גרויסע הוצאות... ביי אַזאַ שווערען וועג, ווייס איך גאָרנישט צי עס וועט זיך לוינען צו פיהרען די סחורה קיין אָדעס... אַ פּאַנט!!!—שרייט זי פּלוצלונג אויס מיט אַ פּאָליצייִ-קול, גיט זיך האַסטיג אַ ריס פון אָרט צום חתן און פערגעהט זיך פון געלעכטער.

דער צומישטער חתן פרובט זיך אויפהויבען פון אָרט, אָבער עס איז שוין שפּעט. דער עולם לאַכט און פּאַטשט מיט די הענד, און דער חתן בעהמט-אַרויס זיין גאָלדען זייגערל און גיט-איבער רבקה'לען. רבקה'לע נעהמט-צו זיגעריש דעם ערשטען פּאַנט, גיט אַ קנאַק מיט די פינגער, אַ טאַנץ אויף אַ פוס און לעגט עס אַוועק מיט גרויס פּאַראַד אויף אַ קליין ווינקעלטישעל, וואָס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרען פאַר די פּאַנטען.

—האָסטו געהערט די נייס?—רופט זיך רבקה'לע פּלוצלונג אָן מיט אַנ'ערנסטער מינע צו דער מיידעל מיט דער פויגעלשער נאָז.—דער עלטערער פיינשטיין פאָהרט היינטיגע וואָך אַוועק קיין לאָנדאָן... אַ פּאַנט!!—קלינגט ווידער נצחונ'דיג איהר קול און זי שטעהט שוין מיט אַנ'אויסגעשטרעקטער האַנד ביי דער יונגער אלמנה, וואָס האָט זיך גראָד מיט גרויס ערנסט צוגעהערט צו דערדאָזיגער נייס.

די יונגע אלמנה צאָהלט מיט איהר בראָש פאר איהר נאָכ־לעסיגקייט, און דער עולם לאַכט. רבקה'לע טראָגט צום טיש איהר צווייטען קרבן, אָבער, געהענדיג, גיט זי זיך פלוצלונג אַ קלאַפּ מיט'ן פינגער אין שטערען, פערגלאָצט די אויגען און שרייט-אויס מיט גרויס שרעק:

—איהר ווייסט? פּאַריז ברענט!..

דאָס שוואַרצע מיידעל מיט דער פויגעלשער נאָז, די סאַמע אונרוהיגסטע שפּילעריך, וואָס צו איהר געהערט פּאַריז, בעווייזט זיך נישט אויפצוהויבען, און צאָהלט מיט גרויס בדיון אַ פאַנט. זי האָט זיך, קענטיג, נישט גערייכט אויף אַזאַ שנעלער מפּלה, און בשעת אַלע לאַכען, ווערט זי רויט און אָנגעבלאָזען, פּונקט ווי עמיץ וואָלט איהר אַרויפגעטראָטען אויפ'ן פוס. אָבער רבקה'לע קוקט זי אָן גוטמוטיג און ווייך.

—וואָס ביזטו ברוגז,—זאָגט זי,—נאַרעלע, פּאַריז איז ווייכער פון ווילנאָ... אַ פאַנט, מאַמעלע!—דרעהט זי זיך אויס און פאַלט-אַרויף אויף דער מוטער מיט ביידע הענד.—אָבגענאַרט דער מאַמען, אָבגענאַרט דער מאַמען... גיב אַ פאַנט, שעם זיך נישט, גישטאָ זיך וואָס צו שעמען...

איהר מאַמע בעהאַט-אַראָב דעם שבת'דיגען, אַלט-גאָלדענעם בראַסלעט און רבקה'לע טרויסעלט איהם אין לופטען און טריאומפירט, וואָס זי האָט אויסגענאַרט דער מאַמען.

—איהר ווייסט, מיר גלויבט זיך גאָרנישט,—זאָגט רבקה'לע מיט אַ ניכטערן קול—אַז מען זאָל אין צוויי וואָכען צייט קאָנען פאָהרען פון גראָדנע קיין ניו-יאָרק... פאַנטען, פאַנטען, קינדערלעך!—מאָהנט זי באַלד די פאַנטען ביי צוויי צוטומעלטע מיידלעך, וואָס האָבען פערגעסען זיך אויפצוהויבען.

אויפ'ן קליינעם טישעל וואַקסען איהרע קרבנות, אָבער זי אַליין וואַקסט אויך. זי פיהלט זיך שטאַרק אין איהר ראָל און געוועלטיגט איבער אַלעמען. די שטעדט רופט זי אָן אַזוי קונציג און אונבעמערקט, אַז מען פערגעסט זיך אויפצוהויבען און ווי אַלע זיגער, האָט זי שוין שונאים. אפילו דער חתן בלאָזט זיך אַ ביסעל. ער קאָן איהר, קענטיג, נישט מוחל-זיין, וואָס ער איז

געווען זיער ערשטער פּאַנט-געבער, און אַז באַנטשע הירשקאָוויטש פאָלט-אַריין מיט זיין ליסאַבאָן און דער עולם בעגלייט דידאָזיגע מפּלה מיט גרויס געלעכטער, רופט זיך אָן רבקה׳לעס חתן מיט עטוואָס אַ שטעכיגען טאָן:

—רבקה׳לע, פרעה דיך נישט אַזוי, אַ צווייט מאָל וועסטו מיך שוין נישט פּאַקען...

—נישט פּאַקען, זאָגסטו?

רבקה׳לע גיט זיך אַ דרעה-אויס אויף איין פוס, מאַכט אַ שירמל פון איהר לייכט קליידעל און פערגעהט זיך פון געלעכטער. אָבער אין דער אייגענער רגע מאַכט זי אַנ׳ערגסטע מינע און גיט שטרענג אַ זאָג:

—אָדעס!

דער חתן הויבט זיך אויף.

—אָדעס!

דער חתן הויבט זיך אויף.

—אָדעס!

דער חתן הויבט זיך אויף צום דריטען מאָל, אַ רוישער, און איפּ׳ן שטערען צוקען איהם די אָנגעשטרענגטע אָדערן.

—נו, וויפיל איז דער שיעור?—דריקט ער מיט די אַקסלען.

—איך האָב רעכט דיך אויפצוהויבען ביז הונדערט מאָל!—זאָגט רבקה׳לע שטאָלץ און מיט בעפעהל,—אָבער דו קאָנסט זיצען און דו וועסט מיר שוין זיצען, אַז איך וועל עס בעדאַרפען...

און רבקה׳לע צולאַכט זיך, ווי אַ קינד, מיט צוגעמאַכטע אויגען.

—איך וועל אייך גאָר דערצעהלען אַ מעשה׳לע...—זאָגט רבקה׳לע אַזוי ווייך און מילד, אַז מען דערמאָהנט זיך נישט-ווילענדיג אין אַ וויגעלע מיט אַ קינד.—אַמאָל, גאָר אַמאָל, פאַר-צייטענס, אפשר מיט טויזענדער יאָהרען צוריק, איז אָנטשטאַנען אָדעס...

דער חתן זיצט, און רבקה׳לע גיט אַ פּאַטש מיט די הענד, אַ שפּרונג אויף די לייכטע פיס און בויגט זיך אָן צום חתן מיט גוטמוטיגע חוזק-פייערלעך אין די אויגען:

—בע, בע... לוי-נח, בע... אַ פּאַנט, אַ פּאַנט אַהער!

דאָס איז איהר גרעסטער טריאומף. אַלע, אפילו איהרע שונאים, לאַכען, שפּרינגען-אויף פון די ערטער און פּאַטשען מיט די הענד, און לוי-נח, דער חתן, פּערלירט די בייזע רויטקייט פון געזיכט און זאָגט שוין מיט אַ טאָן פון אַ חתן צו אַ כּלה:

—רבקה׳לע, דו ביזט אַ כוואַט. איך מוז מיך אונטערגעבען...

איינע נאָך די אַנדערע פּאַלען-אַריין די שפּילערס אין רבקה׳לעס נעץ. זי שניידט זיי ווי גראָז מיט אַ קאָסע און עס העלפט נישט זייער קליגען זיך און זייער אָנשטרענגונג: אָדער זיי הויבען זיך אויף שפּעטער, אָדער זיי פערגעסען אינגאַנצען זיך אויפצוהויבען. רבקה׳לע פיהרט איהר ראָל אונפּערגלייכליך. און, ווי עס טרעפט שטענדיג מיט שונאים, זענען זיי איצט, בשעת רבקה׳לע שטעהט אויף דער העכסטער מדרגה פון פּאַנטען-רוהם, פערוואַנדעלט געוואָרען אין חניפה׳ניקעס און אונטערשמייכלער און זיי וואַרפען איהר צו קאָמפּלימענטען פון אַלע זייטען.

—שפּילען אין פּאַנטען איז גוט נאָר מיט רבקה׳לען!—שרייען אַלע.

די מוטער קוקט אויף דער טאָכטער מיט אַזויפיל גלאַנץ אין די אויגען, אַז דערדאָזיגער גלאַנץ פערדעקט אינגאַנצען די שוואַרצאַפּלען, און עס דאַכט זיך, אַז זי קוקט נישט מיט אויגען, נאָר מיט פּייערלעך. דער חתן ווערט אַלץ ווייכער און ווייכער, פּונקט ווי ער וואָלט זיך ערשט דערמאָהנט, אַז אָט דאָס געשיקטע מיידעל איז זיין כּלה, וואָס וועט אַמאָל זיין זעהר אַ גוט ווייב, און די שוועסטער שפּרינגען, ווי ציגען און לאַכען מיט יענע הילצערנע זינלאָזע קולות, וואָס קומען פון איבערלאַכען זיך. בלויז איין משה׳לע איז נישט פרעהליך. עפּיס עקבערט איהם אין דער נשמה. דאָס ערשטע מאָל שפּילט ער אין אַ געזעלשאַפט, אָבער שוין נישט צום ערשטען מאָל שפּירט ער די מניעה פון זיינע יאָהרען: מען האָט אַזוי ווי פערגעסען אָן איהם, מען האַלט איהם פאַר אַ יונגעל און זיין שטאָדט איז גאָרנישט דערמאָהנט געוואָרען. קיינער פון די שפּילער זיצט אפשר נישט מיט אַזוינע פערשפּיצטע אויערן, ווי ער—אויפצוכאַפּען זיך פון אָרט באַלד ווי

זיין שטאָדט וועט דערמאָהנט ווערען ביי דעם ערשטען אות, אָבער רבקה׳לע האָט אַלעמען אויסגערופען, אַלעמען, אַלעמען און איהם נישט. דער פערדרוס צעוואַקסט זיך אין איהם, ווי אַ בי־טערע פלאַנצונג, און ווען עס וואָלט נישט געווען אַזוי מאוס, וואָלט ער זיך צעוויינט. ער וואָלט געוויינט דערזיף וואָס ער איז יונג און וואָס די גרויסע—די סאַמע אינטערעסאַנטסטע מענשען—מיידען איהם אויס, ווי מען מיידט־אויס אַ נאַר. אַ טפש אָדער אַ פערדאָרבענעם יונג. פאַרוואָס איז ער ערגער פון אַלעמען? פאַרוואָס איז ער דער לעצטער פון די לעצטע? משה׳לע פער־זינקט אין שווערע, טריבע און ביטערע רעיונות, ווי אין אַ קאַל־טען טייך. איהם דאַכט זיך, אַז עס לוינט נישט צו לעבען אויף דער וועלט און אַז עס איז גלייכער גאָרנישט געבוירען צו ווע־רען, און אַז ער וואַרפט אַ בליק צום פענסטער, זעהט איהם אויס דער בלויער הימעל ווי אַ שוואַרצער דאַך, וואָס נידערט לאַנגזאַם צו דער ערד. די רעיונות טראָגען איהם אַוועק אין ווייטע שוואַרצע מדבריות, אין וויסטע מקומות, דאָרט, וואו עס זיצט דער טויט און וויינט פון שוואַרצער איינזאַמקייט, און ווי דורך אַ חלום הערט ער ווי עס ווערט דערמאָהנט מינסק און ער פערשטעהט נישט צו וואָס, אָבער באַלד דערויף כאַפט איהם רבקה׳לע פאַר די הענד, גיט איהם פרעהליך אַ ציה צו זיך און שרייט־אויס:

—משה׳לע, אַ פאַנט! אַ פאַנט!..

משה׳לע קומט צו זיך און צולאַכט זיך. איצט איז דער הימעל בלוי און אַ גאָלדענע זון שפילט אין איהם. אָבער מען בעדאַרף געבען אַ פאַנט, און משה׳לע האָט נישט. און דאָ דער־שפירט ער ווידער דעם פאָרצוג פון די גרוסע געגען די קליינע. די גרויסע האָבען זייגערלעך און פינגערלעך און געלד. היינט איז אפילו שבת, טאָר מען קיין געלד נישט האַלטען ביי זיך. אָבער ער האָט דאָך געקאָנט האָבען אַ זייגערל, די שענסטע מאַנסבילשע צירונג אין זיינע אויגען, די צירונג, וואָס האָט אַזוינע אונפערשטענדליכע לעבעדיגע רעדערלעך און שרייפעלעך, און, אַ פערשעמטער, רופט ער זיך אָן צו רבקה׳לען:

—איך האָב נישט... איך האָב נישט וואָס צו געבען...

—נו, וועל איך פאַר דיר געבען אַ פאַנט,—זאָגט רבקה׳לע און נעהמט-אַראָב איהר בראָש פונ׳ם ווייסען בלוזקעלע.

מיט משה׳לען ענדיגט זיך איין טייל פונ׳ם שפיל. אינ׳ם צווייטען טייל בעקומט יעדער זיין חלק, זיין שטראָף. דאָס איז אַ גרויסער און פרעהליכער טייל, וואָס פערציהט זיך ביז רעכט אין אָוועגד. רבקה׳לע שפּילט דאָ אויך די הויפּט-ראָליע. זי געהט-אַריין אין אַ בעזונדער צימער צוזאַמען מיט נאָך אַ מיידעל, וואָס האָט זיך נישט בעטייליגט אינ׳ם שפּיל און ביידע בעשטי-מען די שטראָף. די ערשטע פּאָרציע כאַפּט רבקה׳לעס חתן. מען הייסט איהם געהן אויף אַלע פיר און מעקען, ווי אַ שעפּס. ער טהוט עס גאַנץ גערן, אָבער דער ווייסער רייף שטיקט איהם אַזוי דעם האַלז, אַז די אויגען שפּאַרען איהם אַרויס פון אונ-טער׳ן שטערען, און בשעת ער מעקעט, דאַכט זיך, אַז דער רוי-טער האַלז ,וועט איהם באַלד פּלאַצען, ווי אַנ׳איבערגעשטאָפּטער זאַק און דאָס בלוט וועט פערגיסען דאָס צימער. די מיידלעך לויפען איהם נאָך און שלעפּען איהם פאַר די פּאָלעס פון זיין רעקעל. אָבער ער טהוט-אָב זיין אַרבייט בשלמות. נאָכדעם הויבט ער זיך אויף, אָטעמט זיך אָב, ציהט-פונאַנדער די וואָנ-סען, רייניגט-אָב מיט אַ בערשטעל די קליידער און בעת-מעשה זעהט ער אויס אַזוי ערנסט, פונקט ווי ער וואָלט געאַרבייט אויף אַ פּאָסטען. אַנ׳אָבגעקומענער און אַנ׳אויסגעלייטערטער, געהט ער אַריין מיט רבקה׳לען אין צווייטען צימער, דאָרט, וואו עס ווערט געהיים אויסגעאַרבייט די שטראָף פאַר די איבעריגע. אין פינף מינוט אַרום געהט ער אַרויס פון צימער און נאָך איהם געהט רבקה׳לע און דאָס מיידעל. די קניה, די הענד, דער בויך און די גאָמבע ציטערן איהם פון געלעכטער.

—ה... ה... ה... הער הערשקאָוויטש...—טרויסעלט איהם דאָס געלעכטער און לאָזט איהם נישט ריידען.—זענט אַזוי גוט, איהר וועט זיך איצט בעצאָהלען... איהר האָט אַ לייכטערע שטראָף פאַר מיר: איהר וועט בלויז אַ קוש טהאָן יענטלע׳ן...

יענטעל, דאָס שוואַרצע מיידעל מיט דער פויגעלשער נאָז,

הייבט זיך אויף און לאָזט זיך צראָב, ווערט רויט און בלאָס
און ווייס נישט, צי זי זאָל פּראָטעסטירען אָדער אדורכלאָזען
עס דורך דער האַנד.

—אָבער פאַרוואָס קומט מיר אַזאַ שטראָף? איהר בע-
שטראָפט דאָך גאָר איהם?—פרעגט זי ביי די לאַכענדיגע מיידלעך.

—ניש'קשה, ניש'קשה, יענטעלע, דיר וועט גאָרנישט אָב-
קומען,—וואַרפט איהר רבקה'לע צו איילענדיג.—אָט וועל איך
צופיהרען הערשקאָוויטש'ן.

באַנטשע הערשקאָוויטש, וואָס איז ענהליך צו פיר לאַנגע
שטעקענס, וועלכע האַלטען-אונטער אַ האָהריגע קיל, ווערט מיט
גרויס פאַראַד געפיהרט דורך רבקה'לען צו זיין שטראָף-פונקט.
דאָס שוואַרצע מיידעל מיט דער פיגעלשער נאָז איז נאָך אַלץ
אויפגערעגט און צוטראָגען. איצט דאַכט זיך, אַז זי איז אויפגע-
רעגט נישט פון שעמעריי, נאָר פון דעם, וואָס אַ בחור וועט זי
אַ קוש טהאָן דאָס ערשטע מאָל אין לעבען. אמת, באַנטשע
הערשקאָוויטש איז נישט אַזאַ פאַראַדנער בחור און דער קוש איז
אויך אַ געצוואונגענער, אָבער פונדעסטוועגען איז דאָס פאָרט אַ
בחור און פאָרט אַ קוש. און אַז רבקה'לע פיהרט-צו הערשקאָ-
וויטש'ן צו דעם מיידעל, ווערט זי גלייכצייטיג בלאָס און רויט און
בלוי, אָבער הערשקאָוויטש האַלט זיך זעהר ערנזיהרדיג און שאַרט
מיט די פיס, ווי אַ באַראָן.

—ע... ע... ע... צי ווייסען זי, פרייליין...—מורמעלט ער
און טרייסעלט מיט'ן קאָפּ און מיט'ן פענטעלע-שנירעלע, פונקט ווי
עמיץ וואָלט איהם געשנעלט אין דער נאָז.

—וואָס טויג אייך צו ריידען,—רופט זיך רבקה'לע אָן
מיט אַ דערשטיקטען געלעכטערל,—נעהמט און צוקושט זיך...

ביידע האָבען לאַנגע ביינינע נעזער, און עס איז זיך
שווער פאָרצושטעלען, ווי אַזוי ביידע זאָלען זיך צוקושען אין די
ליפּען, די ביינינע נעזער שטעהען, ווי שנאָבלען און לאָזען נישט.

רבקה'לעס חתן קלייבט דערווייל דעם צווייטען בחור מיט די
געלע וואָנסען, דער צווייטער בחור קיצעלט אין דער-שטיל אַ מיי-
דעל, דאָס מיידעל שלעפּט ביי דער האַנד אַ צווייט מיידעל, דאָס

צווייטע מיידעל לאָזט ווידער נישט אָב אַ דריט מיידעל, וואָס ליגט האַלב אויף דער פּאָדלאָגע מיט פער׳חלש׳טע אויגען פון לאַכען. נאָך דערדאָזיגער מיידעל שלעפּט זיך אַ פערטע, אַ פינפטע און אַ זעקסטע, און עס זעהט-אויס, ווי אַ געפלאָכטענער מיידעל־קראַנץ, וואָס איז משוגע פון לאַכען. באָנטשע הירשקאָוויטש האָט זיך נאָך אַלץ נישט דערוועגט אַ קוש צו טהאָן דאָס מיידעל, הגם זיין פּאָזע איז אַ העכסט דאָן־זשואַנישע. ביידע לאַנגנעזיגע, קוקען זיי אָן איינאַנדער, ווי צוויי אונבעקאַנטע מאַלפּעס אין אַנ׳איינגען שטייגעל. פון צייט-צו-צייט גיט ער אַ פערלעג די לאַנגע הענד אין די הויזענקעשענעס און ברומט-אַרויס מיט עפּיס אַ בעזונדער צופרידענקייט:

—ע... צי ווייסען זי, פרייליין...

רבקה׳לעס חתן, וואָס קאָן זיך, קענטיג, נישט דערוואַרטען, גיט אַ קלאַפּ איבער ביידענס פּאַטילניצעס און שטויסט-צוזאַמען ביידענס נעזער. ביי באָנטשע הירשקאָוויטש פאַלען־אַראָב די ברילען פון דער נאָז, ביי דער שוואַרצער מיידעל צופלאַקערן זיך די באַקען, פונקט ווי זי וואָלט געשטאַנען אין אַ פייער און ביידע צוקושען זיך קרום און משונה, פונקט ווי זיי וואָלטען געהאַט די מיילער אויף די באַקען. די גאַנצע שטוב ווערט אָנגעפילט מיט ווילדען הירזשענדיגען געלעכטער. דאָס איז דער סאַמע שטאַרקסטער פּאַנטען-נומער, און עס איז אַ זינד נישט צו לאַכען, נישט צו טופּען מיט די פיס און נישט צו פּאַטשען מיט די הענד. פון לאַכען פאַלען רבקה׳לעס שוועסטער איינע אויף די אַנדערע, פונקט ווי אומגעשטויסענע סלופּעס, אָהנמעכטיג און משוגע און פון די אויגען קאַפּען זיי גרויסע טרעהרען, ווי רעגענטראָפּענס. אין דער אָפענער טיר בעווייזט זיך ווידער דער פעטער מיט אַ פוילער טשאָלענט-מינע. ער וואַרפט-אַריין אַ פּאָר פוילע בליקען צווישען די הייסע מיידעל-קעפּ און גיט אַ דריק מיט די אַקסלען, ווי איינער זאָגט: צו וואָס אַזויפיל לאַכען?

אָבער רבקה׳לעס מאַמע האַלט זיך ביי די זייטען, בעוועגט זיך, ווי אַ שכור׳ע און שרייט פון וויטען צום מאַן:

—אוי, חיים, וואָלטסטו נאָר געזען, וואָס דאָ איז געווען...
וואָס דאָ איז געווען...

באָנטשע הירשקאָוויטש בלאָזט זיך אָב, אָטעמט זיך אָב, ווי נאָך אַ שווערער נסיעה. אויף זיין קליין פּנימ׳ל ליגט אויסגעגאָסען עפּיס אַנ׳ערנסטע צופרידענקייט, פּונקט ווי דער עולם וואָלט געלאַכט נישט דערפאַר, וואָס ער איז געווען זעהר לעכערליך, נאָר דערפאַר, וואָס ער האָט דעם עולם געוויזען זעהר אַ קלוגע און אַ שאַרפזיניגע זאַך. אַזוי זעהט-אויס אַ ווירטואָז נאָך אַ געלונגענעם קאָנצערט. אָבער דאָס שוואַרצע, געקושטע מיידעל ליגט ביי אַ געלער מיידעל אין די אָרעמס און בעהאַלט דאָס געזיכט. לויט איהר אויפרעגונג און שעמעריי האָט זיך געשפּירט, אַז זי וואָלט גאָרנישט געהאַט דאַגעגען, ער זאָל איהר שענקען נאָך אַ קוש, אָבער אונטער פיר אויגען. און אַ מאָדנע זאַך, וואָס מעהר זי האָט זיך געשעמט און געדרויטעלט, אַלץ מעהר און מעהר האָט זיך געשפּירט איהר נאָכגיביגקייט און איהר חשק צו אַ בחור.

—האָט גאָר חתונה!.. אויף מיין עהרנוואָרט, דאָס איז אַ גלייכער שדוך!..—גיט זיך רבקה׳לע אַ כאַפּ מיט אַמאָל, ווי אַ מענש, וואָס ווערט פּלוצלונג איבערראַשט פון אַ הויכען געדאַנק, פון אַ מערקווירדיגער דערפינדונג.

דאָס איז ניי שטאָף צום לאַכען און דער עולם שיסט ווידעראַמאָל אויס מיט אַ גרויס געלעכטער.

—נו...—ברומט באָנטשע הירשקאָוויטש אַרויס און נעהמט שאָקלען מיט אַ לאַנגען פוס-שטעקען, לאָזט-אַראָב די אונטערשטע ליפּ, פּעררירכט די פּענסנע אויף דער שאַרפער ביין-נאָז און פּערלעגט די הענד-שטעקענס אַהינטער.—נו...

דאָס שפּיל געהט אָבער ווייטער און מען לאָזט דאָך צורוה דאָט פּאָרל. רבקה׳לע לויפט ווייל־עווייז אַרויס אין צווייטען צימער און קומט באַלד צוריק מיט נייע איינפאַלען. איינער מוז קריכען אויף די הענד, אַ צווייטער מוז זיך מאַכען משוגע, אַ דריטער שפּרינגט פון טיש, אַ פערטער בעדאַרף פערבינדען די אויגען און בלאָנדזשען פון וואַנד צו וואַנד ביז ער וועט נישט אומפאַלען. אַ פינפטער בעט נדבות, משה׳לעס שטראָף איז גאָר אַ

לייכֿטע: אַריינטראָגען דער מוהמען אַ גלאָז טיי פֿון קיך. און דערין זעהט ער אויך די שולד פֿון זיינע יאָהרען: וואָלט ער עלטער געווען, וואָלט מען איהם זיכֿער געגעבען אַן׳אינטערע-סאַנטע און אַ האַרבע שטראָף.

ווי אַ בֿלויער פֿויגעל פֿאַלט-צו צו די פֿענצטער די בֿלויע זומערנאַכֿט, און אַז מען צינדט-אָן דעם לאָמפּ, דאַכֿט זיך, אַז דאָס פֿענסטער איז אַ בֿלויער פֿאָרהאַנג און דער דרויסען — אַ גרויס בֿלוי צימער, וואָס איז לייכֿט און שטיל בעלויכֿטען פֿון קליינינטשקע גאָלדענע לעמפּעלעך. דאָס איז יענע נאַכֿט-בֿלויקייט, וואָס ליבֿוערט דאָס האַרץ און די בֿלוטען און דער מענש שפּירט, אַז ער וואַקסט און אויף די פֿעלדער וואַקסט און טייכֿען געהען און ימים בעוועגען זיך אויפֿ׳ן געלעגער פֿון דער ערד און אַלע פֿעדים פֿון דער וועלט ליגען ביי אַ גוטען גאָט אין די הענד.

דאָס שפּיל איז שוין געענדיגט. פֿאַמעלעך רוקען זיך אַרויס די מיידלעך פֿון שטוב און פֿאַלען אייגציגווייז אַריין אין דער דרויסען-בֿלויקייט, טונקעלע, נעבעלהאַפֿטע, פֿערשטעלטע, פּונקט ווי מכֿשפֿות פֿון אַ כּשוף-הויז. דער פֿעטער איז שוין געקומען פֿון מעריב מיט אַ חומש-נגונ׳דל אונטער דער נאָז און די מוהמע פֿלעכֿט-איבֿער רבֿקה׳לעס צעפּ. דערביי שטעהט דער חתן, ציהט זיך די וואָנסען און צופּט ווייל׳עווייז דעם איינגען קראַגען פֿון דעם רויטען האַלז. אין זיינע גרויע אָנגעשטרענגטע אויגען שווימט-אום. עפּיס אַ מאַנסביל-סוד און רבֿקה׳לעס אויגען, וואָס זענען שוין איצט נישט בֿלוי, נאָר טונקעל, דריקען-אויס נאָכֿגי-ביגקייט, געהאָרזאַמקייט און אַ בענקשאַפֿט נאָך מאַנסבילשע אָרעמס. פֿון מינוט-צו-מינוט ווערט זי מעהר עהנליך צו אַ לאָנקע, וואָס לעכֿצט נאָך אַ רעגען. רבֿקה׳לעס מוטער פֿיהלט עס און איהרע בֿליקען צו דער טאָכטער זענען ריידענדיגע, אָפֿענע, קלוגע און רחמנות׳דיגע. און דערנאָך, אַז רבֿקה׳לעס האָהר זענען איבֿערגע-פֿלאָכֿטען און זי הויבֿט זיך אויף, קנעפּעלט-צו דאָס ווייסע בֿלו-זקעלע, גיט אַ קוש די מוטער, די שוועסטער און משה׳לען און געהט-אַרויס מיט׳ן חתן אין בֿלויען דרויסען, דאַכֿט זיך, אַז צווי-שען זיי געהט שוין אויך דאָס קינד, וואָס וועט ביי זיי אַמאָל

געבוירען ווערען. דורכ'ן פענסטער זעהט משה'לע, ווי די בלוי־
קייט נעהמט זיי אַרום, ווי אַ וואַסער און זיי געהען אַלץ ווײ־
טער און ווייטער, ווערען אַלץ קלענער און קלענער, ביז זיי
פערשווינדען פון די אויגען, פונקט ווי זיי וואָלטען צושמאָלצען
ווערען אין דער בלויקייט. אין שטוב ווערט עפּיס קאַלט און
שטיל און אומעטיג, ווי נאָך אַ שמחה, און משה'לען טהוט
עפּיס באַנג און ער ווייס נישט וואָס. די מוהמע, אַ מידע און
אַנ'איבערגעטהאָנענע, מאַכט שוין פייער אין קיך און אויפ'ן פּע־
טער ליגט שוין דער יוד, וואָס וועט מאָרגען אַרויס אין מאַרק.
די ווינקלען פון שטוב אָטעמען שוין מיט אינדערוואָכען, דעם
פעטערס מיידלעך געגעצען און קוקען מיט חשק צו די בעטלעך,
וואָס שטעהען ביי די וואַנד, פערלעגט מיט הויכע ווייסע קישענס.
מיד און מיידעלש-פויל ציהען זיי אַרויס די שפּילקעס פון די
האָהר, לעגען זיי אַריין אין מויל און מאַכען זיך אייבפּאַכע
נאַכט-פריזורען. אַנדערע זינגען צום הונדערטסטען מאָל די זיס־
קלעפּיגע מעלאָדיע פון אַנ'אַלטער אָפּערע, און דערפון ווילט זיך
עפּיס שלאָפען אין די קליידער, נישט-אויסגעטהאָנענערהייד.
— משה'לע,—רופט זיך אָן פויגעלע, דעם פעטערס טאָכטער,
וואָס אינ'ם שפּיל האָט זי געהייסען פלאָרענץ,—אויב דו ווילסט,
קאָנסטו נעכטיגען ביי אונז.
— ניין, איך וועל געהן צום פעטער...
— וועל איך דיך בעגלייטען.
משה'לע האָט איצט איין מניעה: אַרויסנאַרען זיך פונ'ם
עסען, וואָס די מוהמע שטעלט איהם אויפ'ן טיש. ווערט ער
רויט, לאָזט-אַראָב די אויגען, פערשעמט זיך, מורמעלט עפּיס אונ־
טער דער נאָז, און די מוהמע גיט איהם אַ קניפּ פאַר'ן בעקעל,
אַ גלעט פאַר די האָהר, אַ ציה פאַר דער גאָמבע און זאָגט:
— איך זעה דאָך שוין, אַז דו ווילסט בעסער געהן, טאָ
געה, משה'לע, געה.
אין דרויסען גיסט זיך די בלויקייט, ווי אַ שטילער טייך
און ציהט און רופט אין דער-הויך, אונטער די ווייכע הימלען,
וואָס זענען בעהאָנגען מיט גאָלדענע לעמפּעלעך. קיין לבנה איז

נישטאָ, גאָר אין דער טונקעל-בלויער לופט שימערט עפּיס אַ זילבערנע ווייסקייט, לייכטען זיך דורך ווייסע שטראַהלען, פּונקט ווי שניי דורך אַ געדיכטער בלויער וואָאַל. עס דאַכט זיך, אַז עמיץ האָט פערהאַנגען די זון פון דער וועלט מיט אַ בלויען פאָרהאַנג. דער מאַרק איז לעדיג און שטיל און וואו-נישט-וואו שאָטענט זיך אַ מענש, אָדער אַ סלופּ. דאָס גרויע קלויסטערל טוליעט זיך טונקעל אין דער בלויקייט, פּונקט ווי אַ שוואַרץ בערגעל און דער צלם ברענט אין דער-הויך, ווי אַ קליין, פייער-דיג מענשעלע מיט פונאַנדערגעשפּרייטע הענד. איבער דער קיה-לער ווייסקייט פון די שוהל-ווענד גיסט זיך די בלויקייט, ווי אַ צאַרט וואַסערל. אין אַזאַ נאַכט איז מאָדנע לייכט צו געהן און עס דאַכט זיך, אַז בלוי איז אין האַרץ און אין קאָפּ, אין די הענד און פיס. און בלויע קיילעכלעך טוקען זיך אין די שוואַרצ-אַפּלען פון די אויגען, פּונקט ווי אַ בלויע נשמה וואָלט אַרויס-געקוקט פון זיי.

—משה'לע,—רופט זיך אָן פויגעלע, וואָס האָט ליב צו לייע-נען רייזע-ראָמאַנען,—מען זאָגט, אַז אין איטאַליע איז גוט.. דאָרט זענען פאַרהאַן הויכע בערג און אַפּעלסינען וואַקסען דאָר-טען און ביינאַכט זענען די שטערען גרויסע און אַלטע פּאַלאַצען ליגען צווישען פּאַלמענבוימער... זאָג, דו וואָלטסט געפאָהרען קיין איטאַליע?..

משה'לע קוקט זי אָן: פויגעלע איז בלוי ווי די נאַכט, און עס דאַכט זיך, אַז ביי איהר אין האַרצען ברענען איך אַזוינע לעמפּעלעך, ווי אויפ'ן הימעל. אין די אויגען טוקען זיך איהר בלויע פינטעלעך, ווי ווייטע שטערענדלעך אויף ווייטע סודות'-פולע הימלען. פויגעלע איז ענליך צו רבקה'לען, אָבער זי איז קלענער און דינער און שטענדיג טראַכט זי פון ווייטע פרעמדע מדינות. דאָס הויכע מאָגערע מיידעל, וואָס גיט ביכער אין בי-בליאָטעק, האָט איהר איינמאָל געזאָגט, אַז מעהר איז נישטאָ קיין רייזע-ראָמאַנען, איז פויגעלע אַוועק אַהיים און איז קראַנק גע-וואָרען. געקומען צו די כחות איז זי ערשט דעמאָלט, ווען מען האָט איהר געבראַכט אַנ'אַלט רוסיש בוך יועגען טיבעט. משה'-

לען דאַכט זיך, אַז מיט איהם געזוט אַ קליין ווענען אָהן בלוט, מיט אַראָבגעלאָזטע פליגלען אויפ׳ן רוקען, אָבער עס ווייזט איהם אויס, אַז ער האָט אויך פליגלען, בלויע פליגלען, און אויב ער וויל, קאָן ער זיך אויפהויבען פון דער ערד. אַלץ איז איצט בלוי בעפליגעלט און לייכט און אַלץ וויל זיך אויפהויבען פון דער ערד.

און פויגעלע זאָגט ווייטער:

—אין די אַלטע פּאַלאַצען וואוינען מאַרקיזען, וואָס טראָגען לאַנגע זאָקען און קורצע פעלערינקעס... משה׳לע, דו האָסט ווען געזעהן אַ מאַרקיז?

סיי דער טאָן און סיי די ווערטער ווערען מאָדנע קינדיש ביי פויגעלע׳ן און אַליין ווערט זי קליין און קלענער, ווי אַ צעהניעהריג מיידעלע. איהר שמייכעל, איהר בלאָנדער קאָפּ, וואָס איז אָנגעפילט מיט בלויער נאַכט און איהר דין טונקעל טיכעל אויף די אַקסלען מיט די בלאַסע פינגער, וואָס קוקען-אַרויס פון דעמדאָזיגען טיכעל—דאָס אַלץ איז אָנגעזאַפּט מיט קינד, מיט אונשולדיגקייט און אָפּענהערציגקייט, און משה׳לע דערמאָהנט זיך איצט, אַז די מוהמע שיקט זי קיינמאָל נישט אויפמאָהנען אַ חוב אָדער קויפען עפּיס אין געוועלב, ווייל זי קאָן קיין געלד נישט צעהלען.

—איך וויל מיט קיינעם נישט חתונה-האָבען,—רופט זי זיך אָן פערטרויליך און שטיל, ווי אַ קינד, בשעת עס רעדט אַ סוד מיט אַ צווייטען קינד,—אָבער מיט אַ מאַרקיז—יאָ... אַ מאַרקיז איז זעהר אַ שענער מענש...

—אָבער אַ מאַרקיז איז דאָך אַ גוי,—זאָגט משה׳לע שטיל, נאָר מיט אַנ׳אונצופרידענעם קול.

—יאָ, אַ מאַרקיז איז אַ גוי...—זיפצט פויגעלע אָב אונבעהאָלפען און אָבהענגדיג, ווי אַ פערבלאָנדזשעט קינד—אַ מאַרקיז איז אַ גוי.

אַ פערשלאָפענער פרוכטגאָרטען מיט קליינע עפּעלבוימער שווימט פלוצלונג אַרויס פון אַ רוג געסעל און קנוילט זיך פאַנטאַסטיש אין דער נאַכט-בלויקייט. עס דאַכט זיך, אַז דאָס שטעהען אַלטע מכשפים מיט צוצויגענע הענד און צושויבערטע האָהר אויף גרויסע קעפּ מיט דינע העלזער און טרייבען פאַמעלעך און

שטיל זייער כשוף. אָבער די נישט-צייטיגע עפּעל צושפּרייטען אַרום זיך אַ שטאַרקען ריח, עהנליך צו בראָנפּען, און אַז מען געהט-צו נעהנטער, דאַכט זיך, אַז פון הימעל שיטען זיך, שיטען זיך שוואַרצע בלעטער, וואָס בלייבען הענגען אויף די בוימער. אַרום פּרוכטגאָרטען ציהט זיך אַ נידעריג שיטער פּאַרקאַנדעל און דערביי שטעהט אַ לאַנגע הילצערנע באַנק.

—זעץ זיך, משה׳לע,—ציהט פויגעלע אַרויס פון אונטער׳ן טיכעל אַ בלאַסע האַנד מיט אַ בלויען אָבגלאַנץ און ווייזט-אָן אויף דער באַנק,—דו ווייסט, אין פלאָרענץ זענען אַלעמאָל בלויע נעכט...

פון אויבען גיסט זיך דער שטאַרקער בראָנפּען-ריח פון נישט-צייטיגע עפּעל, פון הימעל קוקען קליינע יום-טוב׳דיגע לאָמ-פּען-קרענצעלעך, לאָמפּען-רעדעלעך און לאָמפּען-פּאַסיקלעך, די ערד זינקט אין דער נאַכט-בלויקייט, ווי אַ כלה אין בלויע בעג-דער און שפּיצען און פויגעלע וואָרקעט פון דער זייט פּאַמעלעך און שטיל:

—פלאָרענץ, משה׳לע, פלאָרענץ...—איך האָב געלייענט אַ בוך מיט אַ ריטער, וואָס האָט געוואוינט אין פלאָרענץ. ער האָט געהאַט שוואַרצע אויגען, ווי דער דנאָ אין אַ תהום און זיין גע-ליבטע האָט געטראָגען אַן׳אינדיאַנישען נאָמען—לאַ-לאָלאַ... און לאַ-לאָלאַ פלעגט איהם קושען מיט דעם קלאַנג פון אַ שפּילענדי-גען קוואַל און פלעגט אָב׳חלש׳ען אין זיינע שטאַרקע אָרעמס... דער ריטער פלעגט זי רופען אין די בערג און דאָרט פלעגט ער אָבשטעלען בלוטדורשטיגע חיות און עופות מיט דער קראַפט פון די אויגען... אין אָוועגד פלעגט לאַ-לאָלאַ שפּילען אויף אַ לאַנגען פליים און פלעגט וואַרפען שטומע בליקען צום בערגעל, קעגען פענסטער. אויפ׳ן בערגעל, צווישען הויכע פערבענקטע קיפּאַריסען, איז געשטאַנען אַ בלאַס פּאַלאַצל מיט אַ ליכטיגען פענסטערל, און אין פּאַלאַצל האָט געוואוינט אַן׳אונבעקאַנטער יעגער מיט רויטע האָהר פון אַ פוקס... אינדערפריה פלעגט לאַ-לאָלאַ פלעכטען ביים פענסטער אַ קליין קערבעלע פון לאַנגע געטריקענטע גראָזען און דער יעגער פלעגט שנעל אַדורכגעהן מיט אַ ביקס אויפ׳ן פּלייצע

און מיט לייכטען טריט פון אַ הירש... פלעגט לאַ-לאָלאַ זיך אָנ-
צינדען, ווי אַ רויטע מאָהן-בלום און דאָס קערבעלע פלעגט איהר
אַרויספאַלען פון די הענד. ווייסט, וואָס דער ריטער האָט גע-
טהאָן? ער האָט דערשטאָכען לאַ-לאָלאַ'ן און זי האָט געקושט
דאָס הייסע בלוט אויפ'ן קאַלטען חלף...

די נאַכט וועקט אַזוי דעם שכל און דאָס האַרץ, אַז משה'לע
פערשטעהט דעם ריטערס טאַט. ער פערשטעהט, פאַרוואָס דער
ריטער האָט דערשטאָכען לאַ-לאָלאַ'ן. לאַ-לאָלאַ האָט פערראַטען
דעם ריטער. דער יעגער מיט די רויטע האָהר פון אַ פוקס האָט
זי געצויגען. דער יעגער איז איהר מעהר געפעלען, ווי דער
ריטער. אמת, הרג'ענען טאָר מען נישט, דאָס איז די גרעסטע
עבירה, פונדעסטוועגען פערשטעהט עפּיס משה'לע דעם ריטער און
איהם דאַכט זיך, אַז דאָס איז געשעהן אין אַזאַ נאַכט. פויגעלע
שמייכעלט אין דער בלויקייט, ווי אַ קינדיש פּנים'ל אויף אַ בילד
מיט אַ בלויען פאָן, און קליין איז זי, אַז משה'לע שפּירט נישט
דעם אונטערשייד פון זייערע יאָהרען. מען קאָן זי אָננעהמען ביי
דער האַנד אַזוי ווי שיינדעלע'ן, מען קאָן אָנשפּאַרען דעם קאָפּ
ביי איהר אויפ'ן אַקסעל און צומאַכען די אויגען. און אַז משה'-
לע טהוט אַזוי, דערשפּירט ער איהר וואַרימען לייב-ריח, וואָס איז
איהם אַזוי בעקאַנט: דאָס איז דער בעזונדערער אָנגענעהמער
לייב-ריח פון דער גאַנצער משפּחה.

משה'לע האַלט דעם קאָפּ ביי איהר אויפ'ן אַקסעל און
מאַכט-צו די אויגען און עפענט זיי אויף. מאַכט ער צו די אוי-
גען, פאַלט ער באַלד אַריין אין אַ געדיכטער שוואַרצקייט מיט
רויטע רעדעלען, עפענט ער זיי אויף, פליסט די בלויקייט אין
די אויגען אַריין און פילט-אָן די בלוטען מיט אונפערשטענדליכען
תענוג. ביידע זאַכען זענען גוט—אַי צומאַכען די אויגען, אַי
האַלטען זיי אָפען. אָבער וואָס איז שלעכט אין אַזאַ נאַכט? אין
אַזאַ נאַכט איז גוט צו זיין דער גליקליכסטער און עס איז גוט
צו זיין דער עלענדסטער, דער אומגליקליכסטער. די גאָלדענע
הימעל-לעמפּעלעך, די בלויע לופט און די ווייכע שאָטענס אויף
דער ערד היילען-אויס דאָס גרעסטע אומגליק און ווישען-אַראָפּ

דעם גרעסטען צער. און ביידע גלייכען זיך אויס ביז טאָג—דער גליקליכער מיט'ן אומגליקליכען.

—פויגעלע,—זאָגט משה'לע מיט יענעם פערענדערטען און רייפען שכל, וואָס קומט אונטער דער ווירקונג פון דער בלויער נאַכט,—איך האָב דיך ליב, פויגעלע... דו ביזט אַזאַ גוטע...

און ער הערט אַ שטילען ענטפער:

—האָב מיך ליב, משה'לע... איך שטער דיר נישט. האָב מיך ליב... טיילמאָל איז מיר אַזוי אומעטיג... וואָלטסט היטען, ווי מיר איז אומעטיג...

און זי טוליעט-צו איהר בלאָנדען קאָפּ, וואָס שמעקט מיט בלויער נאַכט, צו משה'לעס בעקעל און נעהמט איהם אַרום און בעדעקט איהם מיט איהר לייכט שוואַרץ טיכעל, און משה'לע פיהלט אַ בעזונדער וואַרימקייט, וואָס פליסט פון איהר ווייכער ברוסט צו איהם אין די בלוטען אַריין און ער קוקט אויף דעם שטיק בלוי זיידענס, וואָס ציהט זיך פון איין האָריזאָנט צו דעם צווייטען, בעהאָנגען מיט גאָלדענע לעמפּעלעך, און אויף דער בלויער נאַכט, וואָס איז ל ע ב ע ד י ג אין איהר שטילקייט און איהרע סודות, און אויף די צעהנדליג קליינע הייזלעך, וואָס שטעהען מיט טונקעלע ווענד און ליכטיגע דעכלעך אין ווייכע שאָטענס, פּונקט ווי ריזיגע שוואָמען, וואָס וואַקסען אין אַנ'איינ-גער משפּוחה, און אויף די איינצעלנע, ווייט-פּינטעלדיגע מענשען, וואָס זעהען-אויס ווי כשוף-מאַכער אויף אַ פער'כשופ'טער אינזעל, וואָס זוכען סודות אַרום זיך און ער הערט זיך צו צו די שטילע קלאַנגען, וואָס ווערען פּלוצלונג געבוירען און צורונען, ווי וואַ-סערלעך: עפּיס אַ וויין, אַ טיאָכקע, אַ ציטער, אַ קרעכץ אָדער אַ זונג און פעזינקען באַלד אין די בלויע נאַכט-אָרעמס, און צו די הייסע אָבגעהאַקטע טרעלען פון אַ פערליבטען פויגעל, וואָס זוכט ערגעץ אויף אַ בוים זיין געליבטע, און משה'לען דאַכט זיך, אַז ער און פויגעלע זענען ביידע אין אָט דער נאַכט פערזייהט גע-וואָרען, ווי אַ קערענדל, און אין אָט דער נאַכט זענען ביידע אויסגעוואַקסען און אין אָט דער נאַכט בליהען ביידע און אַז דער תכלית, דער זין פון זיין לעבען איז צו זיצען דאָ, אויף

דער באַנק, מיט פויגעלע'ן, זיצען אַזוי לאַנג, ווי די נאַכט ווערט האַלטען און דערנאָך, ביי דעם ערשטען שיין פון טאָג, פערוועל-קען ביידע, ווי אַ צאַרט פריהלינגסבלימעל.

און פויגעלע רופט זיך אָן, מיט אַזאַ נאָהנטען קול, פונקט ווי זי וואָלט דורך איהם, דורך זיינע ליפען אַרויסגעזאָגט:

—אַכט מייל פון פלאָרענץ שטעהט אַ שטיין ביי אַ וועג, דער וועג איז אַ ברייטער און דער שטיין איז אַ גרויסער, און ווער עס געהט פאַרביי, קריצט-אויס זיין נאָמען אויף איהם. משה'לע, ווילען מיר אַמאָל אויסקריצען אונזער נאָמען אויף איהם ?..

אָבער משה'לע קאָן נישט טראַכטען וועגען דעם, וואָס אַמאָל וועט זיין. דער גאַנצער משה'לע איז אַ שטיק איצט, אַ שטיק בלויע מינוט פון דער בלויער נאַכט, אָהן אַנ'עבר און אָהן אַ צוקונפט, ערשט אויסגעוואַקסען דאָ אויף דער באַנק און ער רופט זיך אָן אויך מיט אַזאַ נאָהנטען קול, ווי זי, פונקט ווי ער וואָלט דורך איהר, דורך איהרע ליפען אַרויסגעזאָגט:

—פויגעלע, זיץ אַזוי ווי דו זיצסט... פאַרוואָס טראַכסטו פון אַזאַ ווייטער שטאָדט, פון פלאָרענץ...

און פויגעלע זאָגט:

—עס טראַכט זיך מיר אַליין...

—און איך טראַכט גאָרנישט, גאָרנישט...—טוליעט זיך משה'לע צו איהר און פערמאַכט די אויגען.

אָבער באַלד עפענט ער זיי צוריק און זויגט די בלויקייט, דעם הימעל, די גאָלדענע לעמפעלעך און די ווייכע שאָטענס. ער זויגט און זויגט און קאָן נישט זאַט ווערען, ווי אַ קליין פי-שעלע אין אַ גרויסען ים.

פויגעלעס פינגער זוכען איהם ביי דער ברוסט און ציהען איהם צו זיך, און איהם דאַכט זיך, אַז ער איז אינגאַנצען אַריין אין איהר, ווי אין אַ וואַרימען בלויען געצעלט און בלויז מיט די אויגען איז ער פריי און קאָן קוקען, וואו ער וויל.

—פערבלייב גאָר ביי אונז. פאָהר נישט אַוועק... דו לערנסט דאָך, וועסטו לערנען ביי אונז. איז דען נישט אַלצאיינס...

ווּיסען, ווי מיר איז טײלמאָל אַזוי אומעטיג... אַזוי אומעטיג...

—פויגעלע, יענץ שטערענדעל רעדט צו מיר עפּיס...

—אַוועקפאָהרען... ווייט, ווייט...

—דאָ איז אַזוי גוט צו זיצען...

די בלויע נאַכט גיסט זיך איבער אין בלויערע כוואַליעס, זי טהוט זיך אָן אין נאָך בלויערע קליידער, וואָס שאָרכען אַ ווײלע, ווי זייד און בלייבט שטעהן אין אַ פערגליווערטער שטיל־קייט. רעכטס און לינקס, איבער די דעכער, ווענד און געסלעך רוקען זיך איבער די שאָטענס, פונקט ווי אַ געהיימע פער׳כּשופ׳־טע האַנד וואָלט זיי בעוועגט און אין די שטומע פענסטער גיט וואו־נישט־וואו אַ טאַנץ אַ געל פייערל און אַנטלויפט. עס ווערט שפּעט און אין משה׳לען און פויגעלען דערוועקט זיך עפּיס אַ וואָכענדיגע זאָרג. ביידע הויבען זיך אויף, טײלען זיך פונאַנדער אויף צוויי מענשען און נעהמען געהן מיט נישט־געוועהנטע שריט, פונקט ווי זיי וואָלטען שוין לאַנג נישט געווען אויף דער ערד. דער קיהלער בראָנפען־ריח פון די יונגע עפּעל בעגלייט זיי אַ שטיק וועג.

פון ווייטען, אין אַ געסעל, נעבען מאַרק, בעמערקט משה׳־לע צוויי שאָטענס און באַלד דערויף וויקלען זיך אויס פון די שאָטענס צוויי יונגע פיגורען—טעמעלע מיט מאַקאַר זינאָוויעוו׳ן. אין דער בלויער לופט, אונטער די גאָלדענע לעמפּעלעך פון הי־מעל, בעוועגט זיך איהר פיגורל, ווי אַנ׳אויסגעשניצטס, פונקט ווי זי וואָלט נאָר־וואָס אַרויסגעפאַלען פון אַ פאָרם, און גראַציעז בע־וועגען זיך די פיסלעך אונטער׳ן קליידעל, פונקט ווי זי וואָלט געטאַנצט א שטילען פערטראַכטען טאַנץ. מאַקאַר געהט שווער און אָבגעזונדערט, מיט אַנ׳אַראָבגעלאָזטען בייזען קאָפּ, מיט די פויסטען צו דער ברוסט, ווי אַ מענש, וואָס געהט זיך שלאָגען מיט עמי־צען. משה׳לע קוקט פון ווייטען אויף טעמעלע׳ן, וואָס דער בלויער הימעל פון לאַנגען געסעל ליגט איהר אַזוי ווי אויפ׳ן רוקען, און אַנ׳אַלטער וועהטאָג דרעהט זיך איהם איבער אין האַרצען. פון וואַנען געהט דאָס פּאָרל? וואו זענען זיי געווען?

און משה׳לען דאַכט זיך, אַז מאַקאַר׳ן האָט געמוזט זיין זעהר גוט

נעבען טעמעלע׳ן. וואָרום נאָר נעבען טעמעלע׳ן קאָן זיין גוט. אפילו די ליידען, וואָס זי גיט, זענען זיס. עס וואַקסט די נשמה פון דידאָזיגע ליידען, זי נעהרט זיך מיט זיי, ווי מיט פריהלינגזאַפטען און מען ווערט עפּיס זיס אָבגעזונדערט פון אַלץ און אַלעם און מען לעבט אַנ׳אייגען לעבען, אַליין, מיט די אייגענע געדאַנקען און שפּירונגען. און משה׳לע קוקט אויף טעמעלע׳ן, וואָס געהט אַזוי ווי טאַנצענדיג איהר פערטראַכטען טאַנץ אין דער בלויער לופט, און ווידעראַמאָל ווילט זיך איהם צוריהרען צו איהר קלייד, צו איהרע פיס, צו איהר האַלז. אָבער פויגעלע רופט זיך פּלוצלונג אָן מיט איהר שטילען קינדערשען קול און משה׳לע קומט באַלד צו זיך. איצט ווערט איהם קלאָר מיט אַמאָל, אַז פון טעמעלע׳ן איז ער דאָך נישט בעפרייט. ערגעץ פרעגט אין איהם אַ הייס טראָפּעלע בלוט, צי וואָלט ער בייטען פויגעלע׳ן אויף טעמעלע׳ן, און ער בעשליסט, אַז יאָ. אמת, פויגעלע איז אויך אַ ליב מיידעלע, אָבער טעמעלע קאָן פאַנגען, טעמעלע האָט כשוף און ווירקט מיט אונפערשטענדליכע כוחות. ווען אויף דער וועלט וואָלטען נישט געווען אַזעלכע שווערע געזעצען און כללים, ווי אַזוי אַ מענש בעדאַרף זיך אויפפיהרען און לעבען און ווען עס וואָלט אויך נישט געווען קיין גיהנם מיט קיין גן-עדן, וואו מען ווערט האַרב בעשטראָפט אָדער זיס בעלוינט, וואָלט מען זיך געקאָנט בעהעפטען אינגאַנצען מיט טעמעלע׳ן, זיין נעבען איהר טעג און נעכט אָהן אַ תכלית און אָהן אַ חשבון און זיך שטענדיג טרינקען אין זיסע שוואַרצע זינד. אָבער אָט דער געדאַנק, וואָס לאָזט זיך מחיה׳דיג צוצווייגען און פערטיפען, איז שוין אַ זינד, און משה׳לע רייסט זיך איבער, קעהרט-אָב די אויגען צו פויגעלען און רופט זיך אָן:

—פויגעלע, דאָס געהט טעמעלע...

פויגעלע הויבט-אויף די אויגען מיט אַ שאָטען פון אַנ׳אינערליכער מחשבה און שאָקעלט-צו מיט׳ן קאָפּ:

—יאָ, זי געהט.

—פויגעלע האָט טעמעלע׳ן נישט ליב...

—נישט ליב...

—און וועמען האָט פויגעלע יאָ ליב ?

—איך ווייס נישט... דאָ אין שטעדטעל קיינעם נישט...

—און מיך אויך נישט ?...—פאַלט משה׳לען אַראָב פון דער צונג אַ פראַגע גאָר אָהן זיין ווילען.

אָבער פויגעלע הערט נישט און ענטפערט נישט. טעמע־לע און מאַקער ווערען ווידער צוויי גנב׳ישע שאָטענס, וואָס צושפּרייטען זיך באַלד אין פערשידענע ריכטונגען, און ווערען אַנטרונען פון די אויגען. אין דעם פעטערס שטוב שווימט בלוצלונג אַרויס אַ ציטריג פייערל אין איין פענסטער. דער גאַנצער מאַרק ליגט אונטער אַ הימעל מיט שטערען, ווי אַ קיילעכיגער טיש אונטער אַ גאָלד־געוועבטען פרוכת און אין לופ־טען, דאַכט זיך, שווימען־אום טויזענדער זונען, פערהילט אין בלויע שלייערס. אַרום און אַרום איז בלאָס און בלוי.

—אַ גוטע נאַכט,—זאָגט משה׳לע און נעהמט־אָן פויגעלעס האַנד.

אָבער פויגעלעס האַנד איז אַ קאַלטע און פון דעמדאָזיגער האַנד־בעריהרונג שוידערט איהם אָב אין די האָהר־וואָרצלען און אין רוקען, פונקט ווי עמיץ וואָלט איהם אָבגעשפּריצט מיט קאַל־טען דינע טראָפּעלעך וואַסער, און ער לאָזט־אַריין זיינע אויגען אין איהרע, ווי מען לאָזט־אַריין איין פייערל אין אַ צווייטען, און ער זוכט אין זיי עפּיס אַן ענטפער און אַ בערוהיגונג פאַר אַן אומבעקאַנטער אונרוהיגקייט, וואָס בעוועגט זיך איהם ערגעץ טיף אין דער נשמה. מען בעדאַרף שוין אַוועקגעהן און ער געהט נישט אַוועק. מען בעדאַרף אַרויסנעהמען די האַנד פון איהרער און ער נעהמט נישט אַרויס. ביסלעכווייז ווערען וואַ־רימער איהרע פינגער און הייסער דער אָטעם און גרעסער די אויגען, און נעהנטער און קלענער ווערט זי, און עפּיס אַ רחמנות בעפאַלט איהם צו איהר, אַ רחמנות נישט פון אַ יונגעל, נאָר פון אַ בחור׳ל, וואָס דערשפּירט פריהצייטיג זיין מענליכקייט. און דאָס רחמנות־געפיהל שטייגט־איבער דאָס שטאַרקע, אָבער מיט זיסע אָנגעזאַפּטע געפיהל צו טעמעלע׳ן און זיינע פינגער דריי־קען אומבאַוואוסטזיניג פויגעלעס פינגער און זיינע אויגען שטעהען

אין פויגעלעס אויגען, אָבער זיכֿערער, דרייסטער און מענליי־
כֿער, ווי פריהער.

—פויגעלע,—שעפּטשעט ער,—איך געה שוין אַוועק...

און די ווערטער קלינגען, ווי אַ פראַגע.

פויגעלע לאָזט-אַראָב דעם קאָפּ, און אויף די בלאָנדע האָר
גיסט זיך איבער די גאַכֿט-בלויקייט, ווי אַ בלוי וואַסערל אויף
גאָלד און דאָס פּנים שאָטענט זיך איהר, פּונקט ווי זי וואָלט
אַרויפגעצויגען אויף איהם אַ דינעם דורכֿזיכֿטיגען שלייער. זי
שטעהט געבויגען און אונבעוועגט, און איצט איז דאָס יונגעל
העכֿער פאַר איהר. און דאָס מאַכֿט איהם ווידעראַמאָל מענליי־
כֿער און זיכֿערער. אַ ווײַלע זוכֿט משה׳לע וואָס צו זאָגען איהר,
ווייל איצט שעמט ער זיך נישט און פיהלט, אַז ער וואָלט
איהר אַלץ געקאָנט זאָגען, אָבער דאָס, וואָס ער שפּירט און
בעזונדערס יענע אונרוהיגקייט, וואָס בעוועגט זיך איהם טיף אין
דער נשמה, לאָזט זיך נישט איבערגעבען אין ווערטער. מען
בעדאַרף עפּיס בלינד טהאָן, אָבער נישט ריידען. משה׳לע ציהט־
אַרויס זיין האַנד און פויגעלע הויבט-אויף דעם קאָפּ. די שאָ־
טענס אַנטלויפען פון פּנים, אָבער די אויגען קוקען איהר זיס־
מיד און רופען צו זיך.

—וויל פויגעלע געהן שלאָפען?—פרעגט משה׳לע.

—ניין... אָבער איך וועל געהן...—הערט זיך איהר ענט־
פער, ווי עס הערט זיך דאָס קלאַפּען פון איהר האַרץ.—זעהסט,
אַ לעדיגער מאַרק... נאָר שאָטענס בלאָנזשען דאָ אַרום... אַלץ
איז אַזוי ווי אויסגעשטאָרבען... פאַרהאַן לענדער אַזוינע... גאַנצע
לענדער... דו האָסט נישט געלייענט?

און פּלוצלונג ווערט זי הויך און ברייט, ווי אַ בוים, איה־
רע הענד ציהען זיך פונאַנדער פון אונטער׳ן טיכֿעל, ווי צוויי
בלאַסע פליגלען און משה׳לע דערשפּירט אויף זיינע ליפּען צוויי
קאַלטע ליפּען, וואָס ווערען וואַרימער און וואַרימער און אי־
בער זיי—אַ פּאָר צוגעמאַכֿטע אויגען מיט אַ שאָטען אונטער די
ברעמען. אָבער אין דער אייגענער רגע, בשעת איהרע דער־
וואַרימטע ליפּען ליגען צוגעפּרעסט צו זיינע, דערמאָהנט זיך

משה׳לע אין טעמפּעלע׳ן, און עס ווערט איהם עפּיס ניכטער און
קאַלט אויפ׳ן האַרצען. איצט איז זיין אייציגער בעגעהר, אַז
דער קוש זאָל זיין וואָס ניכער ענדיגען. און אַז פויגעלע נעהמט־
אַוועק איהרע ליפּען, עפענט די אויגען און ווערט צוריק קליין
און מילד און שטיל, ווי אַ קינד, שפּירט זיך משה׳לע אַזוי,
פּונקט ווי אַ שטראַהלענדיגער חלום וואָלט פּלוצלונג צעריסען גע־
וואָרען. אַלץ, וואָס האָט זיך אין איהם פריהער אויפגעוואוסטזי־
גיג געוועבט, האָט געפּלאַצט, ווי אַ זייפענבלאָז, און עפּיס אַב־
איבעריגע לאַסט איז אַראָבגעפאַלען פון דער נשמה. און ווי אַ
מענש, וואָס בלאָנדזשעט לאַנג צווישען שוואַרצע קוסטעס אין אַ
לבנה־נאַכט און געפינט נאָכדעם דעם וועג, מאַכט משה׳לע אַ
פּאָר לייכטע טריט אַהין־און־צוריק, צעשמייכעלט זיך פּלוצלונג
ווייך און מחילה׳דיג און נעהמט־אָן פעסט איהר האַנד.

— אַ גוטע נאַכט, פויגעלע, — זאָגט ער קלאָר און הויך מיט
אַ טאָן פון אַ טרייען שוועסטערקינד, — מיט דיר איז אַזוי גוט צו
שפּאַצירען...

זיין קלאָרער קול וועקט אין איהם עפּיס אַ גוטע ניכטער־
קייט, אָבער פויגעלע שטעהט אַנ׳איינגעשרומפּענע און אַ טונ־
קעלע, מיט איבערגעשלאָגענע געדאַנקען און שפּרונגען. זי
שטעהט, ווי אַ צוגעשמידטע צו דער ערד, ווי אַ טלופּ מיט אַנ׳־
אויסגעלאָשענער לאַמטערנע. נאָר משה׳לע קוקט שוין נישט אויף
איהר. לייכט און פלינק דרעהט ער זיך אויס און לאָזט זיך
אַוועק איבער׳ן מאַרק אַהיים. ער געהט מיט זיין שאָטען טריט
אין טריט און איבער איהם פאָכט די זומערנאַכט מיט בלויע
פליגלען, פּונקט ווי מיליאָנען זונען, פערהילט אין בלויע שליי־
ערס, וואָלטען אומגעשוואומען אין דער לופט. און אויבען לייכ־
טען די גאָלדענע לעמפּעלעך העכער און נידעריגער, פּונקט ווי
זיי וואָלטען געיאָגט איינאַנדער און די נידעריגע פאַלען צו
דער ערד.

אין משה׳לען צעוואַקסט זיך דאָס האַרץ, פּונקט ווי עס
וואָלט געקומען אין בעריהרונג מיט גאָט, מיט׳ן הימעל און מיט
אַלע עקען פון דער וועלט. און קליין זעהט איהם אויס די וועלט,

ווי אַ בלוי שטערנדל, וואָס איז אַראָבגעפאַלען פון הימעל, און עס דאַכט זיך איהם, אַז נאָר ער איינער לעבט אויף איהר, צו ער איז איהר מושל און אַז זיי זענען איינאַנדער געגעבען געוואָרען אויף אייביג. און נאָך דעם טאָג מיט די פאַנטען און נאָכ'ן שפּאַציר מיט פויגעלע'ן און נאָכ'ן זיס-פיינליכען וועה איבער טעמעלע'ן געהט ער איצט, אַנ'אויסגעלייטערטער און אַנ'-אויסגעוואַשענער מיט דער וואַרימער בלויקייט פון דער נאַכט און דאָס ליכט פון די טויזענדער שטערען פליסט איהם זינגענדיג אין אויג אַריין און דער בלויער הימעל הענגט איבער איהם אַזוי ווי אַנ'אָפּענער און מען קאָן דייטליך זעהן אויף איהם די וועגען, וואָס פיהרען צו גאָט, צו אַברהם אבינו און צו דער גאַנצער הימעל-ממשלה, און די נאַכט שטראַהלט איהם פון דערווייטענס, ווי הענגענדיגע בלויע שפּיגלען.

און משה'לע שטעלט זיך צו, לעגט-אַוועק די רעכטע האַנד אויפ'ן הערצעל, הויבט-אויף די אויגען צו די אָפּענע הימלען און שעפּטשעט שטיל אַרויס:

—רבונו-של-עולם! איך האָב דיך ליב, ווי דאָס טרוקענע גראָז האָט ליב דעם רעגען... זאָבער אויב דו ווילסט, קאָן איך שוין שטאַרבען...

נאָך דידאָזיגע ווערטער געהט ער מונטערער און גליקליכער, ווי עס קאָן געהן אַ בעל-הבית פון דער קליינינקער גוטער ערד.

נישט ווייט פון דער באָבעס הויז, הינטער אַ קליין געסעל וואַקסט פלוצלונג אויס אַ שוואַרצער מענש מיט קודלאַטע האָר און מיט אַ קאַלעקאָסקע אין האַנד. דערדאָזיגער מענש קלאַפּט-אָן דראָבנע און טרוקען אין דער קאַלעקאָטקע, פערוואַרפט דעם קודלאַטען קאָפּ צום הימעל און שרייט-אויס לאַנג, משונה און צוציגען:

—שלו-ש-אַ-אַ-אַי!..



# צוריק אַהיים.

## דרייצעהנטע קאַפּיטעל.

—הילצענער קאָפּ! אין ד׳ערד אַריין! דערשטיקט זאָלסטו ווערען! נאָר צרות האָב איך פון דיר! פּלאָקען, בלינד זאָלסטו ווערען!

—ווער אַליין דערשטיקט און דערוואָרגען! וואָס שרייסטו אַזוי, קאַטאָרזשניק! אַ רוח אין דיין טאַטענס טאַטען אַריין!

—...מאַט! רייד נאָך אַ ביסעל. איך עפּען דיר דעם שאַרבען! איז מיין נאָמען נישט קושע!

קושע שטעהט אין דער נאַכט אַריין אויף אַ הויך פער־לעגטען לאַנגען וואָגען. די פיס זענען איהם ברייט פונאַנדער־געשטע׳ט, אין די הענד צאַפּעלט זיך די בייטש, ווי אַ דינע שלאַנג, וואָס וויל עמיצען איינבייסען און דער קאָפּ בעוועגט זיך איהם אונרוהיג אויף די ברייטע אַקסלען, ווי אַ קאָפּ פון אַ בלוטדורשטיגער חיה.

קושע קריגט זיך מיט די בעל־עגלות און עס האַלט ביי אַ געשלעג. ווי אַ הונד פון אַ קייט, רייסט זיך קושע אַראָב פון וואָגען, און אין דער שטומער שוואַרצער נאַכט דערנעהנטערן

זיך צוויי פיינדליכע צדדים, פול רשעות און רציחה. באַלד
דערהערט זיך אַ קנאַל פון אַ בייטש און נאָכדעם אַ פּאַטש איבער
אַ פולער דיקער באַק. עמיץ שרייט-אויס מיט אַ ווילדען קול, און
די חברה שלאָגער, צונויפגעפלאָכטען אינאיינעם, טהוט אַ פאַל
אויף דער ערד מיט צייהנקריצעריי און סאָפּעניש, מיט אַ מין
וו[illegible]זשען פון חיות. די פערד שרעקען זיך און רוקען זיך אין
דער זייט, אַ פאַרבייגעהענדיגער מאַרק-הונד, וואָס זעהט גוט אין
אינדערפינסטער, גיט זיך אַ שטעל צוועק מעשה-בעל-הבית און
נעהמט בילען מיט אַ טאָן פון מוסר. אַרום די וועגענס דרעהען
זיך פּאַסאַזשירען און ווייסען נישט וואָס צו טהאָן. אַנדערע
לאַכען, מאַנכע זענען אויפגערעגט, און איבער דער ערד קוי-
לערט זיך אַ קופּע בעל-עגלות און סאָפּען, ווי האַלב-דערשטיק-
טע חיות.

פון אַ מאַרק-געסעל ווייזט זיך פּלוצלונג אַ שטיק געלב
פייער, אונטער׳ן פייער אַ שטעקען, וואָס שטעקט אין דער אויס-
געצויגענער האַנד פון אַ הויכען מאָגערן פּאַרשוין. אַ געלבער שיין
צוגיסט זיך איבער די וועגענס, פערד און בעל-עגלות, וואָס
ליגען משונה אויף דער ערד און רייסען שטיקער פלייש איינ-
אַנדער. דער מאָגערער פּאַרשוין הויבט-אויף העכער דעם שטור-
קאַטש, לאָזט-אַראָב די אויגען און שרייט-אויס מיט אַ דין ווייי-
בעריש קול׳כעל:

—פגר׳ן זאָלט איהר, רוצחים! וואָס איז דאָס פאַר אַ
שלאָגען זיך!

די בעלי-עגלות הויבען זיך אויף פון דער ערד און קושע
ווישט זיך איבער מיט׳ן אַרבעל דאָס פּנים. קיין טענות נאָכ׳ן
געשלעג זענען נישטאָ, און אָט שטעהט שוין קושע ווידער אויפ׳ן
וואָגען, משונה און ביטריג בעלויכטען פון שטורקאַטש און ציהט
אַ שטריק מיט אַ פאָראויס-אַרויסגערוקטען פוס. ביי אַ קליין צו-
שויבערט יודעל, אַ בעל-עגלה, פליצט בלוט פון נאָז אין דער
געדיכטער באָרד אַריין, אָבער איהם אַרט עס, קענטיג, נישט.
אויף די ווייסע קאַסטענס און גלעע זעק פּערלירט ער טראָ-
פּעלעך בלוט, ווי רויטע קערנדלעך, אָבער ער פּאַטשט דער

מאָגערער שקאַפּע אין די זייטען אַריין און קריכט געמיטלעך אויפ׳ן וואָגען. די פּאַסאַזשירען שטעהען אינ׳ם שטוקאַרטשען-ליכט, וואָס וויגט זיך אין דער נאַכט, ווי אַ האַלב-רויטער פויגעל, און ציהען מיט די אַקסלען. צווישען זיי שטעהט משה׳לע, אַ פערטראַכטער, אַ פערזונקענער מיט דער מחשבה אין די אַלע מענשען, פון וועלכע ער בעדאַרף איצט זוועקפאָהרען. עפּיס טהוט איהם וועה דאָס האַרץ, פּונקט ווי עמיץ וואָלט איהם דאָרט, אין האַרץ, אָנגעשטאָכען מיט אַ דין שפּילקע׳לע. ער שפּירט שוין, אַפילו טונקעל, דאָס טרויעריגע געזעץ, אַז דאָרט, וואו אַ מענש לעבט אַ געוויסע צייט, לאָזט ער איבער אַ טיילעכעל פון זיין נשמה. אָבער רבקה׳לע, די איינציגע, וואָס בעגלייט איהם צו זיין אָבטאָהר, לאָזט איהם לאַנג נישט טראַכטען. עפּטער דערשפּירט ער איהר וואַרימע מאַמעדיגע האַנד אַרום האַלז, און אַז ער הויבט-אויף דעם קאָפּ און קוקט זיך אַריין אין איהרע אויגען, זעהט ער אין זיי מוטער-שוץ און משפחה-ליבע. און, נישט-ווילענדיג, קומט איהם יעדעס מאָל אויפ׳ן רעיון אַ קליין ציטריג היהנדלע, וואָס פערבאָרגט זיך אונטער׳ן באַרמהאַרציגען פליגעל פון איהר מוטער.

—משה׳לע,—שעפּטשעט רבקה׳לע ווייך און וואַרים, פּונקט ווי ער וואָלט געבוירען געוואָרען ביי איהר,—זאָלסט לאָזען גריסען דעם טאַטען און דער מאַמען און די ברידער און די שוועסטער... אַלעמען זאָלסטו לאָזען גריסען... אין אַ חודש אַרום וועל איך אפשר קומען צו אייך. איך מוז מיר עפּיס איינקויפען...

—צו ד׳ער חתונה?—פרעגט משה׳לע און קוקט איהר מיט גרויע תענוג אין די נאַכט-אויגען אַריין.

—צו דער חתונה,—בעשטעטיגט רבקה׳לע און וואַרפט אַרויף איהר האַנד אויף זיין אַקסעל,—אַ ווייס קלייד בעדאַרף איך נאָך מאַכען און שיך וועל איך מיר קויפען און אַ היטעלע ווילט זיך מיר עפּיס אַ שענס... און אַ פינגערל און אַ בראָש און בעטצייג און אפשר מעבעל אויך... פערשטעהסט, איך בעדאַרף דאָך עפּיס זיין אַ בעל-הבית׳טע מיט לייטען גלייך, און איך האָב

פיינט צו וואַרטען. איך האָב מיר ליב פריהער איינצוקויפען...

—און ווען וועט זיין די חתונה?—פרעגט משה׳לע, שפּירענדיג, ווי עס וויגט זיך איבער איהם דער האַלב-רויטער פלאַם פון שמורקאַטש.

—די חתונה? די חתונה וועט זיין נאָך סוכות...

—אָבער נאָך סוכות פאַלען דאָך רעגענס און די טעג זענען קאַלטע, טונקעלע...

—נו, איז וואָס?—צולאַכט זיך רבקה׳לע און דריקט-צו זיין קעפּעל צו איהר אָרעם,—אָבער אין זאַל וועט זיין ליכטיג, פרעהליך, די כלי-זמר וועלען שפּילען, מיידלעך מיט בחורים וועלען טאַנצען, די מחותנים וועלען זיצען אויבען-אָן, אין קיך וועלען זיך בראָטען פליישען און איך וועל אויפנעהמען די געסט אין אַ ווייס קלייד...

משה׳לע מאַכט-צו האַלב די אויגען און קומט צום בעשלוס, אַז איהר מאַן וועט זיך לעבען זעהר גוט. רבקה׳לע וועט איהם אָבהיטען, ווי דאָס אויג פון קאָפּ און ביי זיי אין שטוב וועט זיין ליכטיג און וואַרים און היימלעך. עס דאַכט זיך, אַז די זון וועט דאָרט אַריינשיינען אַ גאַנץ יאָהר און דער שמייכעל וועט קיינמאָל נישט אַראָב פון זייערע ליפּען.

—רבקה׳לע,—זאָגט ער אַזוי ווי מיט שרעק,—אָבער דער מאַן וועט דאָך עפּטער אַוועקפאָהרען. ער האָט דאָך אַ שטעלע אין אַ וואַלד...

—ער וועט אַוועקפאָהרען אויך,—ענטפערט רבקה׳לע און וואונדערט זיך גאָרנישט, וואָס משה׳לע איז שוין איבערגעשפּרונגען פון חתן צום מאַן,—דעמאָלט וועל איך מיר זיצען און קוקען אין פענסטער און זינגען שטיל אַ לידעל און קלאַפּען מיט די פינגער אין די שויבען און זוכען מיט די אויגען די פוהר, וואָס בעדאַרף קומען פון קאַלוואַריע-געסעל...

—נו, עולם, אין וואָגען אַריין!—דעקט פלוצלונג צו אַ גראָבער בעל-עגל׳ישער אויסגעשריי רבקה׳לעס פערסראַכט האַרצעדיג קול, פּונקט ווי אַ גרויער פעלז וואָלט אַרויפגעפאַלען אויף אַ צאַרט בלימעלע.

רבקה׳לע גיט לייכט אַ שפּרונג צו קושע׳ן און משה׳לע הערט,
ווי זי טענה׳ט-איין מיט אִיהם, ער זאָל געבען דעם יונגעל אַ
רעכטען אָרט. קושע שאָקעלט-צו מיט זיין חיה׳שען קאָפּ, פּאַטשט-
צען אין אַ ווינקעל וואָגען און משה׳לע פֿאַלט-צו צו רבקה׳לעס
בּלה-ליפּען. זיי זענען זיס, די ליפּען, און אָנגעפּילט מיט ליבּע,
ווי אַ גרעזעל מיט זון.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום דערווייטערט זיך רבקה׳לע, פּאָ-
כענדיג מיט דער האַנד אינ׳ם ציטריגען שטורקאַטשען-ליכט, און
משה׳לע פֿאָהרט אין דער לאַנגער בעל-עגל׳ישער שורה ווע-
גענס, וואָס בּעוועגען זיך, ווי לאַנגע גרויסע שיפען אין אַ שוואַר-
צען ים. פון אַלע זייטען כאַפּט איהם אַרום די נאַכט, אַ שוואַר-
צע און אַ שטילע, ווי פון אַנ׳אַנדער וועלט. ווי גרויסע שוויי-
גענדיגע חיות פאַלען-אַרויס פון איהר די לעצטע הייזלעך פון
שטעדטעל, און אָט קומען אַנטקעגען די קיהלע נאַכט-פעלדער
און דער וועג ליגט צווישען זיי, ווי אַ גרויסע סטענגע. עס סקריי-
פּעט אַ ראָד, עס קרעכצעט-אָב ערגעץ אַ שווערער קאַסטען און
עס סאָפּען לייכט די פערד, פּונקט ווי זיי וואָלטען זיך צוגע-
געבען מוט ביי דעם אָנהויב פון דער נסיעה.

אויף די שלאָפענדיגע פעלדער איז קיהל, אָבער אין וואָ-
גען איז וואַרים, און ווי אַ בוך בלעטערן זיך פאַר משה׳לען די
אַלע געשטאַלטען, צווישען וועלכע ער האָט פערלאָרען אַ טייל-
לעכעל פון זיין נשמה. די סאַמע ליבּסטע געשטאַלט איז זי-
כער די באָבּע. אין איהרע אויסגעלעבּטע געלבּע אויגען האָט
זיך בּעוויזען אַ לעצטע פייכטקייט, ווען זי האָט זיך לאַנגזאַם
אויסגעדרעהט, ווי אַ שטוהל, מיט שטייפע פערגליווערטע קניה
און אַרויפגעוואָרפען אויף זיינע אַקסלען איהרע ביינערנע, כמעט
הונדערטיעהריגע הענד. איהרע ליפען האָבען זיך אָנגעשלאָסען אָן
זיינע און משה׳לע האָט עפּיס געפיהלט, אַז דאָס איז דער לעצ-
טער קוש צווישען איהר מיט איהם—דער לעצטער קוש, דער לעצ-
טער קוק, דער לעצטער גלעט מיט דער ביינערנער האַנד. דריי
פערטעל איז זי שוין דאָרט, אויף יענער וועלט, וואו עס איז
דאָ אַ גיהנם מיט אַ גן-עדן און וואָס דער וועג אַהין געהט דורכ׳ן

בית-עלמן, און בלויז איין פּערטעל, אַ שוואַכס, אַ ציטריגס און אַנ׳אָבגעבליאַקירטס, שטעהט דאָ נעבען איהם, ווי אַנ׳אָבגעשטאָר-בענער בוים נעבען זיין יונגער שפּראָצונג. משה׳לע האָט בע-שיינפּערליך געשפּירט, אַז ער זעהט זי איצט צום לעצטען מאָל און די אַלטע האָט אויך אַזוי ווי געפיהלט, אַז איהר לעבען האָט זיך איבערגעגאָסען אין דעמדאָזיגען יונגעל און זי, ווי אַ לעדיגע אַלטע כּלי, וואָס נוצט שוין נישט מעהר, וועט באַלד צו-פאַלען ווערען.

—פאָהר געזונד, מיין קינד,—האָבען געציטערט איהרע ליפּען אויף דיאָסנעס אָהן צייהן,—זיי אַ גוטער יוד און פערגעס נישט דער באָבען... די באָבע וועט שוין לאַנג נישט לעבען...

משה׳לע האָט זיך נישט צעוויינט, כאָטש עס האָט זיך שרעקליך און פיינליך געוואָלט זי צוהאַלטען, אַז זי זאָל קיינ-מאָל נישט אַוועק אויף יענער וועלט.

—אָבער זי וועט אַוועק! זי וועט אַוועק!—האָט איהם גע-שטאָכען דער טויט פון איהר קליין איינגעשרומפּען פּנים׳ל.

דעמאָלט האָט ער זי הייס געקושט אין די איינגעשרום-פענע באַקען און האָט בעת-מעשה געשפּירט, אַז אין איהר לעבט נאָך דער ריח פון זייער משפּחה.

נאָכדעם האָט ער זיך אין טומעל און איילעניש צוזעגענט מיט די פעטערס און מיט די שוועסטערקינדער. פוזגעלע האָט אויך איצט נישט פערגעסען צו ריידען פון פלאָרענץ און די געלע פעטערס האָבען געצויגען נגונים אונטער דער נאָז. אָבער איין טעמעלע האָט זיך מיט איהם נישט געזעגענט. זי האָט אָבגעקעהרט דעם קאָפּ און האָט געזוכט איהרע סודות אין ווייטען האָריזאָנט. זי איז געשטאַנען ביים פענסטער, ווי אַלעמאָל, אַ געטאָקטע און אַנ׳אויסגעשלייפטע, פונקט ווי זי וואָלט נאָר-וואָס אַרויסגעפאַלען פון אַ פאָרם. אויפ׳ן בלויען לייכטען קליידעל האָט איהר האַלז אויסגעזעהן, ווי אויסגעקנאָטען פון ווייסען שניי.

—טעמעלע...—האָט זיך משה׳לע דערנעהנט צו איהר און באַלד דערשפּירט די קלעפּיגע לופט אַרום איהר,—טעמעלע, זעגענען וויל איך מיך...

אָבער דאָס מיידעל האָט נישט אָבגעקעהרט דעם קאָפּ און פון איהר געטאָקטער פלייצע איז געווען קענטיג, אַז זי האָט איהם פיינט. משה׳לע האָט שוין ווידער נישט געקאָנט אַוועקגעהן און ווידער האָט ער געהאַט אַ פּערלאַנג צוצוריהרען זיך צו איהר ווייסען האַלז, צו איהרע שלאַנקע פיס, צו איהרע הענד. אַנ׳אַלטע וואונד האָט זיך געעפענט און אין קאָפּ איז איהם עפּיס צומישט געוואָרען. אָבער מען האָט געמוזט אַוועק־געהן און איבערהאַקען מיט אַמאָל, און מיט אַ קאַלטען שווייס אויפ׳ן שטערען האָט ער זיך אַרויסגעריסען פון איהר קלעפּיגער לופט, ווי אַ פליג פון שפּינוועבס.

נאָך איצט, זיצענדיג אויפ׳ן לאַנגען וואָגען, אין אַ שוואַר־צער נאַכט, אָהן שטערען, צווישען שאָטענס־פּאַסאַזשירען, קלעמט איהם דאָס האַרץ, פייניגט די אַלטע וואונד און ער ווייס, אַז דידאָזיגע וואונד איז—טעמעלע. טעמעלע האָט עפּיס אַלץ קאַליע געמאַכט. זי האָט קאַליע געמאַכט זיין בעציהונג צו גאָט, זיין אינערליכע ריינקייט און זיין ליבע צו שיינדעלען. דורך טע־מעלען האָט ער זיך דערקאָנט פאַר אַ מאַנסביל און דערפון האָט די גאַנצע וועלט בעקומען עפּיס אַנ׳אַנדער פאַרב, אַ טונקעלע און אַ סודות׳פולע, וואָס שרעקט און ציהט, ווי אַ תהום. די שאָ־דענס, וואָס דאָסדאָזיגע מיידעלע האָט איהם געבראַכט, זענען נישט אויסצוצעהלען, און משה׳לע גראָבט זיך אין זיי, ווי עס גראָבט זיך אַ מענש אין באַנקראָט־חשבונות, אָבער די שוואַרצע נאַכט, וואָס ליגט אויף דער ערד און דעקט־צו יעדען שיין, יעדעס טרעפּעלע ליכט, מאַכט לאַנגזאַם צו משה׳לעס אויגען און לינדערט איהם די פיינליכע געדאַנקען. דידאָזיגע נאַכט איז שטאַרקער פון זיין וועה, פון זיינע שאָדענס, פון טעמעלע׳ן, ווייל זי, די נאַכט, איז אייביג, ווי גאָט איז אייביג. און אַז משה׳לע קומט מיט דער גאַנצער מחשבה צו גאָט און קיינער שטערט איהם נישט, ווערט איהם באַלד לייכט אויף דער נשמה און זיינע אַלע בעליידיגונגען ווערען געלינדערט. ערשט איצט שפירט משה׳לע דעם זיסען ריח פון די באַלד צייטיגע קאָרנ־פעלדער, די וואַרימע שוואַרצקייט אויף די באַקען און דעם

גרויסען תענוג פון פֿאָהרען אַליין, אָהן טאַטע און מאַמע, אָהן
ברידער און שוועסטער, אָהן פריינד און חברים. קושע נוקעט
צו די פערד, דרעהט איינדערפיגסטער די בייטש, וואָס מאַכט
פייפען די לופט און די פערד שוידערן-אָב מיט די בייכער.
משה׳לע עפענט די אויגען און מאַכט זיי באַלד צו און עס קומט
די באָבע אין דמיון, אַ ליכטיגע, אַ וואַרימע און אַ יונגערע,
נישט אַזוי, ווי זי איז אין דער ווירקליכקייט און זי גלעט
איהם פאַר׳ן קעפעל און טוליעט איהם צו זיך און לעשט אין
איהם די וואַכזאַמקייט און שעפטשעט:

—שלאָף-איין, מיין קינד, שלאָף-איין...

און משה׳לע שאָקעלט זיך אויפ׳ן געזעס, קלאַפט זיך אָן
יעדעס מאָל מיט׳ן רוקען אָן אַ קאַסטען, לאָזט-אַראָב דעם קאָפ
צום הערצעל און שלאָפט-איין מיט אַזאַ געפיהל, פונקט ווי דער
באָבעס הענד וואָלטען איהם אונטערגעהאַלטען. אָבער דאָס איז
נישט מעהר, ווי אַ לייכטער שלאָף, אַ זיסער דרעמעל און באַלד
עפענט משה׳לע פון דאָסניי די אויגען און אַ שוואַרצער וואַ-
רימער הייל נעהמט איהם אַרום פון אַלע זייטען. דאָס איז נישט
קיין נאַכט, נאָר אַ שוואַרצען הייל, און אַז מען קוקט זיך גוט
צו צו דערדאָזיגער שוואַרצקייט, זעהט מען אין איהר בלויז דאָס,
וואָס דער דמיון מאָלט: אַ ליכטיגען טאָג קאָן מען זעהן אין
איהר, אַ גאָרטען בעגאָסען מיט זון, מענשען, געשטאַלטען, דער
באָבען, פויגעלע׳ן און טעמעלע׳ן. מען קאָן אויך זעהן אין איהר
פערשידענע גאָלד-פלעקען, אויסטערלישע ליניעס און בלויע
פינטעלעך. אויב מען זאָל אָנשטרענגען די אויגען, קאָן מען
אויך זעהן רויטע פינטעלעך. אָבער משה׳לע שטרענגט זיך נישט
אָן. ער איז איצט ווידעראַמאָל איינער אויף דער וועלט, אין
רשות פון דער נאַכט, נאָר ער שפירט אויף זיך גאָטס אויג און
דאָס האַרץ ווערט איהם אָנגעפילט מיט יענער מנוחה, וואָס
קומט נאָך אַ שטילער תפילה. ווידער ווערט ער גאָטס קינד, גאָטס
איין-איינציג קינד, וואָס לעבט אַזוי לאַנג, ווי די וועלט שטעהט
און וועט נאָך לעבען אַזוי לאַנג, ווי די וועלט וועט שטעהן.
און משה׳לע דאַכט זיך, אַז ער האָט נאָך אַמאָל, פאַר׳ן געבוירען

ווערען, געזעהן אַזאַ נאַכט און אַז ער איז אויך אַזוי ווי איצט געפאָהרען איבער שטומע פעלדער מיט אַ בעל-עגלה קושע און אויך אַזוי ווי איצט האָט ער געשפירט, אַז ער איז גאָטס קינד, און דידאָזיגע שפירונג זאָגט איהם אונטער, אַז דאָס איז אייביגקייט און אַז דאָס איז די סאַמע זיסטע מחשבה, וואָס קאָן ווען בעהערשען אַ מענשען.

משה'לע מאַכט-צו די אויגען און הערט, ווי עס בילט ערגעץ אַ ווייטער הונד, ווי אַ נאַכט-פויגעל שטיקט עפּיס אַ לעבעדיגע בעשעפעניש אין דער לופטען, ווי עס סקריפּען די וועגענס און די פערד געהען שוין שווערער, ווי פריהער. לינקס און רעכטס און פאָראויס שטעהען שוואַרצע נאַכט-ווענד און מען זעהט נישט ווי עס רוקט זיך פאָראויס דער וואָגען. טיילמאָל דאַכט זיך, אַז דער וואָגען נידערט שטיל אין אַ תהום אַראָב און דעמאָלט ווערט עפּיס מאָדנע זיס אויף דער נשמה און די אויגען מאַכען זיך צו. אַ לייכטער דרעמעל בעפאַלט ווידער דאָס בלוט און אינ'ם דרעמעל זעהט משה'לע טעמעלע'ן, אַ בעגאָסענע מיט ליכט און אַ צאַרט-שמייכלענדיגע. דאָס איז נישט יענע בייזע שלעכטע טעמעלע פון לעבען, נאָר פון אַ חלום, און זי איז וואונדערליך גוט און נאָכגיביג. זי זיצט אין ווייכען גרינעם גראָז, הינטער'ן בית-עולם, צווישען אַ שורה אַלטע צוצווייגטע בעראָזעס און שעפּטשעט, ווי אַ קלאָרער וואַלד-קוואַלעכעל:

—משה'לע, לעג דיין קאָפּ אין מיין שויס. דו האָסט דאָך ליב מיין שויס...

און משה'לע פרעגט:

—טעמעלע, דו וועסט זיין גוט צו מיר?

און טעמעלע שעפּטשעט:

—גוט, משה'לע... זעהסט, איך קוש דיך...

און משה'לע פרעגט ווידער:

—און איך מעג איך אויך קושען?

—קוש, משה'לע, קוש...

און משה'לע קושט זי און טוליעט זיך צו איהר און איבער 

זיין קאָפּ רוישען די אַלטע הויכע בעריאָזעס, פונקט ווי מוטער-
ליכע ליפּען וואָלטען שעפּטשען און איבער די פערטראַכטע פּעל-
דער צוגיסט זיך אַ שטילער אָוועגד און אַ ווייטער הונד בילט
און עפּיס אַ נאַכט-פויגעל שטיקט אין דער לופטען אַ לעבעדיגע
בעשעפעניש, און משה'לע עפענט די אויגען און זעהט פּלוצלונג
ווי קושע, דאָס פערד און די פּאַסאַזשירען זענען אַזוי ווי
אַרויסגעקראָכען, זיך אויסגעשיילט פון דער שוואַרצער נאַכט.
דידאָזיגע נאַכט איז מען אַזוי ווי אַדורכגעפאָהרען און איצט
איז די לופט, וואָס הענגט איבער קושע'ן און די פּאַסאַזשירען,
אַ גרויע און אַ געמישטע, פונקט ווי דער שטח צווישען ערד און
הימעל וואָלט אָנגעפילט געווען מיט העל-גרויען רויך. טראָפּע-
לעך ליכט און טראָפּעלעך פינסטערניש זענען צוזאַמענגעמישט,
ווי ווייסע און שוואַרצע האָר אין אַ גרויען קאָפּ. ווייט אין די
טהאָלען קנוילען זיך נעבלען, ווי ווייסע בערען, און אויבען
הענגט אַ בלינדער הימעל. ווי שאָטענס זיצען די פּאַסאַזשירען,
וואָס זענען העלער פון דער לופט, און מאַנכע ווינקלען פון די
ווייסע קאַסטענס קוקען-אַרויס צווישען דעם וועגען-געפּעק, ווי
גלאַטע טויטע פּנים'ער.

משה"לע מאַכט ווידער צו די אויגען און זוכט דעם פריה-
ערדיגען חלום. דער חלום קומט אָבער נישט צוריק, און משה'לע
פּרובט איהם איבערלעבען בעוואוסטזיניג, מיט פערמאַכטע אויגען.
דאָס איז אויך זעהר זיס, וואָרום דאָס, וואָס האָט דערפעהלט
אין חלום, קאָן ער איצט צוגעבען מיט'ן געדאַנק, מיט'ן דמיון.
טעמעלע שטעהט איהם אונטער די וויעס און ער זעהט זי אַזוי,
ווי ער וויל זי זעהן. דאָס ערשטע מאָל דערשפּירט ער, אַז
מיט'ן דמיון קאָן ער זיין אַ בעל-הבית איבער איהר און אַז דער
דמיון איז אַ גרויסע מאַכט. דאָס דערשרעקט איהם עטוואָס און
ער עפענט פון דאָסניי די אויגען. די נאַכט ווערט גרויער און
גרויער, פונקט ווי דער טאָג וואָלט אַריינגעקוקט אין איהר
דורך מיליאָנען קליינינקע טראָפּעלעך ליכט. קושע און די פּאַ-
סאַזשירען ווערען דייטליכער מיט די פאַרבען פון זייערע קליי-
דער און אויף זיין ווייסער שקאַפּע קאָן מען שוין זעהן טונקעלע

פלעקען פון שווייס. די באַלד צייטיגע זאַנגען פון די קאָרנ
פעלדער נויגען אין דער גרויקייט זייערע האָריגע קעפּלעך צום
וואָגן, פונקט ווי זיי וואָלטען זיך בעגריסט מיט די פּאַסאַזשי-
רען. אײַ׳ם בלינדען הימעל שטעהען זיך בלאַס-גרויע טייכעלעך.
די אויגען פון טאָג ווערען גרעסער און גרעסער. ווי אַ שוואַר-
צער פּאַלאַץ ליגט דער ווייטער וואַלד און ווי גרויע וואַלפישען
הויבען זיך דאָ און דאָרט די בערג. דאָס גאָלד פון די פּירקאַנ-
טיגע קאָרנפעלדער, וואָס לויפען אַראָב און אַרויף איבער די
בערג, שיילט זיך לאַנגזאַם אויס פון די בעגינען-נעבעלען, און
דאָרט, לינקס, וואו דער הימעל הויבט זיך אָן, שפּרייט זיך אַ
רויטער רוין: די זון געהט-אויף.

די זון געהט אָבער נישט אויף. די בעגינען-נעבלען
זענען שטאַרק און געדיכט און זיי פערשליסען און פערשטעלען
די וועגען פון דער זון. אין לופטען שפּירט זיך עפּיס אַ מיד-
קייט פון נאָך אַ שוואַרצער נאַכט אָהן שטערען און פון אַנ׳אָנ-
הויב פון אַ טאָג, וואָס קאָן נישט געבוירען ווערען. אין די נעב-
לען ליגט איצט דער כּת, און זיי ראַנגלען זיך שטום און
עקשנות׳דיג מיט דער רויטקייט, וואָס שפּראָצט פון מזרח. פון
ערגעץ אַ זייטיגען וועג פּאָהרט פּלוצלונג אָן אַ פּריץ אין אַ לייכט
עקיפּאַזשל מיט אַ יונג פערד, וואָס האָט דינע פיס און אַנ׳אויס-
געבויגענעם דינעם האַלז. דער פּריץ טראָגט אַ ווייס-פערשטויבטען
לייוועגדענעם וועג-מאַנטעל מיט אַ קאַפּושאָן אויפ׳ן רוקען און
נעבען איהם זיצט אַ דרייצעהניעהריג מיידעל און אונטער איהר
פלאַכען ברייטען שטרוי-הימעלע שלאָגען זיך אַרויס שוואַרצע
האָר-בויגעלעך. דאָס פערד יאָגט קאָקעטיש איבער די בעל-
עגלות, און דער מיידעלעס אויגלעך, שוואַרצע, פערטראַכטע און
שטילע, גיסען זיך איבער אין משה׳לעס אויגען. דער פּריץ מיט
דער מיידעלע פערשווינדען הינטער אַ בערגעל, און משה׳לען דאַכט
זיך, אַז ער האָט זיי שוין ערגעץ געזעהן: אין חלום אָדער
אויפ׳ן וואָהר. נאָר גיכער אין חלום, ווייל דאָרט, וואו ער האָט
זיי געזעהן, איז איהם געווען וואונדערליך גוט אויף דער נשמה,
ווי עס טרעפט קיינמאָל נישט אין דער ווירקליכקייט. עפּיס אַנ׳-

אונפֿערשטענדליכֿע בענקשאַפֿט צו דער מיידעלע בעפֿאַלט איהם און ער הויבט זיך עטוואָס אויף אין וואָגען און זוכֿט איהר שאָטען אויף די שטומע בעגינען-פֿעלדער. פֿון דעם פּריץ איז שוין קיין זכֿר נישטאָ, און די לאַנגע בעל-עגלה׳שע שורה ציהט זיך איבער׳ן גלייכֿען וועג, ווי אַ גרויע שיף איבער מוטנע כוואַ-ליעס.

אין לופֿטען לעשט זיך לאַנגזאַם די שוואַרצקייט, ווי עס לעשט זיך פֿאַרנאַכֿט דאָס ליכֿט פֿון טאָג. אַלץ קלאָרער און קלאָ-רער שיילען זיך אויס די פֿאַרבען פֿון די פֿעלדער, און דאָ און דאָרט קריכֿען-אַרויס פֿויערשע הייזלעך מיט קליינע פֿערשלאָפֿענע פֿענסטערלעך. ערגעץ נישט ווייט רויכֿערט זיך אַ שטילער טייך מיט אַ קופּקעלע פֿערגליווערטע ווייסע קאַטשקעס און אויפ׳ן צווייטען ברעג שטעהען זקנות-ווערבעס און קוקען מיט די אַל-טע קעפּ אין וואַסער אַריין. אויפ׳ן וואַסער קאָן מען זעהן, ווי די נאַכֿט געהט-אַוועק: ווייל׳עוויין ווערט עס העלער, טונקעלער, העלער, טונקעלער. אין דעם, ווי די נאַכֿט געהט-אַוועק און דער טאָג קומט נישט אָן, שפּירט זיך גאָט און אייביגקייט און משה׳-לעס געבוירען ווערען און משה׳לעס טויט. זיי אַלע—גאָט און די אייביגקייט און דאָס בעגינען און משה׳לעס געבוירען ווערען און טויט—זיי אַלע קומען פֿון איין מקור, און נישט דער טאָג איז פֿערשטענדליך, נאָר דאָס בעגינען איז פֿערשטענדליך. דאָס איז די צייט פֿונ׳ם גרינעם ליכֿט, דאָס ליכֿט פֿון דער אייביגקייט, ווען מען שפּירט, ווי אויפ׳ן הימעל ווערען געבוירען נייע נשמות. נישטאָ פֿאַר משה׳לע קיין זיסערע געדאַנקען, ווי די-דאָזיגע און זיי זאַפּען-אָן זיין מוח׳ל נאָר דעמאָלט, ווען ער איז ביינאַכֿט אין פֿעלד. טיילמאָל דאַכֿט זיך איהם, אַז ער איז אַלט, ווי די ערד און אַז ער געדענקט נאָך יענע צייט, ווען ער איז געווען אויפ׳ן הימעל פֿאַר׳ן געבוירען ווערען. עפּיס באָמבלען זיך איהם אין זכרון גאָלדענע הימעל-פֿלאַמען, וואָס ברענען נישט און ווייטע בלויע וועגען, וואו מלאכים געהען. ער געדענקט נאָך איין מלאך, אַ ווייסען און אַ שטילען, וואָס האָט איהם געהאַלטען אונטער וואַרימע פֿליגלען און נאָכֿדעם אַריינ-

געטראָגען אין אַ גאָלדענעם געצעלט און אין דעמדאָזיגען גע־
צעלט האָבען זיך געשפּילט קליינע נשמות'לעך. מען קאָן זיך
דערמאָנען אין אַנדערע מאַנכע פּרטים, וואָס פיהרען סאַמע ביז'ן
געבוירען ווערען, אָבער קושע, וואָס האָט ביז איצט געדרע־
מעלט אויף די קאָזלעס, איז פּלוצלונג אַראָבגעשפּרונגען פון וואָ־
גען, ווי אַ גזלן, האָט פערדריכערט זיין לולקע, אויסגעשפּיט און
אַ געשריי געטהאָן:

—טפּררר!..

די פערד האָבען זיך אַזוי ווי נישט-ווילענדיג אָבגעשטעלט,
אַרויסגערוקט די הינטערשטע פיס און אַליין איינגעהאַלטען דעם
אימפּעט.

די בעל-עגלות שטעהען פאַר אַ קרומער קרעטשמע, פּונקט
ווי עמיץ וואָלט איהר אַ פּאַטש געטהאָן אין דאַך אַריין, מיט
אַלטע ווייסע הינד, מיט אַ קאַץ אויפ'ן שוועל און מיט ציגען
ביי דער פריזבע. איבער די פערד, איבער דער קרעטשמע, אי־
בער די פּאַסאַזשירען און איבער'ן וואַלד שפּראָצט לאַנגזאַם דער
טאָג. דער וואַלד שטעהט הינטער דער קרעטשמע, אַ טונקעלער
און אַ שטילער, און די שפּיצען קוקען שטום אין הימעל אַריין,
פון וועיטען דאַכט זיך, אַז די נידעריגע יונגע ביימער ליגען
אויף די העכערע און די העכערע אויף די גאָר הויכע. אַ שאַר־
פער סמאָלע-רוח וועקט די ברוסט און פרישט-אָב די גלידער,
פּונקט ווי מען וואָלט זיך איינגעוואַשען. שען און ליב איז די־
דאָזיגע אַלטע קרומע קרעטשמע מיט'ן צופּאַטשטען דאַך און
מיט די קליינע דאָרפישע פענסטערלעך, וואָס קוקען, ווי גוטע,
נישט-זינדיגע אויגען אין'ם גרינעם פאַרטאָג אַריין. איבער די
טונקעלע שויבען גליטשען זיך שטילע טאָג-שטראַהלען און דאָס
גאַנצע הויז זעהט-אויס, ווי אַ לעבעדיגע בעשעפעניש, וואָס פיהרט
אַ געהיימען און גוטמוטיגען שמועס מיט דער קאַץ, מיט די הינד
און מיט די ציגען. אין די שוואַרצע נעכט מוזען דאָ וואוינען
פערבאָרגענע פּרינצעסינס מיט זייערע געליבטע ריטער, וואָס
זענען אַנטלאָפען פון אַ בייזען טאַטען. אין די שוואַרצע נעכט
ווערט דאָס הייזעל פער'כשופ'ט און קיינער ווייס נישט, ווי

אַזוי מען קומט אַהער. נאָר איצט דרעהען זיך דאָ אום די בעלי-
עגלות, וואַכֿעדיג און לעבעדיג, דורשטיג נאָך אַ שנאַפּס און נאָך
צובייסען און אויף דער שוועל בעווייזט זיך אַ מאָגער, בערדיג
און לאַנג-נעזיג יודעל, אין אַ כאַלאַט, און ער רייבט זיך די
הענד און גלאָצט מיט שפּיציגע אויגלעך אויף די פּאַסאַזשירען
און שמייכֿעלט מיט אַ פּרנסה-שמייכֿעלע און בעוועגט זיך הין-
און-הער מיט אַזאַ ליבשאַפט, פּונקט ווי ער וואָלט טויזענדער
יאָהרען געבענקט נאָך דידאָזיגע בעלי-עגלות מיט זייערע פּאַסאַ-
זשירען. קושע קלעבט זיך צונויפֿמען מיט דעמדאָזיגען יודעל און
דערפון קומט-אַרויס אַ שנאַפּס מיט אַ געזאַלצענעם הערינג.
די פּאַסאַזשירען געהען אַריין און אַרויס פון דער קרעטש-
מע, דרעהען זיך אַרום אין דער געדיכֿטער מחיה'דיגער סמאָ-
לע-לופט, אינ'ם אָנגענעהמענעם העל-גרינעם פּאַרטאָג-ליכֿט, אין
וועלכֿען אַ מענש איז פריי פון אַ תכלית און פון זאָרגען און
פון היים-פליכֿטען, און משה'לען דאַכֿט זיך, אַז דידאָזיגע מענ-
שען האָבען איצט דערגרייכֿט די העכֿסטע מדרגה פון מנוחה און
שטילען גליק.
אַרום און אַרום אין די ווייטקייטען ווערט אַריינגעשאָסען
אַ מאַט-זילבערנע ווייסקייט און עס ענטפּלעקען זיך איינצעלנע
בוימער, בערגלעך און טהאָלען. איצט גיסט און שפּאַרט פון
אויבען מיט טאָג-ליכֿט און אָט ווערט מיט אַמאָל, פּלוצלונג, טאָג.
די נעבלען גיבען זיך אונטער און צורינען, אָבער עפּיס אַ קרענק-
ליכֿע פערטראַכֿטקייט ליגט אויפ'ן וואַלד, אויף די קאָרנפעלדער
און אויף די הימלען, פּונקט ווי די נאַכֿט וואָלט זיי פריהער
געפּייניגט. אויף די גראָזען, ביים וועג, הענגען קאַלטע טראָפּע-
לעך טוי ווי פערגליווערטע טרעהרען און אַ קיהל ווינדטעל
שמייסט-דורך די לופט. די קליינע פענסטערלעך פון דער קרעטש-
מע ווערען ליכֿטיגער, העלער און ווי פון אַ בעהעלטעניש שווימט-
אַרויס אַ לאַנגער טיש, אַ ברייטער אויוען און אַ קליינער לאָמפּ,
וואָס הענגט אונטער'ן סופיט. די אַלטע הינד אַרום דער קרעטש-
מע געהען-אַרום מיט אַראָבגעלאָזטע עקען און זוכֿען די זון
און די ציגען ליגען נישט זיכֿער ביי דער פריזבע, טאָמער ווע

זיי עמיץ שלעכטס טהאָן. דער פריהמאָרגען איז אַ כמאַרנער און אַ שטילער, אָהן אַ זון, און קוקענדיג מיט'ן אויג אין דער ערשט־געבוירענער שטומער ווייטקייט אַריין, דאַכט זיך, אַז אַ מענש בעדאַרף נישט זיין ענערגיש, רוישיג און פרעסעריש, ווי קושע און די בעלי־עגלות, נאָר אונבעוועגליך און פערטראַכט, ווי די הויכע סאָסנע, וואָס שטעהט נעבען דער קרעטשמע.

קושע שטאָפּט אין די באַקען און סאָפּעט, ווי אַ פערד. ביים אַראָבגעהן פון די גרויסע ביסענס אין בויך אַריין הויבט זיך עטוואָס אויף זיין פערשמאָלצענער רייזעטאַש, וואָס הענגט איהם אויף דער זייט און די אויגען ווערען אָנגעבלאָזען און ווילען אַרויסשפּרינגען פון זייערע ערטער. קוקט משה'לע אויף קושען, בעפאַלט איהם עפּיס אַ נ'עקעל, שפּרינגט ער אַראָב פון וואָגען און לאָזט זיך געהן אין די פריהמאָרגען־פעלדער, וואָס בלישטשען מיט פערגליווערטע טרעהרען. יעדער טריט איז אַ שטיק געזונד און יעדע בעוועגונג דערפרעהט די נשמה. אין לופטען פינטלען שוין דערוואַכטע פויגעל און פון אַלע זייטען דערטראָגט זיך אַ פרעהליך טשוויטשערן. אָבער משה'לע מאַכט שטילערע טריט און פאַסט זיך אונבעוואוסטזיניג צו צו דעם כמאַרנעם שטילען ליכט פון טאָג. אונבעמערקט קומט משה'לע צום וואַלד און אויף זיין פנים לעגט זיך דער פרישער אָטעם פון די הויכע סאָסנעס. טונקעל איז נאָך אין וואַלד. אַ ווייכער שאָטען דעקט־צו די ערד און ווי שטערענדלעך קוקען־אַרויס, פון שאָטען ווייסע בלימעלעך. דער וואַלד איז חויך און גרויס, און ווי אַ גאָלדענע משא פאַלט זיין שענקייט אויף דעם יונגעלס הערצעל. משה'לע זויגט איהם לאַנג מיט'ן אויג, נאָכדעם דרעהט ער זיך אויס און קוקט אויף די לויפענדיגע פעלדער, וואָס זע־נען גרין, האַלב־גרין, טונקעל־גרין, געלב און רויט־ווייס, אויף די פערטראַכטע שטיל־ציהענדיגע הימלען מיט גאָלדענע פלעקען, אויף דער קרעטשמע מיט'ן צוגעפּאַטשטען דאַך, וואָס קוקט מיט איהרע קליינע גוטמוטיגע פענסטערלעך אין אַ ברייטער פרייער וועלט, אָהן מענשען, נאָר צווישען גראָזען, קאָרן און סאָסנעס, און דאָס בלוט שעפּטשעט אין איהם:

—גע׳דענק עס !

דעמאָלט קעהרט ער זיך אום צו די בעלי-עגלות. עס איז נאָך פאַרהאַן אַזויפיל צו פאָהרען און אַזויפיל צו געניסען פון הימעל, ערד און שטילקייט, און אַז משה׳לע זעצט זיך ווידער אַריין אין לאַנגען וואָגען און דאָס פערד, נאָכ׳ן אָברוהען, ריהרט זיך קרעפטיגער פון אָרט און דער וואַלד נעהמט געהן צוריק און די קרעטשמע דרעהט זיך אויס און די ערד קוי-לערט זיך אונטער די רעדער,—ווייזט משה׳לען אויס, אַז די הימלען האָבען זיך געעפענט און גאָט איז אַריין אין וואָגען און פאָהרט מיט איהם צוזאַמען. יעדער אָרט, יעדער ווינקעל איז ריהרענדיג שען אונטער דעם שטילען ליכט פון גע׳דעקטען טאָג, און עס איז נאָר אַ שאָד, וואָס מען דערווייטערט זיך פון די׳דאָזיגע ערטער. פאַר די אויגען שווימען טייכלעך מיט אַלטע ווערבעס, פאַסטוכער מיט קליינע טשערעדעס, פלאַקס-פעלדער, קאָרן-פעלדער, טאָרף-פעלדער, בערגלעך, טהאָלען און וועלדער מיט הויכע סאָסנעס, וואָס שטעהען ביים וועג, ווי ריזען-סאָל-דאַטען. ענדיגט זיך דער וואַלד, צוגיסען זיך די הימלען ווייט און ברייט און ווידער ווייזען זיך טייכעלעך מיט ווערבעס, פונקט ווי שפיגעלעך, צעוואָרפען אין גראָז און האַלב-נאַקעלע פאַסטו-כער מיט טשערעדעס און איינזאַמע דערפלעך מיט בלויע רויכע-לעך פון די קוימענס און עס טשוויטשערן פויגעל און אַ יונגער פויער, וואָס ליגט אַ באָרוועסער אויף אַ בערגעל, מיט׳ן פנים צום הימעל, זינגט שטיל, פער׳חלומ׳ט און צוציגען:

אַך, אינדערפרעמד, אויף פרעמדער ערד—
דאָרט בלאָנזשעט-אום מיין שען, זיס מיידעל.
נישטאָ אין פעלד איהר בלויען אויג,
איהר ווייסען פוס און רויטען קליידעל...

אָט פאָהרט ווידער דער פריץ מיט׳ן מיידעלע מיט די שוואַרצע האָר-בריגעלעך אונטער׳ן ברייטען פלאַכען שטרויהוט. ער פאָהרט שוין צוריק, און אַז דאָס פערד גלייכט זיך אויס מיט קושעס וואָגען, גיסען זיך ווידער איבער איהרע אויגען אין משה׳לעס אויגען. משה׳לע דרעהט-אום דעם קאָפּ און דאָס מיי-

דעלע טהוט אויך דאָס אייגענע. גיט ער זיך זאַכט אַ נויג און דאָס מיידעלע ענטפערט, און ביידע קוקען זיך איבער און קלע-בען זיך צו מיט די אויגען אויף צו געדענקען, קענטיג, איינ-אַנדער דאָס גאַנצע לעבען. משה׳לע שטרענגט ווידער אָן דעם זכרון און פרובט זיך דערמאָהנען, וואו ער האָט זי געזעהן מיט׳ן פריץ, מיט׳ן עקיפאַזשל און מיט די אייגענע פעלדער, אָבער דאָס בלוט לאָזט איהם נישט טראַכטען און שעפטשעט אין איהם:

—געדענק זי!..

און עפּיס אַ ליכטיג גאָלדען קעמערל עפענט זיך אין זכרון און פערבעהאַלט זי דאָרט אויף אייביג. אויף אַ מינוט פער-מאַכט משה׳לע די אויגען פון גרויס תענוג, און ער זעהט זי אין זכרון, אינ׳ם בעזונדער קעמערל אַ ליכטיגע און אַ נאָהענטע, פונקט ווי זי וואָלט געזעסען אין איהם, ווי אַ בילד און ער וואָלט זיין איהר ראַהם.

פון דער זייט טאַנצט-אַרויס אַ שיטער סאָסנע-וועלדעל, נאָכ׳ן וועלדעל נעהמט זיך דרעהען אַ באַרג און נאָכ׳ן באַרג קומט אַ לאַנג דאָרף מיט דינע בלויע רויכעלעך פון קליינע קוי-מענס און מיט מאָגערע שרייענדיגע חזרים צווישען די פאַרקאַ-נעס. אַלטע גוים שטעהען אינ׳ם שטויב פון דער דאָרף-גאַס, אָהן היטלען, באָרוועס, אין גראָבע טונקעלע העמדער, ווי זעק און קראַצען זיך מיט שוואַרצע הענד איבער׳ן האָריגען האַרץ. קליי-נע קינדער מיט ווייסע האָר האַלטען די פינגער אין מויל און בעגלייטען די וועגענס מיט גרויסע בלויע אַרויסגעשפּאַרטע אויי-גען. די לופט איז אָנגעפילט מיט אַ געדיכטען ריח פון חזיר, פויער און דלות. אויפ׳ן הימעל איז נישטאָ די זון, און אַ שטי-לער מאַטער שיין פליסט אויף דער ערד פון די פאַמעלעך-שוועבענדיגע וואָלקענס. אין דעמדאָזיגען שיין קוקען די דאָרפי-שע פענסטערלעך אָהן אַ גלאַנץ, ווי גוטע בלינדע אויגען פון זקנים. נאָכ׳ן דאָרף צושפּרייטען זיך פריי די האָריזאָנטען, צו-גיסען זיך די הימלען, צוציהען זיך די פעלדער, און משה׳לען דאַכט זיך, אַז ער ווערט קלענער און קלענער, פונקט ווי אַ

פינטעלע אין אַנ'אומענדליכקייט. וואָס גרעסער דאָס פעלד, וואָס ברייטער דער הימעל, אַלץ קלענער שפירט ער זיך און אַלץ גרעסער וואַקסט דער תענוג. דער תענוג וואַקסט איהם איבער. נישטאָ קיין איין טראָפּען בלוט, קיין איין נערוו אין משה'לען, וואָס זאָל נישט זיין דורכגעוועבט מיט תענוג, און טיילמאָל שפירט ער נישט זיין גוף'ל, פונקט ווי ער וואָלט זיין לייכטער פון לופט. דעמאָלט דאַכט זיך איהם, אַז ער זיצט, ווי אַ שמעטערלינג אין זיין ווינקעל וואָגען, און ווען איהם וועט זיך פערגלוסטען, וועט ער זיך אויפהויבען און אַוועקשווימען אין'ם מאַטען שיין פון טאָג. די ערד קוילערט זיך אַ גרינגע אונטער די רעדער, דער וועג לויפט צוריק אונטער דעם פערדס פיס, דער הימעל שוועבט צוריק איבער'ן קאָפּ און פון ווייטען זעהט זיך אַ שורה פויערים מיט בלישטשענדיגע קאָסעס אין די הענד. נעבען די פויערים זיצט אַ געלב הינדטעל, נעבען הינדטעל זיצט אַ קליין פויעריש מיידעלע מיט ווייסע פלאַקסענע האָר און נעבען דער מיידעלע שטעהט אַ קרוג מיט אַ טרוקען שוואַרץ שטיקעל ברויט דערויף. קליינע געלבע פעלד-בלימעלעך קוקען דער מיידעלע גלייך אין די אויגלעך אַריין. לינקס שטעהט אַ גאָלדענע הויכע באַרשט פון אַ קאָרנפעלד און איבער די צייטיגע אַראָבגעבויגטע קעפּלעך יאָגען זיך שטראַהלען נאָך שאָטנס און שאָטענס נאָך שטראַהלען. די זון איז נישטאָ, און עס איז אונפערשטענדליך, פון וואַנען נעהמען זיך די שטראַהלען אין פעלד. עס זעהט-אויס, ווי די זון וואָלט זיך פער'גנב'עט הינטער די וואָלקענס און וואָלט געשאָסען פון דאָרטען מיט איינצעלע פעדעמלעך ליכט. אַמאָל רייסט-אויף אַ פּאַסאַזשיר דאָס שלעפּעריגע אויג און גיט הויזעריג אַ זאָג:

—קושע, עס וועט זיין אַ רעגען.

קושעס ברייטער רוקען קוקט די גאַנצע צייט אויף די פּאַסאַזשירען, ווי אַ ברייטער פירקאַנטיגער ברעט, און קושע ענטפערט:

—ניין, עס וועט קיין רעגען נישט זיין.

—פון וואַנען ווייסטו?

—קושע ווייס,—גיט ער אַ שפּיי אין דער קרים אינ'ם קאָרן אַריין.

פּאַמעלעך רוקט זיך דער וואָגען באַרג-אַראָב, לאַנגזאַם הויבט ער זיך, ווי אַן'אַלטע חיה, אָהן כוחות, באַרג-אַרויף, און אַט שטעלט מען זיך צו ביי אַ טייכעל, אין וועלכען עס שוועבט דער הימעל, עס בעוועגען זיך די ברעג-ווערבעס און עס קוקען אַרויס די פערד מיט די פיס אַרויף, פונקט ווי זיי וואָלטען געלעגען אין וואַסער אויפ'ן רוקען. נעבען וואַסער שטעהט אַ הייזעל און קושע צאַפּעלט זיך שוין אויף דער שוועל מיט דער בייטש אין דער האַנד און שרייט עפּיס בּאַסיג אין הייזעל אַריין. די פּאַסאַזשירען קריכען-אַרויס פון די לאַנגע וועגענס, און פונ'ם הויכען טייך-גראָז, צווישען די ווערבעס, פליהען-אַרויס גרויסע דערשראָקענע אומבעקאַנטע פויגעל. משה'לע שפּרינגט-אַראָב פון וואָגען, און אָהן אַ צוגעגרייטען געדאַנק, פּונקט ווי אויטערגעזאָגט פון בלוזען אינסטינקט, לויפט ער אַוועק אָן אַ זייט, וואַרפט-אַראָב די בגדים'לעך פון זיך און געהט-אַריין אין טייכעל דאָרט, וואו דער דנאָ בלישטשעט-אַרויס מיט טויזענדער גאָלדענע שטיינדעלעך. מיט קאַלטע רונגעלעך נעהמט-אַרום דאָס וואַסער זיינע פיסלעך, אָבער משה'לע געהט ווייטער און טיפער און טונקט זיך אַרונטער. ביי אַ רגע ווערט איהם קאַלט אין אַלע אברים מיט יענער קאַלטקייט, וואָס איז עהנליך צו אַ ברען פון אַ פייער, אָבער באַלד דערויף ווערט אינערליך וואַרים און דאָס בלוט נעהמט מחיה'דיג יאָגען אינ'ם גאַנצען קערפּער. דע-מאָלט זעצט ער זיך צו אין וואַסער און קוקט, ווי קליינע זילבער-נע פישעלעך דרעהען זיך ווילד און צוטומעלט אַרום זיינע פיס, ווי דאָס שטיקעלע לייב, וואָס ליגט איהם ביי דער ברוסט, איז רויט געוואָרען און ווי די טראָפּעלעך וואַסער, וואָס שפּרינגען איהם פון האַלז און פון קאָפּ זענען צוזאַמענגעמישט מיט'ן וועג-שטויב. נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל טונקט ער זיך אונטער, און אַז ער לויפט-ארויס פון טייכעל, ציהט ער מיט אַלע כוחות דאָס העמד אויפ'ן נאַסען לייב, טהוט זיך איילִיג אָן און לויפט צום וואָגען,

וואו ער האָט אַ פּוטער-בולקע מיט קליינע קעזלעך. דאָס ערשטע מאָל האָט ער איצט אַפּעטיט.

אין אַ שעה אַרום פּאָהרט מען ווייטער. משה'לע געהט נישט ווייט פון וואָגען און וואַרימט זיך נאָכ'ן באָדען זיך אין דעם הייסען אָטעם פון די קאָרנפעלדער. די קאָרנפעלדער געהמען זיך גאָרנישט אויס. זיי לויפען פון ברעג הימעל צו ברעג הימעל, איבער באַרג און איבער טאָל און האַקען זיך פּלוצלונג אָב ביי אַ וואַלד, ביי אַ שמאָל טייכעלע, ביי אַ גריגער לאָנקע און ביי די שוואַרצע, זינקענדיגע, מיט וואַסער אָנגעפילטע טאָרפפעלדער. פון די זאַנגען שטעקט אַמאָל אַרויס אַ קאָפּ פון אַנ'אַלטען פויער, פּונקט ווי ער וואָלט געוואַקסען צוזאַמען מיט זיי, אַמאָל וואַרפט זיך דורך אַ רויט קליידעל מיט באָרוועסע פיס און אַמאָל פינטעלט אַ פּאָרל: אַ יונג פויער מיט אַ פויערטע. יעדעס זאַנגעל איז איבערגעזעטיגט מיט היץ און זון, און עס שטעהט מיט אַנ'אַראָבגעלאָזטען קעפּעל, פּונקט ווי עס וואָלט געוואַרט אויפ'ן מעסער. ביהנען, זשוקעס און שמעטערלינגען דרעהען זיך אַרום זיי און פילען אָן די לופט מיט באַסיגע סטרונע-קלאַנגען. הויך אונטער'ן הימעל דרעהען זיך שוועלבעלעך, און ווי שוואַרצע שטיינער מיט צוויי שפּיצען הענגען אין לופטען קליינע רויב-פויגעל. קוקט מען אויף זיי, דאַכט זיך, אַז זיי וועלען באַלד אַראָבפאַלען, אָבער פּלוצלונג וואַרפען זיי זיך איבער אין אַ צווייטען אָרט און הענגען ווידער. די זאַנגען, די שוועלבעלעך, די ביהנען און די רויב-פויגעל — אַלע ווירקען אויף משה'לעס געמיט, און ער קוקט אויף זיי מיט דער אייגענער נייגיריקייט, ווי ער וואָלט זיי געזעהן צום ערשטען מאָל.

די פערד געהען שווער און פּאַמעליך, אָבער זיי געהען דאָך פאָראויס, און לאַנגזאַם שווימט צום וואָגען דער קעגענאיבערדיגער האָריזאָנט, די שפּיצען פון אַ ווייטען וואַלד, די שטרויענע דעכלעך פון די אַרומיגע ישובים און די גרינע פּלעקען פון לאָנקעס. אויפ'ן שטויביגען שליאַך לעגט זיך שוין אונבעמערקט אַ שאָטען און עס שפּירט זיך, אַז פון טאָג פאַלט-אָב

דאָס ליכט, ווי פּערל פון אַ ווייסען האַלז. עס איז נאָך ווייט
צו נאַכט, אָבער נאַכט-פּעדעמלעך וועקען זיך שוין אין די האָ-
ריזאָנטען און אין די שאָטענס, וואָס גנב׳ענען זיך אין די
קאָרנפעלדער. דער שטילער קרענקליכער טאָג, וואָס איז מיד
געוואָרען פון זיין אייגען ליכט, וויל זיך נישט ראַנגלען מיט
די שאָטענס. געהאָרזאַם גיט ער זיך אונטער, ווי אַ קראַנק קינד
אַ פרעמדער שטאַרקער האַנד. פריה וויל ער צומאַכען די אוי-
גען און אַוועק צהין, וואו עס שלאָפען זיינע אויסגעלעבטע ברי-
דער—מיליע-מיליאָנען טעג. און דערפאַר, וואָס ער איז אַזאַ
קרענקליכער און שטילער, איז ער בעזונדערס ליב, בעזונדערס
טייער און נאָהנט צום האַרצען און פערשטענדליך, ווי אַ לעבע-
דיגער.

די טאָג-שטילקייט ווערט געדיכטער און קלינגענדיגער,
ווען מען פאָהרט-אַריין אינ׳ם גרויסען וואַלד. הויכע רויטע
סאָסנעס-שטאַמען שטעהען, ווי שטרענגע געגעראַלען און היטען
די שטילקייט און דאָס וואַלד-לעבען, און בשעת אַ טרוקען
צווייגעל גיט אַ קנאַק אונטער אַ ראָד, דאַכט זיך, אַז זיי דרע-
הען זיך אום און פרעגען אויף אַ שטומען לשון: „וואָס איז גע-
שעהן?“ פונ׳ם האַרטען וואַלד-גראָז קוקען אַרויס בלויע אויגע-
לעך-בלימעלעך. זיי קוקען גלייך אין די אויגען אַריין, פונקט
ווי זיי וואָלטען זיך גע׳חדוש׳ט: קענטיג, ווייניג מענשען גע-
זעהן. אונבעקאַנטע פויגעל פליהען-איבער נישט-דערשראָקען פון
איין צווייג אויף אַ צווייטען; רויטע און שוואַרצגעפינטעלטע
שמעטערלינגען שווימען-אום מיט לייכטער גאוה אַהין-און-צוריק,
פונקט ווי קליינישקע לופט-פרויען אין זיידענע קליידעלעך;
יאַשטשערקעס טונקען זיך אַרונטער, פייפענדיג, אין טרוקענעם
מאָך; גאָלדענע ביהנען פליהען נאָך די פערד, וואָס שמייסען
זיי מיט די עקען און די לופט איז אָנגעזאַפּט מיט אַ שטאַרקען
ריח פון משקה. משה׳לע שפּיצט-אָן אַלע זיינע חושים און
לאָזט נישט אַדורך מיט׳ן אויג קיין איין פויגעל, קיין איין
שמעטערלינג, קיין איין בלימעל אָדער בוים. זיי אַלע קלינגען
איהם אָן אין האַרצען, ווי אַלטע גוטע בעקאַנטע, מיט וועלכע

ער האָט זיך נאָך געזעהן פאַר'ן געבוירען ווערען. זיין פנימ'ל
איז פערגאָסען מיט אַ פריידיגער בלאַסקייט, אָבער אַ קליינער
טרויער זיצט אין איהם: סוף-כל-סוף מוז ער פאָרט אָבּרייסען
זיין אויג. אַ וואַלד האָט אויך אַ סוף. אַ וואַלד נעהמט זיך אויך
אויס. טיילמאָל לויפט-אָן פון אויבען אַ זאָרגלאָז ווינטעל און
שפּילט זיך מיט די שפּיצען. שטעהען די שטאַמען גלייך, נאָר
די שפּיצען פיהרען אַ שטילען שמועס אונטער'ן הימעל. ריידען
זיי מסתמא וועגען רעגען, וועגען דונערן און בליצען, וועגען
דעם קרענקליכען טאָג, וואָס איז געבוירען אָהן זון און שטאַרבט
אָהן זון. קיין חלוקי-דעות איז ביי זיי, קענטיג, נישטאָ, און
זיי שמועסען אַזוי לאַנג, ביז דאָס ווינטעלע שטאַרבט-אָב אַזוי
לייכט, ווי עס איז געקומען. רעדעלעך הימעל, קרענצעלעך
הימעל, פאַסיקלעך הימעל קוקען פון אויבען אין וואַלד אַריין
און פרעגען, צי איז געשטערט געוואָרען די שטילקייט און די
רויטע געגעראַלען ענטפערן אויף זייער שטומען לשון: בעלי-
עגלות פאָהרען. און בלימעלעך קוקען זיך אום און בערגעלעך
מאָך הויבען די ווייכע קעפּלעך פון ווייטען: וואָס רייהען די
געגעראַלען? ווען קושע וואָלט זיין אַ קלוגער און אַ גוטער, האָט
ער זיך בעדאַרפט אָבשטעלען און דאָ איבערנעכטיגען. קיין גרע-
סערער תענוג, ווי נעכטיגען אין אַ געדיכטען וואַלד מוז גאָרנישט
זיין אויף דער וועלט. אָבער קושע מיט די פּאַסאַזשירען זע-
נען אימפּעט-מענשען, וואָס זוכען פרנסה, און זיי ווילען קיינ-
מאָל נישט איינגעהן דערויף. פאַר איין ברירה רייסט משה'לע
אויס אַ בלוי וואַלד-בלימעלע, וואָס איז האַרט און טרוקען און
שמעקט, ווי שטאַרקער ביטערער ווייז. ווי הויכע פוילישע
גלחים, נויגען זיך פון ווייטען איינזאַמע טונקעל-גרינע יעל-
בוימער, ווי בלויע שפּיגעלעך ליגט צושניטען דער הימעל
צווישען די שטאַמען, ווי גרינע טעפּיכער שיילען זיך אויס
שטילע, זיס-איינגעשלאָפענע וואַלד-לאָנקעס און ווי שלאַנ-
גען פלעכטען זיך די וואָרצלען איבער'ן וועג און שטע-
רען דעם ראָד אין זיין גאַנג. די אַקסען סקריפּען, די
פערד שאָקלען מיט די קעפּ פון אָנשטרענגונג, די פּאַסאַזשירען

הוידען זיך, די הילצערנע קאַסטענס קרעכצען-אָב און די בעלי-
עגלות דרעהען מיט די בייטשען אין דערלופטען און יאָגען די
גאָלדענע פליגען-מחנות, וואָס פליהען נאָך די פערד. נאָר אָט הענ-
גען שוין גרעסערע שטיקער הימעל צווישען די בוימער און
די לאַנגע בעל־עגל׳ישע שורה פאָהרט-אַרויס פון געדיכטען וואַלד,
ווי פון אַ ריזיגער סוכה אין די פרייע פעלדער אַריין. אָבער
דאָס זענען שוין נישט יענע נאַאיווע שטיל-וואַקסענדיגע לייטזע-
ליגע פעלדער, וואָס פריהער. אויף זיי וועהעט שוין דער טרו-
קענער פערשמאַכטער אָטעם פון דער נאָהנטער שטאָדט און
אַ טונקעלער שטויב זיצט אין די זאַנגען-קעפּלעך. אויפ׳ן וועג
בעווייזען זיך פערדעכטיגע פויערים נישט אין ליאַפּטעס, נאָר
אין הויכע שטיוועל מיט אַ גלאַנציגען דאַשעק איבער׳ן שטע-
רען, און אין די אויגען זיצט זיי אַ האַרטע און אַ בייזע מחשבה.
זיי געהען מיט פעסטע און זיכערע טריט, פונקט ווי גזלנים
פאַר אַנ׳אָנפאַל, און אַז קושעס וואָגען גלייכט זיך אויס מיט
אַזאַ אייגעם, לויפט-דורך עפּיס אַ מאָדנע שטילקייט צווישען איהם
און קושע׳ן.

וואָס נעהנטער מען קומט צו דער שטאָדט, אַלץ פער-
שטויבטער זענען די פעלדער און אַלץ מידער זעהט-אויס דער
הימעל. אין די האָריזאָנטען וועבט זיך אַ גרויע בלויקייט, וואָס
פאַרכאַפּט אַלץ מעהר דעם מיטען הימעל און אויף די פעלדער
שליטען זיך שטילע שאָטענס, ווי אויסגעשפּרייטע פאַרנאַכט-
אָרעמס: פאַמעליך פאַלט-אַריין דער טאָג אין פאַרנאַכט, ווי אַ וואַנ-
דערער אין אַ שטילען טונקעלען צימער. איינער דעם צווייטען גיט
עפּיס איבער: דער טאָג—אַ מידע ליכטיגקייט, דער פאַרנאַכט—
מנוחה און בלויקייט. זאַכט און צערטליך וואַרפט ער אַרויף די
מנוחה און בלויקייט אויפ׳ן מידען טאָג-ליכט, און אַז ער ענ-
דיגט זיין אַרבייט, טוליעט זיך איין די ערד אין זיך, נעהמט
זיך אַרום מיט טונקעלע הענד, ווי אַ מאַמע, וואָס האָט חתונה-
געמאַכט איהר קינד און דערשפּירט זיך זיכערער. און עס דאַכט
זיך, אַז זי האָט בלויז איין-איינציגע מחשבה: געפינען מאָר-
גען דעם הימעל אויף דעם אייגענעם אָרט.

אין קושעס הענד לייגט אויף אַ פּייערל, פון אונטער זיי-
גע וואָגסען לויפט-אַוועק אַ לאַנגער רויך און אויפן גרוי-
בלויען האָריזאָנט הויבט זיך פּלוצלונג אויף די שטאָדט, ווי אַ
לאַנגע קייט פון פערגליווערטע פּאַלאַצען, צוזאַמענגעוואָרפען מיט
קלויסטער-שפּיצען. עס דאַכט זיך, אַז אַ בלוי וואַסער האָט פער-
טרונקען דידאָזיגע פּאַלאַצען און בלויז איבערגעלאָזט די דע-
כער און שפּיצען. נאָר אָט ווייזען זיך איינע נאָך די אַנדע-
דערע גאָלדענע פּינטעלעך—פּייערלעך, וואָס נעהמען ציטערן
שורות׳ווייז אויף דער פערגליווערטער פּאַלאַצען-קייט, און פון
זיי ווערט אונטען טונקעלער און נעבעלדיגער, און העכער—
ליכטיגער און העלער. עס דאַכט זיך, אַז אונטער׳ן פערטראַכ-
טען האָריזאָנט שווימט לאַנגזאַם די שטאָדט מיט איהרע שורות
ציטריגע פּייערלעך, פּונקט ווי גאָלדענע שמעטערלינגען אָנ-
געצויגען אויף אַ פּאָדעם. ווי שוואַרצע פינגער שטעקען אין
הימעל די הויכע קוימענס פון פאַבריקען. און העלער ווערען
די פּייערלעך און טונקעלער די מויערן, פּונקט ווי זיי וואָלטען
בעצויגען געוואָרען מיט בלויער וואַטע. אָבער די פערד פיה-
לען די שטאָדט און ציהען קרעפטיגער די וועגענס. אינ׳ם סקריי-
פּען פון די רעדער, אינ׳ם קלאַפּען פון די קאַסטענס און פּע-
סער שפּירט זיך פרישע ענערגיע. זי פיהלט זיך אויך אין
קושעס האַנד, וואָס שמייסט אָהן רחמנות דאָס פערד.

די פּאַסאַזשירען זיצען רוהיג און שטום, פּונקט ווי זיי
וואָלטען חרטה-געהאַט אויף זייער נסיעה. אינ׳ם שנעל-פּאַלענדי-
גען אָוועגד זעהען-אויס זייערע פּנימ׳ער, ווי געלע וועקסענע
מאַסקעס און אונטער די אויגען שוואַרצלעך זיך גריבלעך. הין-
און-צוריק שאָקלען זיי זיך, ווי הילצערנע, ווי געלעהמטע. נאָר
משה׳לען בעפאַלט עפּיס אַ שוידער. עס יאָגט אין איהם דאָס
בלוט, די מחשבות פּלאָנטערן זיך הייס און אייליג, און דאָס האַרץ
קלאַפּט. מיט די קאָנטורען פון דער שטאָדט האָט ער באַלד
דערזעהן דעם טאַטען און דער מאַמען, די ברידער און די
שוועסטער און—שיינדעלע׳ן מיט די אויסגעשאָרענע ליפּעלעך.
אָבער נעבען שיינדעלע׳ן וואַקסט-אויס נאָך אַ קעפּעל, נאָך אַ

פּנימל—טעמעלע. און שיינדעלע ווערט בלאַס, זינקט־אַרונטער, ווי אין אַ וואַסער. און ער שרעקט זיך, פאַרוואָס איז שיינדעלע שוואַכער פאַר טעמעלע'ן. אין דעם ליגט עפּיס אַ זינד, אַ שווע־רע עבירה, וואָס מאַכט קלאַפּען דאָס האַרץ. דער טאַטע מיט דער מאַמען פערשווינדען פון רעיון און אין זיין דמיון ווייזען זיך ווייל־עווייז בלויז צוויי געשטאַלטען—איינע קלאָר, דייטליך, ווי אַ לעבעדיגע, וואָס מען קאָן זי אָנטאַפּען, מיט איהר גאַנצען בלוט און רייץ און די צווייטע בלאַס, שוואַך, ווי אַ גוסס פּייערל, וואָס וויל אויפפלאַמען און קאָן נישט. און משה'לען ווילט זיך פּיינליך, עס זאָל זיין פערקעהרט: די ערשטע זאָל זיין שוואַך און די צווייטע שטאַרק. און כמעט ווי זיכער איז ער, אַז אין שטאָדט וועט ער בעקומען אַ האַרבע שטראָף פאַר דער־דאָזיגער עבירה.

די לאַנגע בעל־עגלי'שע שורה פאָהרט־אַריין אין שטאָדט, און אויפ'ן האַרטען ברוק קלאַפּען שווער די רעדער. אין גרויע אָוועגד־שלייערס שטעהען די הייזער, נאָר פון די פענסטער גיי־סען זיך געלע פייערן און ביי די זייטען גאַס גלאָצען פאָנאַרען מיט קראַנקע פערטראַכטע אויגען. עס איז הייס און דושנע און רוישיג, טויזענדער שטאָדט־קלאַנגען קלאַפּען אין אויער, ווי האַ־מערלעך, און די לופט שפּירט זיך ווי אַ וואַרימער קישען, וואָס ליגט האַרט ביי דער נאָז און לאָזט נישט אָטעמען. די גרויס פון דער שטאָדט און די ווייטע גאַסען און שווערע מויערן, וואָס זעהען זיך דאָ נישט, פאַלען אויפ'ן רוקען, ווי אַ באַרג. משהלע פּרובט זיך אַרומקוקען אין דער אָוועגד־פינסטערניש, וואָס איז געדיכט דורכגעשטאָכען מיט פייערן, און איהם דאַכט זיך, אַז די שטאָדט איז אַ פרעמדע און די מענשען זענען טרוקענע און האַרטע גזלנים. דאָס הערצעל ווערט איהם פערלאָפען מיט גאַל, ווי ביי אַ מענשען, וואָס שטעהט פאַר אַ קריג מיט שטאַרקערע פון זיך. אָבער די יונגע יאָהרען לינדערן איהם באַלד דעם וועה, און די פאַרבייגעפאָהרענע וועלדער און פעלדער, דערפלעך און טייכ־לעך, לאָנקעס און גאָלדשטויביגע וועגען, איבער וועלכע די רעדער זענען אַזוי ווייך געגאַנגען, פיהרען נאָך ווייטער זייער שטו־

מען שמועס מיט איהם, און איהם דאַכט זיך, אַז ער קומט דאָ אין שטאָדט אויף אַ ווייל און אַז דער אייגענער קושע וועט איהם איינגיכען פיהרען צוריק.

אויפ'ן ראָג פון אַ בעקאַנטער גאַס שפּרינגט ער אַראָב פון וואָגען מיט אַ לייכטען קאָפּ-שווינדלען און לאָזט זיך געהן אַהיים מיט פערגליווערטע פיס. איצט גלויבט זיך איהם קוים, אַז ער איז אין שטאָדט, אַז ער איז דער אייגענער, וואָס איז געזעסען פריהער אין וואָגען צווישען שטילע, מיט טאָג-גע-דעקטע פעלדער און זיך צוגעקוקט, ווי אַזוי אין אַלע פיר זייטען לאָזט זיך אַראָב דער הימעל אויף דער ערד, פונקט ווי ער וואָלט זי געוואָלט אַרויפגעהויבען פון אונטען. און משה'-לען דאַכט זיך, אַז ער געהט איצט פון אַזאַ אָרט, וואו קיין איין מענש איז נאָך נישט געווען און אַז געזעהן האָט ער עפּיס אַזוינס, וואָס קיין איין מענשליך אויג האָט עס נאָך נישט געזעהן. און דאָס ווייזט איהם אויס, ווי זעהר אַנ'אינטימער סוד, וועלכען מען קאָן קיינמאָל קיינעם נישט דערצעהלען, ווייל קיינער וועט עס קיינמאָל נישט פערשטעהן און נישט מיטפיהלען. ער מאַכט שנעלע האָפּערדיגע טריט, ווי אַ מענש, וואָס געהט פון אַ שענער גרויסער אַרבייט, און פאַר די אויגען דרעהען זיך איהם פאַרביגע שמעטערלינגען, לייכט-שווימענדיגע שוועלבעלעך, גאָלדענע ביהנען, שניי-ווייסע וואָלקענדלעך, בלויע טייכעלעך, גרינע לאָנקעס און הויכע יעל-בוימער, וואָס זענען עהנליך צו פוילישע גלחים. זיי אַלע דרעהען זיך, פאַלען, הויבען זיך, פלאַטערן און ווערען מיט אַמאָל פערשוואונדען, ווען ער קומט-אַרויף אויפ'ן הויף און דערזעהט די קלייניטשקע פענסטערלעך, וואָס שטעהען אינ'ם געלען שיין פון לאָמפּ. עס נעהמט איהם קלאַפּען דאָס האַרץ, ווי ביי אַ חיה'לע, וואָס דערזעהט פון דאָסניי די נאָרע, וואו עס איז געבוירען געוואָ-רען, און עטוואָס נישט-זיכער עפענט ער די טיר.

אין שטוב בעגעגענט איהם די מאַמע מיט שמחה, דער טאַטע מיט אַ שמייכעל און דער עלטערער ברודער מיט איראָניע אָבער משה'לע איז שוין גליקליך. מיט עפּיס אַ גאווה'דיגער הנאה·

קוקט ער אויפ'ן הייליגען וועג-שטויב, וואָס ליגט אים אויפ'ן אַקסעל, ווי אַן עדות פון דעם, וואָס ער האָט איבערגעלעבט, און ווי אַן אַלטער מאַן, וואָס ווייס דעם טיפען סוד פון לעבען, בעוועגט ער זיך צווישען די שטויביגע, ווי צווישען קינדער. אין זיין קוק צו זיי ליגט אַ ווייכע אונשולדיגע פערטראַכ-טונג.

—נו, משה'לע, ווי איז דיר געגאַנגען?—קלינגט איהם האַרציג דער מאַמעס קול,—האָט מען דיך עפּיס גוט אויפגע-נומען?..

—גום, זעהר גוט...—שטאַמעלט ער און שמייכעלט מיט אַן אונבעהאָלפענעם שמייכעל, וואָס קומט פון גוטסקייט און מחילה צו אַלץ און צו אַלעם.

—און די מאַמע וואָס מאַכט?—פאַלט פּאָרזיכטיג דעם טאַ-טענס אַ פראַגע.

אין משה'לעס זכרון בעוויזט זיך די באָבע, ווי אַ קליינ-טשיק שוואַרץ פינטעלע, איינגעפּאַסט אין אַ העל פּייערל. פון דעמדאָזיגען פינטעלע צוגיסט זיך אַ זיסע וואַרימקייט אין אַלע גלידער, און משה'לע ענטפערט, נישט-טראַכטענדיג און נישט-פיהלענדיג די ווערטער אויף דער צונג:

—די באָבע איז אַזאַ גוטע... איך האָב זי אַזוי ליב...

דער טאַטע צולאַכט זיך. די מאַמע לאָזט-אַראָב די אויגען, ווי אַ שנור, וואָס הערט אַ גוט וואָרט וועגען אַ שוויגער און דער ברודער גיט אַ מאַך מיט דער האַנד און געהט-אַוועק.

צום פינטעלע, וואָס איז איינגעפּאַסט אין אַ פייערל, קומט צו נאָך אַ פינטעלע—דער פעטער און נאָך אַ פינטעלע—רבקה'לע און נאָך אַ פינטעלע—פויגעלע. זיי פערהאַלטען זיך נישט לאַנג אין דמיון און פליהען-אַוועק, ווי פערטריבענע פליגעלען, אָבער מעכטיג און פעסט-שטעהענדיג בעווייזט זיך טעמעלע, און אַ זיס-זינדיגער שוידער לויפט איהם אַדורך פון די האָר-וואורצלען פון קאָפּ ביז די נעגעל פון די פיס. ער מאַכט עטוואָס צו די אויגען און שפּירט זיך אינ'ם שוידער, ווי אַ שוואַך שטרויעלע אין אַ צאַפּעלדיגען קאַלטען וואַסער. אַ ווײַלע דאַכט

זיך איהם, אַז די פיס ברעכֿען זיך איהם אונטער. אָבער דער-
דאָזיגער צושטאַנד דויערט נישט לאַנג. באַלד שמייכֿעלט ער
ווידער מיט אַנ׳אונבעהאָלפענעם גוטען שמייכֿעל און קוקט אויף
דעם טאַטען און דער מאַמען מיט אַ טיפער, אונבעוואוסטזיניגער
דאַנקבאַרקייט דערפאַר, וואָס זיי האָבען איהם געהאַט. ענטפערן
אָבער אויף זייערע פראַגען ווייזט איהם אויס משנה און ווילד,
ווייל אַזוי גסיעה לאָזט זיך נישט איבערגעבען מיט ווערטער. מיט
זיין יונגען הערצעל פערשטעהט ער, אַז מען קאָן נישט זאָגען
אויף אַ וואַלד, אַז ער איז שען און אויף אַ זומערנאַכֿט אין
פעלד—אַז זי איז שען. אפילו אויף אַ געוועהנליך גרעזעל קאָן
מען נישט זאָגען, אַז עס איז שען, מיט דידאָזיגע ווערטער
ווערט געלעסטערט די שענקייט און דער איינדרוק ווערט קאַליע.
בלויז דער טאַטע ווייס וואָס צו פרעגען:
—האָסטו געזעהן אַ סך וואַלד, משה׳לע?
משה׳לע פאַלט-אַריין מיט די אויגען אין דעם טאַטענס
אויגען און ביידע פערשטעהען זיך וואונדערליך טיף. אויף
אַ מינוט וויקעלט זיי אַרום אַ ריידענדיגע שטילקייט און משה׳לע
וואַרפט-אַראָב פון דער צונג איין וואָרט פון טויזענדער ווער-
טער, וואָס ער וואָלט געקאָנט זאָגען:
—אַ סך...
—און ביינאַכֿט אין וואָגען?
—יאָ...
—ביי דער קרעטשמע זיך אָבגעשטעלט?
—זיך אָבגעשטעלט... הינד און ציגען זענען דאָרט פאַרהאַן...
—און נאָכֿדעם ביים טייכֿעל?
—ביים טייכעל...
—דעם סטאַרשעלער וואַלד געזעהן?
—געזעהן...
אינ׳ם טאַטענס אויגען לייכט-אויף עפּיס אַ ווילדע בענק-
שאַפט, ווי ביי אַ שכור, בשעת ער רעדט פון נישט-געטרונקע-
נער משקה, און עס שפירט זיך, ווי די רעיונות געהען איהם
אונטער דעם פערקנייטשטען שטערן, ווי ממשות׳דיגע רעדער.

משה׳לעס אויגען זינקען נאָך טיפער אין זיינע און די ריידענ־דיגע שטילקייט ווערט נאָך גרעסער און שטאַרקער. דעם טאַטענס שווייגען און זיין פערקנייטשטער שטערען שלעפען משהלען אַריין אין אַ תהום פון וואַלד־בילדער און בײדע באָדען זיך אין זיי, ווי שכורים. אָבער די מאַמע, וואָס פערשטעהט זיי איצט, גיט אַ צוק מיט די ליפען און רופט זיך אָן מיט אויפריכ־טיגען עקעל:

—מילא, דאָס איז אַ יונגעל, אָבער ווי אַזוי צוקאָכט זיך עס אַן׳עלטערער מענש!.. וואַלד און וואַלד און וואַלד... כלעבען, אַ חרפה און אַ בושה צו הערען. שעמען מעגסטו זיך.

דער טאַטע ענטפערט נישט, און פון אַ טונקעלען ווינקעל הוסט זיך אָב אַ ברייט שיטער פנים מיט אַ נאָז, ווי אַן׳אָפּענע טיר.

—פייע,—זאָגט דאָס פנים,—בייזער זיך נישט. גיב בעסער נאָך אַ גלאָז טיי. און דו משה׳לע, מעגסט אָבגעבען זלמנ׳ען אַ גוט־אָווענד.

משה׳לע געהט־צו צו זלמנ׳ען, און די מאַמע ווערט בע־סער. זי דערלאַנגט טיי צום טיש, און די בענקשאַפט, וואָס בעפאַלט דעם טאַטען, ווי עפּיס אַ קלעפּיגע קראַנקהייט, געהט־אַריבער. אַלע זעצען זיך ביים טיש, און, ווי אַ נעבעל צו־שפּרייט זיך אין משה׳לעס מידען בלוט דער איינדרוק פון דער נסיעה. אַלץ חזר׳ט זיך איבער אין זיין זכרון אָהן זיין וויסען, און עמיץ שעפּטשעט איהם אין די נערווען:

—ווייסט נאָך זעהן, משה׳לע, פעלד און וואַלד און הימעל און קרעטשמעס און אַ פּריץ מיט אַ מיידעלע... דאָס איז ערשט אַנ׳אָנהויב...

און משה׳לע מאַכט־צו האַלב די אויגען, ווי אַ מענש, וואָס וויל זיך טיפער צוהערען צו די קלאַנגען פון זיין גליק־ליכען סוד, און שמייכעלט און גלויבט. ער רעדט מיט זלמנ׳ען, מיט׳ן טאַטען און דער מאַמען, אָבער ער געהט נישט אַרויס פון זיין סוד און פון די אַלע בילדער, וואָס ער האָט נישט לאַנג געזעהן. זיי אַלע לעבען מיט איהם און בלעטערען זיך

אין זיין נשמה, ווי זייטלעך פון אַ ליכטיגען זיסען בוך.

אין דער אייגענער רגע לויפט אריין שיינדעלע אין אַ בלוי־
סיצען קליידעלע, מיט קורצע אַרבעלעך, בעניייהט ביי די ברעגען
מיט ווייסער האַפטונג. און דאָס געשיהט פלוצלונג: פריה־
ער אַ שפּרונג, נאָכדעם אַ האַלבדערשראָקענער שמייכעל און
נאָכדעם אַ געשריי:

—משה'לע...

און צוויי וואַרימע נאַקעטע הענדטלעך כאַפּען איהם
אַרום ביים האַלז און צוויי ראָזע אויסגעשאָרענע ליפּעלעך
קלעפּען זיך צו צו זיינע.ביידע שעמען זיך נישט און דערי־
בער בעמערקט עס קיינער נישט. זייער קוש איז אַ לאַנגער,
אָבער אַז שיינדעלע נעהמט-צו די הענטלעך, רוקט זיך עטוואָס
אָב און שטעלט-אויס צוויי גליקליכע שטראַהלען-שפּראָציגע אוי־
גען, בעמערקט משה'לע די ווייסע האַפטונג אויף איהרע אַר־
בעלעך, די הויכע זאָקען אויף די שלאַנקע פיסלעך מיט'ן
קורצען קליידעלע, און דאָס ערשטע מאָל זעהט ער, אַז עס
איז פאַרהאַן אַן'אונטערשייד צווישען אַ גרויסשטעדטישער מיי־
דעל און דעם פעטערס מיידלעך פונ'ם קליינעם שטעדטעל.
עס איז פאַרהאַן אַן'אונטערשייד אינ'ם געניייה פון די קליידער
און אין דער האַלטונג, אפילו אינ'ם שמייכעל און וואָרט. און
דערדאָזיגער אונטערשייד פרעהט איהם און מיט'ן אינסטינקט
פיהלט ער, אַז ער וועט איהם זיין אַ שוץ געגען דער פיינ־
ליכער בענקשאַפט נאָך טעמעלע'ן. איצט וועט שיינדעלע מנצח־
זיין און ער וועט צוריק ווערען אַ ריין און אויסגעלייטערט
יונגעל. טעמעלע וועט אַרויס פון געדעכעניש, ווי אַ שווערע
זינד, וואָס וועט זיך מעהר נישט איבער'חזר'ן. דאָס האַרץ
ווערט איהם פערלאָפען מיט שמחה, פונקט ווי ער וואָלט קלוג
אויסגענאַרט דעם יצר-הרע, און לייכט, נישט-געצוואונגען, קעהרט
ער זיך אָב פון אַלעמען, וואָס זיצען מיט איהם ביים טיש
און פערשמועסט זיך מיט שיינדעלע'ן. דאָס, וואָס זלמן רעדט
צו איהם, הערט ער נישט און דער מאַמעס אַ פראַגע פאַלט
איהם גאָרנישט אַריין אין אויער. און שיינדעלע האַלט זיך נעֿ־

בען איהם פריי, ווי אַ יונגעל, כאַפּט איהם פאַר די הענד, שלעפּט איהם נאָך זיך, שאָקעלט איהם ביים אַקסעל, און עס איז, קענטיג, אַז יעדע בעוועגונג איז איהר וועניג אויסצודריי־קען די שמחה, וואָס שלאָגט אין איהר. פּלוצלונג אָבער פער־רויטעלט זי זיך, האַלט זיך אָב, ווערט עפּיס אָבהענטיג און פרעגט שטיל און פאָרזיכטיג, נישט מיט איהר קול, נאָר מיט אַ דינעם אונבעקאַנטען קול, וואָס וואַקסט אין איהר פערבאָרגען צוזאַמען מיט'ן פרויענבלוט:

—זאָג, משה'לע, האָסט געבענקט נאָך מיר?

משה'לע ווייס נישט וואָס צו ענטפערן. אָבער ער וויל ראַטע־ווען זיין ריינקייט, פערקניפּען שטאַרקער די פעדעם, וואָס פערבינדען איהם מיט שיינדעלע'ן, און ער בעשליסט זיך אויף אַ ליגען:

—געבענקט, שיינדעלע, זעהר געבענקט...

שיינדעלעס אויגען בעקומען אַ פייכטען גלאַנץ און זי פערלירט באַלד די פרעהליכקייט. זיינע ווערטער שוואַכען זי אָב, ווי אַ הייסער שטראַהל אַ קליין גרעזעלע. די אויגען לאָזט זי אַראָב, דעם קאָפּ און די הענד לאָזט זי אַראָב און עהנ־ליך ווערט זי צו אַ ווייס טייבעלע, וואָס גיט זיך אונטער דעם שוחט'ס חלף. שטיל, ווי צו דער פּאָדלאָגע, שעפּטשעט זי:

—האָסטו געבענקט. האַ?

—שטאַרק געבענקט...

—און וועסט שוין נישט אַוועקפאָהרען?

—חלילה...—און אין זיין קול גנב'עט זיך נישט־ווילענ־דיג אַריין אַ טאָן פון גדלות:

—און מיר וועלען ווידער שפּאַצירען?

—מסתמא...

—און ביכעלעך וועסטו מיר לייענען?

—אַודאי. פאַרהאַן נייע ביכלעך.

—און אויף שוועלבעלעך וועלן מיר קוקען?

—און אויף שוועלבעלעך...

—און בלימעלעך וועלען מיר רייסען ביים טייך?
—און בלימעלעך...
—און נאָכדעם וואָס וועט זיין?
—וואָס היימט?
—נאָכדעם וועלען מיר אויסוואַקסען, משה׳לע?
—אויסוואַקסען, שיינדעלע...
—וועלען מיר ווערען גרויסע און חתונה-האָבען?
—דו ווילסט?
—איך וויל...
—וועלען מיר וואוינען אין אַ קליין שטיבעלע...
—אָבער איך וועל טראָגען אַ לאַנג קלייד מיט אַ בראַס-לעט אויף דער האַנד...
שיינדעלעס מוח׳ל פערצוקט דאָרשטיג, ווי אַ רויב-חיה׳-לע די אַלע זיסע ווערטער און אַ ווײַלע שטעהט זי אַזוי ווי צומישט.
—משה׳לע!—שעפטשעט זי מיט אַ ציטער אין אַלע גלי-דער.
—וואָס?
—זאָג, אַזוי וועט עס טאַקי זיין?
—אַודאי, שיינדעלע, דאָס איז דאָך מן השמים...
איצט בעפאַלט זי שוין די פריהערדיגע שמחה. כאַפּט זי איהם אָן ביי דער האַנד און לויפט מיט איהם אַרויס אין דרויסען. אַ בלינדער הימעל אָטעמט וואַרים אויף דער ערד און ווי שוואַרצע מידע חיות טוליען זיך די הייזער אונטער איהם. דער גרויסער בעקאַנטער הויף איז שטיל, און אין דער שטיל-קייט קלינגט-אָב, ווי אַ קראַנקער ווידערקול דאָס נאַכט-לעבען פון דער גרויסער שטאָדט. משה׳לע הערט זיך צו צו די קלאַנ-גען, וואָס זענען איהם איצט פרעמד, און קוקט זיך צו צו שיינ-דעלעס געזיכט, וואָס שיילט זיך בלאַס אין דער וואַרימער שוואַרצקייט. דאָס געזיכט שווימט-צו נעהנטער און נעהנטער און קלעבט זיך צו מיט די ליפען צו זיינע, אָבער ער פיהלט זיך אַזוי מיד, אַז ער מאַכט אַ טריט צוריק, פונקט ווי עמיץ וואָלט

איהם אָבגעשטויסען. נעהמט ער זי אָן ביי דער האַנד און
פיהרט זי לאַנגזאַם איבער׳ן הויף און זי אָטעמט איהם שטיל
אַרום באַק און איהר שווייגען בעהעפט זיך מיט זיין שווייגען
און איהרע טריט בעהעפטען זיך מיט זיינע טריט און דער הימעל
פערדעקט זיי און די נאַכט פערהילט זיי און די ערד פערבע-
האַלט דעם שאָרך פון זייער בעוועגונג און זיי גייען אַהין-
און-צוריק, אַהין-און-צוריק נעבען דעם גרויען פאַרקאַן, נע-
בען די שוואַרצע הייזלעך מיט די געלע פייערלעך, ווי קע-
צישע אויגען, און זיי שפּרייזן-איבער די געלע קעסטעלעך
ליכט, וואָס ציטערן אונטער די פענסטער, ווי וואַסערלעך,
און זוכען טיף מיט די אויגען אינ׳ם בלינדען הימעל און
זוכען די אייגענע שטילע נשמה אין איינאַנדער. אָבער משה׳-
לע פערלירט די כּוחות. די מידקייט שלאָגט איהם אין שאַר-
בען, ווי מיט אַ האַמערל. שטעלט ער זיך אָב ביי איהר טיר
און שעפּטשעט מיט אַ פערשמאַכטען אָטעם:

—אַ גוטע נאַכט, שיינדעלע... גריס דיין מאַ-
מען. מאָרגען וועל איך קומען צו אייך. אַ גוטע נאַכט, שיינ-
דעלע...

שיינדעלע וויל זיך אָבער נישט אָבשיילען פון איהם.
נעהמט זי אַרויס איהר האַנד פון זיינער, פונקט ווי מען רייסט-
אָב איבערגעוואַלד אַ שטיק אייגען לייב, שפּרינגט-אַריין אינ׳ם
קליינעם פינסטערן פאָרהויזל, ווי אין אַ שוואַרצען הייל, און
משה׳לע געהט-אַריין, אַ מידער, ווי אָהן אַ נשמה, אין שטוב.
זיין שטענדיגער געלעגער איז שוין פאַרטיג, און זלמן שטעהט
אַ געבויגענער, מיט׳ן גראָבען שטעקען אין האַנד און מיט דער
לולקע אין מויל. מיט שווערע טריט און מיט אַ גרויסען אומ-
געלומפּערטען שאָטען אויף דער וואַנד געהט ער צו צו משה׳-
לען, גיט איהם אַ קניפּ אין בעקעל און „סוד׳עט איהם אָן
אויפ׳ן אויער מיט אַנ׳אָטעם פון אַנ׳אַלטער יודינע:

—פאַרהאַן אַ מעשה׳לע... אַ נייע מעשה׳לע...

אָבער משה׳לע ענטפערט איהם נישט. הענדום-פּענדום
טוט ער זיך אויס און כאַפּט זיך אַרויף אויפ׳ן געלעגער, און

אַז ער לעגט-אַוועק דעם קאָפּ אויפ'ן קישען און מאַכט-צו די אויגען, בעהמט זיך דרעהען די ערד און קושע מיט'ן וואָגען און דער וואַלד און די קרעטשמע און די טייכעלעך און דער פריץ מיט'ן מיידעלע, און ער שלאָפט תיכף איין מיט אַ שווע-רען האַרטען שלאָף. באַלד אָבער רייסט זיך איבער דער שלאָף, ווי פון עפּיס אַנ'אינערליכען שטויס און פּיינליך בעזעצט זיך אין איהם טעמעלע, יענע טעמעלע, וואָס די לופט אַרום איהר איז אַ קלעפּיגע, אַ יצר-הרע'דיגע, וואָס די שלאַנקע פיסלעך איהרע זענען ציהענדיגע און פערפיהרערישע—און ער דערפיהלט פּלוצלונג הייסע טרערען אויף די אויגען. איינשלאָפען קאָן ער שוין נישט.

---

## אַ נאַכֿט.

### פֿערצעהנטעס קאַפּיטעל.

ווי אַ גאָלדענער זינג-פֿויגעל איז אַ דורכֿגעפֿלויגען דער זומער; נאָך איהם איז לאַנגזאַם דורכֿגעגאַנגען דער הערבסט, ווי אַ בעטלער מיט פֿערטרעהרטע אויגען און מיט אַ גרויען צו-ריסענעם בגד אויף זיך; און נאָכֿן בעטלער איז געקומען אַ צילכֿטיגער ווייסער זיידע און האָט זיך רוהיג אַוועקגעזעצט אונ-טער'ן פֿענסטער אויף לאַנגע, לאַנגע חדשים.

דערנאָך איז אַוועק דער זיידע און ווידער איז געקומען דער גאָלדענער פֿויגעל. ערד און הימעל האָבען זיך צוזאַמענ-געגאָסען אין בלענדענדיגען ליכֿט און שרייענדיגע פֿאַרבען, און אין דער דושנער פֿערשמאַכֿטער שטאָדט האָט זיך געשפּירט, אַז ערגעץ וואַקסען זעפֿטיג די פֿעלדער און פֿרישע ווינדטעלעך ציהען די זאַנגען פֿאַר די קעפּלעך. משה'לעס טאַטע דערשפּירט עס אַלעמאָל דער ערשטער, און אָט געהט ווידער משה'לע מיט'ן טאַטען אין וואַלד און נאָכֿדעם מיט שיינדעלע'ן אין לודאַמענט און טרינקט הימעל, זון און ליכֿט. טעמעלע'ן האָט ער שוין לאַנג פֿערגעסען, ווי אַ געזונדטער מענש פֿערגעסט אַנ'-

אַמאָליגע שווערע מחלה, דאָך אָבער איז ער עפּטער אונרוהיג און צוטראָגען. פאַרהאַן מינוטען, ווען ער ווייס נישט, וואָס ער וויל, ווען ער קוקט אַזוי ווי מיט גלעזערנע אויגען אַרום זיך, און ער קאָן בשום אופן נישט בעשטימען, וואָס וואָלט איהם אין דערדאָזיגער מינוט געקאָנט בעפרידיגען. עס ציהט צו אַלץ און עס ציהט צו גאָרנישט. אַלץ געפעלט און אַלץ געפעלט נישט. אונבעקאַנטע קאַפּריזען וואַקסען אין דער נשמה, ווי גיפטיגע גראָזען, אָבער צוויי כּוחות ראַטעווען איהם שטענ-דיג אַרויס: דאָס איז גאָט און שיינדעלע.

מיט גאָט פיהלט ער זיך שטאַרק אין פערקעהר, כּמעט ווי מיט אַ לעבעדיגען מענשען. דריי מאָל אַ טאָג רעדט ער מיט איהם, אָבער מעהר טראַכט ער פון איהם. און ביסלעכווייז גע-וועהנט ער זיך אָב פון געדאַנק, אַז גאָט זיצט ערגעץ ווייט און הויך אויפ'ן הימעל. ניין, גאָט וואוינט דערביי אויף דער ערד, נעבען איהם, נישט ווייט. אָט איז גאָט, מען בעדאַרף נאָר צוגעהן אָדער צופאַלען צו איהם. טיילמאָל שפירט ער דייטליך זיין געהיימען אָטעם איבער זיך. מען בעדאַרף זיך נאָר נישט שרעקען און אויפהויבען די אויגען, וועט מען איהם דער-זעהן. בעזונדערס קאָן עס געלינגען אינדערפינסטער. פאַרנאַכט, ווען בלויע רויפעלעך טאַנצען פאַר די אויגען און אין די אויערן קלינגט עפּיס אַ ווייטער הייליגער יום-כּפּור-נגון. דע-מאָלט קאָן מען זעהן גאָט. אָבער מען בעדאַרף זיין ריין בעת-מעשה, אינגאַנצען ריין, ווי אַ ווייס מאַי-וואָלקענדעל נאָך אַ רע-גען. אין אַזאַ מאָמענט פיהלט ער, אַז ער וועט קיינמאָל נישט זיין קיין פערברעכער און קיין שלעכטער מענש און קיין ליג-נער און אַז ער טראָגט ביי זיך אין האַרצען אַ פייערל, אַ בע-זונדער פייערל פון גאָט און אַז דאָסדאָזיגע פייערל וועט איהם זיכער שטענדיג שיצען, ווי אַ פאַנצער און פיהרען אויף דעם אמת'ען וועג.

און דער גוטער גאָט, וואָס וואוינט נישט אויפ'ן הי-מעל, נאָר אויף דער ערד, דערביי, נישט ווייט, און וואָס אָטעמט איבער איהם, ווי אַנ'אָדלער איבער זיין עופ'עלע, האָט

עס איהם געשענקט שיינרעלע'ן מיט די ברוינע אויגעלעך און פרישע אויסגעשאָרענע ליפּעלעך. ער האָט זי נאָר איהם געשענקט, וואָרום קיינער פון זיינע חברים האָט נישט קיין שיינדעלעך און ווייס נישט דעם טעם פון אַזאַ ליבען שוועסטערל, וואָס אַז מען קוקט אויף איהר, ווערט וואַרים אין די פינגער פון די הענד, און עס ווילט זיך לאַכען. און אַ מאָדנע זאַך: אין זיין דמיון איז גאָט מיט שיינדעלע'ן צונויפגעגאָסען אינאיינעם, ווי צוויי פייערן. עס ווילט זיך ביידען ליב האָבען אויף איין שטייגער, מיט איין-און-דעמזעלבען ברען, הגם טיף ביי זיך אין האַרצען שפּירט ער אונבעוואוסטזיניג, אַז די ביידע שטימען זיך נישט, אַז זיי באַדאַרפען זיין בעזונדער און אָבגעטיילט, ווייל איין ליבע קאָן פערברענען די צווייטע.

און אָט די אונבעוואוסטזיניגע שפּירונג, אַז זיי בעדאַרפען זיין בעזונדער און אָבגעטיילט און אַז מען קאָן זיי ביידען גלייך נישט ליבען, פערשטאַרקט זיך אין איהם ערשט שפּעטער, אין איינער אַ שוואַרצער רעגענדיגער נאַכט, ערב הושענה-רבה, ביי בעריל קבצן אין שטוב. דידאָזיגע נאַכט האָט ער אַ צייט לאַנג נישט געקאָנט פערגעסען, און אַ צייט לאַנג איז זי איהם געלעגען אויפ'ן האַרץ, ווי אַ לאַסט. אויסערליך איז דאָס געווען אַ גאַנץ געוועהנליכע זאַך.

בעריל קבצן, וואָס איז געווען אַזוי אָרים, אַז אַפּילו דאָס געלע בערדעל האָט זיך געפוילט צו וואַקסען אויף זיינע איינגעפאַלענע באַקען, האָט געהאַט איין גליקליכען טאָג אין יאָר: הושענה-רבה. דעמאָלט האָט ער געפיהרט גרויס מסחר מיט הושענות. אַ גאַנצע עדה יודען האָט זיך געניטיגט אין איהם. אַלט און יונג האָט זיך געדרעהט אַרום איהם. דער גרעסטער פאַבריקאַנט האָט נישט איבערגעלעבט אַזאַ קאָליגע מסחר-לופט, און בערילס קליינע לא-יוצלח'דיגע האָריגע הענדטלעך פלעגען פרעהליך און געשווינד אויפכאַפּען די קופּערנע מטבעות ביי די קונים. אָבער ווי אַלע גרויסע געשעפטס-לייט, האָט בעריל בעדאַרפט האָבען מענשען, און אָט פלעגט משה'לע מיט שיינדעלע'ן געהן אַלע יאָהר איהם העלפען צונויפבינדען אין פּעק-

לעך די שמעקעדיגע פּאָלירטע ריטלעך מיט די לאַנגע האַרט־
ליכע בלעטעלעך. ביידע קינדער פלעגן אַרבייטען אָהן געצ-
צאָהלט בלויז לשם מצוה און די אַרבייט פלעגט געהן ביינאַכט.
אָבער די אַרבייט איז געווען אַ זיסע און אַ מחיה׳דיגע, און אַז
זיי פלעגען זי ענדיגען און געהן אַהיים, פלעגען זיי פיהלען
דעם רייץ און די שטילע צופרידענקייט פון אַ מצוה.

אַ יאָהר דרעהט זיך איבער, ווי אַ גרויסע ראָד מיט פיר
פאַרבען: ווינטער, פריהלינג, זומער און הערבסט, און אָט
שטעהט ווידער משה׳לע מיט שיינדעלע׳ן ביי בעריל קבצן אין
שטוב און ביידע בינדען די שמעקעדיגע פּאָלירטע ריטלעך. אַ
געלער שיין טריפט פונ׳ם קליינעם לעמפּעל, וואָס הענגט אונ-
טער דעם נידעריגען באַלקען און געלע פלעקען ציטערן אויף
די קליינע הילצערנע שאָטענדיגע וואַנד. אויף דער פייכטער
פּאָדלאָגע ליגען בערגלעך פרישע הושענות, וואָס דערמאָהנען
אָן פרייע פעלדער, אָן זון און אָן שווערלבעלעך, און עס שמעקט
מיט זומער-ווינד. אַ מאָדנע זאַך: דאָס שטיבעלע איז קליין און
אָרים, אין אַ ווינקעל ליגט אַ יעהריג קינד און זויגט דעם פינ-
גער; אין אַ צווייטען ווינקעל ליגט חנה-זיסל, בעריל׳ס ווייב,
און אירע קראַנקע לונגען ראַנגלען זיך מיט דער רויהער לופט פון
הערבסט, דערביי פערגעסט זי אָבער נישט צו קינדלען; גרויע
שאָטענס הענגען אויף די וואַנד און טרינקען דעם מאָגערן שיין
פון לעמפּעל און צו די שויבען פון די פענסטער איז צוגע-
קלעפּט אַ שוואַרצע גאַכט מיט אַ דראָבנעם, שטיל-פויקענדיגען
רעגענדל—און דאָך איז עפּיס ליב און היימליך אינ׳ם שטיבע-
לע, ליבער, זיסער און היימליכער, ווי אין דעם שענסטען פּאַ-
לאַץ אין דער וועלט. אָבער פון וואַנען נעהמט זיך דידאָזיגע
היימליכקייט? נישט פון בעריל קבצן און נישט פון די גרויע
ווענדטלעך און אַפילו נישט פון די הושענות. מעגליך, אַז פון
שיינדעלע׳ן, וואָס איז היי-יאָהר שענער, ווי פאַריאָהרען און
פאַריאָהרען שענער, ווי פאַר צוויי יאָהרען. זי וואַקסט, שיינדעלע,
און מיט יעדען טאָג קריגט זי מעהר מיידעלשע פאַרבען אין
די בעקלעך און מיידעלשע פייערלעך אין די אויגען. פון איהר

געהט-אויף אַ פערבאָרגענער שיין און בעהעפט זיך מיט'ן ריח פון די הושענות. די אַרבייט שפּילט ביי איהר אין די הענד און דער זאַפט פון די פרישע ריטלעך לעגט זיך מיט אַ גלאַנץ אויף איהרע דינע פינגערלעך. משה'לע קאָן איהר בשום-אופן נישט נאָכיאָגען אין דער אַרבייט. ער מאַכט צוויי בינטלעך, זי — פינף, זעקס און מעהר. און אַז זי לעגט-אַוועק אַ פאַרטיג בינ־טעל, לאַכט זי, און פון איהרע אויגען שלאָגט אַ פייערל שטאַר־קער און העלער, ווי פון לאָמפּ.

אינמיטען שטוב שטעהט בעריל קבצן און בעטראַכט זיין עשירות. פון זיין פּאָזע איז קענטיג, אַז ער וואָלט זיך וועל'ען בעריהמען פאַר עמיצען — פאַר דער ווייב, פאַר אַ שכן, צי סתם פאַר אַ מענשען. דאָס הושענות-געשעפט ליגט נישט ביי איהם אַליין אין די הענד. פאַרהאַן נאָך יודען, וואָס האַנדלען דער־מיט, אָבער קיין איינער פון זיי האָט נישט אַוועקגעשטעלט דאָסדאָזיגע געשעפט אויף אַזוינע ברייטע יסודות, ווי ער. ער פערקויפט נישט בלויז אין איינצעל, נאָר אויך אין הורט. מען קומט צו איהם פון די סאַמע פערוואָרפענסטע געסלעך, און דער פּרייז פון אַ פּעקעל הושענות איז אייגענטליך אָבגעהאַנגען פון איהם. אָבער עס איז נישטאָ מיט וועמען צו ריידען, נישטאָ וועה עס זאָל איהם אויסהערען, שטעהט ער מיט די הענד אין די הויזענקעשענעס, דעם קאָפּ פערוואָרפען אַהינטער, ווי אַ מענש, וואָס פיהרט גרויסע און רעיעלע געשעפטען, אָבער קיי־נער פערשטעהט איהם נישט.

— קינדער, — זאָגט ער מיט אַ ווייבערישען קול און אָטעמט זיך אָב, ווי אַ גרויסער פאַבריקאַנט, וואָס איז פערוואָרפען מיט בעשטעלונגען, — היינטיגע הושענות זענען בעסערע, ווי פאַראַיאָה־רען... זיי זענען פעטערע, דיקערע...

און אַז די קינדער שווייגען, וואַרפט ער אַרויס נאָך עטליכע סאָלידע ווערטער:

— פאַרהאַן אַ גערעטעניש אויף קאָרן, פאַרהאַן אַ גערעטע־ניש אויף פירות און פאַרהאַן, ווידער, אַ גערעטעניש אויף

הושענות. הושענות זענען אויך אַ סחורה... אַפילו אַ גרויסע סחורה, מען בעדאַרף אָבער זיין אַ בריה...

די ריטלעך ווערן וועניגער און וועניגער. איצט וואַקסען די בינטלעך, וואָס ווערן אויסגעלעגט אין גלייכע קופּקעלעך אויף אַ לאַנגער באַנק. ווײַלעווייז לעגען-אַוועק שיינדעלעס פינגערלעך נייע פאַרטיגע בינטלעך הושענות מיט אַ שטילען שאָרך, פונקט ווי יעדעס בינטעל וואָלט איהר ביים שיידען זיך איינגערוימט עפּיס אַ סוד.

די שוואַרצע נאַכט מיט'ן דראָבנעם רעגענדל ווערט בלאַסער און בלאַסער, און אונטער'ן פענסטער שטעהט זי שוין, ווי אַ גרוי פּאַפּיר, וואָס ציהט זיך פון איין עק וועלט ביז'ן צווייטען. שטיל און לאַנגזאַם ווערט געלעכערט דאָסדאָזיגע גרויע פּאַפּיר און דורך די לעכלעך גיסט זיך פּאַוואָליע דאָס ערשטע ליכט פון טאָג. בעריל קבצן רוקט זיך אַרויס פון שטוב, דאָס יעהריגע קינד הערט-אויף צו זויגען דעם פינגער און צעווייגט זיך אין ווינקעל מיט יענעם מין וויינען, וואָס פאָדערט נישט קיין הילף און וואָס קיינער קוקט זיך נישט אום דערויף, און חנה-זיסל נעהמט ריידען פון שלאָף. שיינדעלעס פינגערלעך פערצוקען דאָס לעצטע ביסעל הושענות און אָט ווערט עס געשיקט אויסגעבונדען אין געמאָסטענע פּעקלעך. אינ'ם רעגענדיגע בעגינען, וואָס פיהרט דורך די נאַסע שויבען אַ קאַמף מיט די גרויע נאַכט-שאָטענס פונ'ם הייזעל, פאַלט שיינדעלעס אַ בליק אויף משה'לען און משה'לע, ווידער, נעהמט קוקען נישט זיכער אויף שיינדעלע'ן. נאָך אַ נאַכט אַרבייט, נאָך אַ נאַכט שטעהן אויף די פיס, ווערען ביידע אָבגעשוואַכט און אין דערדאָזיגער אָבגעשוואַכטקייט ציהט זיי צו איינאַנדער. עס ציהט אָהן געדאַנקען, אָהן אַ רעכענונג, נאָר בלויז מיט'ן אינסטינקט. פון שיינדעלע'ן שלאָגט עפּיס אַנ'אונבעקאַנטער וואַרימער ריח, וואָס מען שפּירט פון גרויסע דערוואַקסענע מיידלעך, בשעת זיי טוען זיך אויס. און, אַ פער'שכור'טער, כאַפּט זי משה'לע אַרום און פערגראָבט זיך מיט די ליפּען אין איהר האַלז. וואָס איז איהם עטוואָס געזאָלצען-זיס אויף דער צונג. ער פערקוועטשט די אויגען און

זינקט טיפער אין איר האַלז, ווי אין אַ שוואַרצען דושנעם תהום, אָבער פלוצלונג קומט ער צו זיך, רייסט זיך אָב און די פּאַקען בעגיסען זיך איהם מיט אַ גלוטיגער בושה-רויטקייט. אַ דערשלאָגענער, דרעהט ער זיך אויס צום פענסטער, וואָס איז פערהאָנגען מיט אַ רעגענדיגער בעגינען-בלינדקייט. שיינ-דעלע אָטעמט זיך אָב און נעהמט איהם אָן פון הינטען ביי דער האַנד.

—משה׳לע...—קלינגט איהר קול ווייך, קלוג און אָהן בושה.—מיר קאָנען שוין געהן אַהיים... דרויסען איז דאָך שוין טאָג.

—טאָג... טאָג...—מורמעלט משה׳לע, ווי עמיץ וואָלט איהם געוואָרגען.

עֶר האָט מורא זיך צו ריהרען פון אָרט. איהם דאַכט זיך, אַז הינטער זיין פּלייצע קוקען אויף איהם הונדערטער פיינדליכע אויגען, וואָס ווילען איהם דורכשטעכען, ווי הייסע פיילן, אַז די ווענט רוקן זיך צוזאַמען און אַז דער באַלקען פאַלט איהם אַרויף אויפ׳ן קאָפּ. ביז בלוט בייסט ער איין די אונטערשטע ליפּ, פערקנייטשט דעם שטערן, ווי אַ זקן און הערט זיך צו צום האַרץ, וואָס קלאַפּט זיגזאַגיש און איילig, פונקט ווי דאָרט וואָלטען זיך געראַנגעלט דריי קראַנקע הערצער. אָבער וואָס איז געשעהן? שיינדעלע׳ן האָט ער טויזענדער מאָל געקושט און זיך קיינמאָל נישט געשעמט און נישט געפּייניגט. זיי האָבען אַפילו דעם קוש קיינמאָל נישט באַמערקט. אַפּנים, אַז דער היינטיגער קוש איז אַנ׳אַנדערער: ער האָט באַשאָטען דעם רוקען מיט קאַלטע שטעכיגע שפּיזעלעך און די אויגען האָבען זיך געטרונקען אין אַ טאַנצענדיגען פייער, די הענד האָבען פאַרלאָרען די מאַכט איבער זיך, די גוף האָט זיך אויס-געבויגען, דער האַלז אויסגעצויגען, און געדאַכט האָט זיך, אַז ער גליטשט זיך אויס בעפעהרליך, ברעכענדיג האַלז און אַקען. אָבער עפּיס אַ זיסע פיינליכקייט פילט-אָן בעת-מעשה יעדעס טראָפּעלע בלוט. נישט-ווילענדיג פאַלט איהם אַריין אין זכרון טעמעלע, יענע טעמעלע, וואָס איז געזעסען מיט איהם נעבען

בית-עלמן, אונטער די שטילע נאַכט-בעראָזעס און זיין אינער-ליכע צוטרויסלונג ווערט נאָך גרעסער. ער האָט מורא צו מאַכען אַ בעוועגונג. ער האָט מורא זיך צו טרעפען מיט שיינ-דעלעס אויגען. ער האָט איצט פיינט שיינדעלע׳ן מיט אַלע זיינע צוטרויסעלטע חושים. ער האָט זי פיינט פאַר איר רוהיג אָטעמען, פאַר איהר גוטמוטיגקייט און פאַר׳ן ריח, וואָס שלאָגט פון איהר. וואָס האָט זי צו איהם? וואָס שטעהט זי הינטער זיין פלייצע און געהט נישט אַוועק?

אין שטוב פאַלט-אַריין בעריל קבצן מיט צוריסענע קווי-טשיגע שטיוועל פון נאַסקייט. זיינע בעוועגונגען זענען אָבער שטרענגע און געשעפטליכע און אויף די מאָגערע אַקסלען שטעהט איהם דער קאָפּ העכער, ווי אַלעמאָל. ער וואַרפט אַנ׳-אויג אויף די פעקלעך הושענות און רופט זיך אָן מיט אַ וויי-בערשען קול:

—וואָס, שוין געענדיגט, קינדער? נו, קאָנט איהר דאָך געהן אַהיים...

ביידע קינדער גיבען זיך אַ כאַפּ צו די לעצטע עטליכע ריטלעך, אָבער משה׳לען ציטערן די הענד, די באַקען פלאַמען און די אויגען האַלט ער פער׳עקשנ׳ט אַראָבגעלאָזט. די ריטלעך פייפען, ראַנגלען זיך און לאָזן זיך נישט בינדען. דערשטיקען דעם וועהטאָג איז שווערער, ווי דער וועהטאָג גופא, אָבער דערשטיקען איהם מוז מען, ווייל אַ פרעמדער יוד, בעריל קבצן, שטעהט דערביי און ער קאָן נאָך אַראָבלייענען פון משה׳לעס אויגען, וואָס דאָ איז געשעהן.

—ביי אונז איז שוין דאָ טיי... די מאַמע איז שוין אַוודאי אויפגעשטאַנען,—שעפּטשעט שיינדעלע מיט אַ בעזונדער ווייכקייט,—קום אַהיים...

—איך וועל געהן...—ענטפערט משה׳לע נישט איהר, נאָר זיינע אייגענע אָנגעוועהטאָגטע רעיונות און פערענדיגט אין גע-דאַנק:—אין גיהנם אַריין.

דרויסען שיילט זיך דער טאָג פון די גרויע נעבלען, וואָס בעדעקען די כ׳שאָדט. אויף די ווענט צושפּרייט זיך אַ בלינדע ליכטיגקייט און דאָס פלעמעל אין לאָמפּ ווערט געל,

פּונקט, ווי עס וואָלט שוין מעהר נישט געווען קיין פייער, נאָר אַ געוועהנליכער געלבער פלעק פון עפּיס אַ שטאָף. בעריל קבצן בינדט-אַרום זיין שטרויענעם גוף מיט אַ גראָבען שטריק און איז זיך מכין אַרויסצולאָזען זיינע אַרטיקלען אין גאַס, און די קינדער געהען אַהיים שווייגענדיגע און פערטראַכטע. שיינ־דעלע האָט שוין עטליכע מאָל געפּרובט פאַרפיהרען אַ שמועס, אָבער משה'לע לאָזט זיך נישט ריידען און זי פיהלט מיט איהר מיידעלשען הערצעל, אַז ער האָט זי פיינט. פון בעריל קבצנ'ס היי־זעלע געהען זיי דאָס ערשטע און דאָס לעצטע מאָל שווייגענ־דיגע. נישטאָ מער דאָס אַמאָליגע לאַכען און דאָס האַלטען זיך פאַר די הענד און דאָס געפיהל, אַז מען האָט פערדינט אַ גרוי־סע מצוה און די מידקייט, וואָס צוגיסט גיך אַזוי זיס, נאָך אַ נאַכט נישט שלאָפען, אין די יונגעביינער. עפּיס האָט זיך גע־שטעלט צווישען זיי אַ דריטער, אַ בייזער, אַ יצר-הרע'דיגער, וואָס האָט משה'לען בעליידיגט מאוס און האַרב. משה'לען— אָבער נישט שיינדעלע'ן. פערקעהרט, שיינדעלע פיהלט זיך זעהר גוט און זי וואָלט אַוודאי גאָרנישט געהאַט דאַגעגען, ווען דאָס אייגענע זאָל זיך איבער'חזר'ן נאָכאַמאָל. וואָס איז אייגענטליך געשעהן, ווייס זי נישט, הגם זי שטויסט זיך אָן, אַז מיט'ן לעצטען קוש איז איבערגעטראָטען געוואָרען אַ גרענעץ, וואו עס הויבען זיך נייע שפּירונגען און נייע איבערלעבונגען. און, אַ געהאָרזאַמע, געהט זי מיט איהם און וואַרפט זיך אונטער זיין שווערען שווייגען פון אַ זקן.

אויף טיי צו שיינדעלע'ן געהט ער שוין נישט. סאַמע ביי איהר טיר מיט'ן קליינטשקען פאָרהויז, ווען שיינדעלע איז זי־כער, אַז ער וועט אַריין צו איהר טרינקען טיי, ווי עס איז געווען פאַראַיאָהרען און פאַר צוויי יאָהרען, רייסט ער זיך שנעל אָב, אָהן ווערטער, און געהט-אַהיים. אין שטוב איז טונקעלער, ווי אין דרויסען, און דער טאַטע ליגט אויפ'ן בעטעל, איינגעוויקעלט אין דערדאָזיגער טונקעלקייט און לייַ־ענט אַ ביכעל פאַר אַ בלאַס פייער-שטערענדעל פון לעמפּעל.

פֿון די ווינקלען טראָגט זיך אַ כראָפּען און אַ שנאָרכען פון די

שלאָפענדיגע, און די פענסטערלעך גלאָצען אין הימעל אַריין, ווי פערצווייפעלטע אויגען, וואָס שרעקען זיך פאַר'ן געהענדיגען טאָג. פון דעם אַלעם ווערט משה'לען נאָך קעלטער אויף דער נשמה, עפּיס אַ שוואַרצע איינזאַמקייט כאַפּט איהם אַרום ווי אַ נעבעל, און איהם דאַכט זיך, אַז די פּאָדלאָגע ווערט ווייך אונטער די פיס און ער זינקט-אַראָב אין אַ קלעפּיגען זומפּ. מיט פערפרעסטע ליפּען געהט ער צו צו אַ פענסטערל, לעהנט-אָן דאָס פּנימ'ל אויף די הענד און קוקט-אַרויס אויפ'ן הויף. דער טאָג רייסט זיך פון רעגען און נעבלען, ווי פון שווערע קייטען און דער מוטנער הימעל איז בעצויגען אַזוי ווי מיט שוואַרצע פליגעלעך. אויף די נאַסע דעכער און גרויע הייזלעך לייענט דאָס אויג די נויט פון די-יעניגע, וואָס אָטעמען אין זיי. דאָ שלאָפט מען מיט שווערע רעיונות וועגען דירה-געלד, וועגען דעם מאָרגענדיגען טאָג, וועגען חיונה און פלעצליכע שווערע חולאת'ן. משה'לע קוקט אויף דידאָזיגע נאַסע הייזלעך, אָבער ער זעהט זיי נישט. זיין זעה-נערוו שפּרינגט-אָב פון זיי, ווי פון שטיין, דרינגט-אַריין אין איהם גופא און טאַפּט-אָן, ווי מיט אַנ'עלעקטרישען שטראָם זיין צוטרויסעלטע נשמה און צורודערט מוח'ל. דאָרט, אין זיין מוח'ל וויגט זיך איצט אַ שטיקעלע פייער, אויסגעגאָסען אין ווערטער:

—פאַרוואָס זענען אַלע יונגלעך בעסער פאַר מיר? פאַרוואָס זיינען אַלע יונגלעך בעסער פאַר מיר?

---

# משה׳לעס ליידען.

## פופצעהנטעס האַפּטער

משה׳לע, דיר איז אומעטיג?

—ניין.

—נאָר וואָס?

—גאָרנישט...

דאָס איז אַ פראַגע, וואָס משה׳לע הערט זי עפטער אין שטוב און אויף דער גאַס, פון דער מאַמען און פון די קרובים. אַ צוזייהטער, קוקט ער מיט אויגען אין זיך פערטראַכטע און ער הערט נישט, וואָס מען רעדט צו איהם און זעהט נישט, וואָס ער טוט. און משה׳לען איז באמת אומעטיג. דאָס הערצעל צאַפּעלט און פערגעהט אין וועהטאָג און אין בענקעניש, און ער פיהלט זיך, ווי אין אַ מדבר. אַלץ איז גרוי און לאַנגווייליג און היינט איז עהנליך צו נעכטען און דער נעכטען—צו אייערנעכטען. דער טאָג קומט נאָך דער נאַכט און די נאַכט נאָכן טאָג. דריי מאָל אַ טאָג עסט מען דאָס אייגענע, וואָס נעכטען און פאַראַיאָרען, און אַלע חודש בעט דער בעל-הבית דירה-געלד. ווי אַ גרויער רויך ציהט זיך דאָס לעבען אויפ׳ן

גרויסען הויף, און אַלץ ווערט דערטרונקען און דערשטיק אין דעמדאָזיגען רויך. נאָר אַז מען הויבט-אויף די אויגען, זעהט מען דעם הימעל, און דער הימעל שמייכעלט שטענ-דיג. אָבער פאַרוואָס זיצט גאָט אויף אַ שמייכלענדיגען הימעל? דאָס איז איצט אייגענטליך זיין סאַמע ברענענדיגסטע פראַגע, אויף וועלכער עס שטיצט זיך זיין אומעט. פאַרוואָס זיצט גאָט אויף אַ שמייכלענדיגען הימעל? גאָט איז אַ טאַטע, נאָר דער טאַטע זיצט אין פאַלאַץ און דעם זוהן האָט ער פערגראָבען אין אַ וויסטען קעלער. דעם זוהן האָט ער פערטריבען, פערשטויסען פון זיך, איבערגעלאָזט איהם אויף הפקר און צער. ער האָט זיך גענומען דעם הימעל און דעם זוהן—די ערד. ער האָט זיך גענומען די זון און די שטערען און דעם זוהן—דעם גרויען רויך, דאָס וויסטע לעבען אויף דער ערד. צי איז גאָט אַ גו-טער טאַטע?

משה׳לע האָט אַלעמאָל געהאַט טענות צו גאָט, אָבער ביס-לעכווייז ווערען זיי שאַרפער און שאַרפער. זיי צינדען איהם אָן דאָס בלוט און פערוואַנדלען זיך אין אַ שווערער פראַגע—צי איז גאָט אַגוטער טאַטע? דידאָזיגע פראַגע זעצט זיך ברייט אַנידער אין קאָפּ און עגבערט דעם מח און לאָזט זיך בשום-אופן נישט פערענטפערן. און פון איהר, ווי פון אַ פייכטען וואָרצעל, וואַקסען-אויס נאָך אַ סך אַנדערע פראַגעלעך, שטע-כיגע ווי נאָדלען, און קאַלטע, ווי אייז, וואָס פרעסען דאָס יונגע אונרוהיגע הערצעל. פאַרוואָס ווערען יודן, דאָס איינציגע און דאָס סאַמע ליבסטע פאָלק פון גאָט, גע׳רודפ׳ט און גע-פייניגט? פאַרוואָס זענען דאָ אָרימע און רייכע? פאַרוואָס בעדאַרף מען צאָהלען דירה-געלד און פאַרוואָס בעדאַרף מען אַרבייטען? פאַרוואָס וויינט די מאַמע און פאַרוואָס האָבען אַלע ליב געלד? פאַרוואָס טאָר דער טאַטע קיין ביכער נישט קויפען און אַנדערע, רייכע, יאָ? פאַרוואָס זענען אין שטאָדט פאַרהאַן שענע רייכע הייזער און פאַרוואָס אָרימע, גרויע און מאוס׳ע? און פאַרוואָס זענען דאָ קלוגע גוטע מענשען, וואָס גלויבען נישט אין גאָט? נאַטירליך, זענען דידאָזיגע קלוגע גוטע מענ-

שען פערפיהרט, געהען נישט אויפ'ן גלייכען וועג און מען טאָר מיט זיי אייגענטליך קיין מגע-ומשא נישט האָבען, אָבער פאָרט וואָס איז זייער טענה, פאַרוואָס גלויבען זיי נישט? צי איז גאָט אַ גוטער, טאַטע? גאָט שווייגט און האָט נאָך קיינ-מאָל נישט גערעדט מיט משה'לען. ער האָט אויך נישט גע-רעדט מיט משה'לעס טאַטען אָדער מיט משה'לעס זיידען. ער האָט קיינמאָל נישט גערעדט מיט די אַלע יידן פון הויף און נישט מיט'ן אַלטען רב פון דער טאָטערשער גאַס. ער האָט אַפילו מיט'ן ווילנער גאון נישט גערעדט. און וויפיל מאָל האָט איהם משה'לע געבעטען, ער זאָל איהם זאָגען אַ וואָרט, כאָטש איין וואָרט, כאָטש אַ קלאַנג, כאָטש אַ שאָרך, אַ בעוועגונג, אַז ער הערט איהם, און בעת-מעשה אויסגעשטעלט אויג און אויער. אָבער גאָט האָט נישט געענטפערט און געזעהן האָט ער זיך נישט און עס איז געווען שטיל אַרום משה'לען, פונקט ווי אַרום אַ יתום אין אַ לעדיגען הויז.

דעמאָלט פלעגט זיך משה'לען דאַכטען, אַז ער איז גאָך אַליין זינדיג און דעריבער וויל זיך גאָט נישט ווייזען און נישט ריידען מיט איהם. פלעגט ער נעהמען אויף זיך צו זיין שטום, שטיל און ריין, ווי אַ גרעזעלע אין פעלד, ווי אַ טויעלע פאַר-טאָג, אָהן איין עבירה, אָבער דאָס האָט אויך נישט געהאָלפען. גאָט האָט געשוויגען, ווי דער הימעל, ווי די נאַכט, ווי די לופט. טיילמאָל פלעגט משה'לען פערכאַפען דער אָטעם פון אינערליכען וועהטאָג און דעמאָלט פלעגט ער געהן צו זלמנ'ען, דעם איינציגען מענשען, מיט וועלכען ער האָט געקאָנט און געמעגט ריידען פון זיינע אינטימסטע וועהען און איבערלע-בונגען.

—ר' זלמן,—פלעגט ער שטילערהייט פרעגען מיט אַ פער-עקשנ'טען פנים און מיט ערנסטע פלאַמענדיגע אויגלעך, ווי אַ מענש, וואָס האָט גרויסע אינערליכע יסורים,—פאַרוואָס רעדט עס נישט גאָט מיט קיין מענשען?.. פאַרוואָס שווייגט ער שטענדיג?.. פאַרוואָס זעהט מען איהם נישט... איך וויל איהם זעהן, ר' זלמן!..

נאָר ביי זלמנ׳ען איז גאָר נישטאָ וואָס צו פרעגען וועגען דעם. זלמן איז אַליין נישט פרום און ער דאַווענט בלויז דערפאַר, מען זאָל איהם נישט בערײדען. אַפילו אויף אַזאַ הייליגען טאָג, ווי יום-כפור, קוקט ער, ווי אויף אַ שווערער איבעריגער לאַסט. בכלל האָט זלמן פיינט פרומע מענשען און אַ שמועס וועגען גאָט קאָן ער גאָרנישט פערטראָגען. קוקט ער אָן משה׳לען מיט אַ פערקרימט פנים און מיט מוטנע וואַסערלעך, אָנשטאָט אויגען און גיט אַ ברום אונטער דער שטעהענדיגער נאָז, וואָס איז ענליך צו אַן׳אָפענער טיר:

—וואָס קריכט דיר אַלץ אין זינען גאָט? וואָס דרעהסטו זיך אַ קאָפּ מיט איהם? וואָס, אַ רב ווילסטו זיין? כלעבען, ביזט אַ נאַריש יונגעל...

—אָבער, ר׳ זלמן?..—פערבייסט משה׳לע אַ ליפּ און וויל זיך צעוויינען,—פאַרוואָס שווייגט גאָט? אַ שלעכטער איז ער! ער ענטפערט קיינמאָל נישט!.. מען זעהט איהם נישט!..

און משה׳לע גיט זיך אַ ריס פון אָרט און אַנטלויפט מיט גליהענדיגע בעקלעך אין צווייטען צימערל, פונקט ווי עמיצער וואָלט איהם פון הינטען נאָכגעיאָגט און געשמיסען מיט אַ פייערדיגער רוט.

איצט האָט ער געזאָגט דאָס סאַמע ערגסטע, וואָס קאָן זיך אַרויסרייסען ביי אַ צולאָזען יונגעל אויף דער צונג, ביי אַ יונגעל, וואָס טוט גאָרנישט, וואָס האָט זיך אַריינגעלאָזען אין פוסטע מחשבות און קוקט גאַנצע טעג אויפ׳ן הימעל. ביי אַ מינוט, דאַכט זיך איהם, אַז אָט רוקט זיך צו איהם דער גיהנם מיט די אַלע מחבלים, וואָס לויערן אַזוי אויף אַן׳אַפּיקורס, אויף אַ רשע, און ער וואַרפט זיך אין בעט אַריין און בעהאַלט די אויגען אין קישען. און איהם איז אַזוי שלעכט, ווי עס איהם נאָך קיינמאָל אַזוי שלעכט נישט געווען. איהם איז אַפילו פיזיש שלעכט. דאָס האַרץ קלאַפּט מיט ווערהטאָג, דאָ שנעל, דאָ אָבגעשטאָרבען, דער קאָפּ ברענט, אין די אויגען פינטעלט און עס איז נישטאָ מיט וואָס צו אָטעמען. פון די אַלע בעקאַנטע יונגלעך, וואָס ער האָט, האָט נאָך קיינער אַזוינס נישט

געזאָגט, וואָס ער האָט ערשט געזאָגט פֿאַר זלמנ'ען. אַפֿילו דער ערגסטער יונגעל האָט עס קיינמאָל נישט געזאָגט, און ער איז דאָך פֿון די בעסטע. צי וועט איהם גאָט מוחל-זיין? צי וועט ער קאָנען ווערען דער אייגענער, וואָס פֿריהער, אָדער ער איז שוין אויף אייביג אַ פֿערפֿאַלענער? איהם דאַכֿט זיך, אַז ער איז אַנ'אומריינער, אַ שוואַרצער און אַנ'עלענדער, אַ פֿערשטויסענער און אַ פֿערוואָרלאָזטער, ווי אַ קליין שמוציג חיה'לע, איינער אַליין אויף אַ גרויסער וועלט מיט אַ גרויסער עבֿירה אין האַרצען, און ער איז נישט ווערט צו זעהן די זון און דעם ליכֿטיגען טאָג. וואָרום ביידע—די זון און דער ליכֿטיגער טאָג זענען גאָטס, די גרעסטע סמנים פֿון זייער בעשעפֿער, און אַ רשע איז זיי נישט ווערט אָנצו-קוקען.

ביז סאַמע פֿאַרנאַכֿט ליגט משה'לע אין בעט. מינוטענ-ווייז איז איהם הייס און מינוטענווייז קאַלט און טיילמאָל דאַכֿט זיך איהם, אַז עס איז געקומען זיין סוף, אַז זיין לעבען ווערט איבערגעריסען יונג, מאוס און זינדיג. אין די הייסע אויוועגס פֿון גיהנם וועט זיך אומדרעהען צווישען גרויסע רשעים אַ קליין יונגעלע אַ רשע. און די גיהנם-משחיתים וועלען לאַכֿען פֿון איהם. מען וועט איהם פּייניגען און ברענען און בראָטען מעהר ווי אַלע רשעים, און ער וועט זיך קיינמאָל, קיינמאָל נישט אויסלייטערן. אַזאַ רשע, ווי ער, ווערט מסתמא געבוירען איין מאָל אין הונדערטער יאָהרען, צו דינען דער וועלט פֿאַר אַ ביישפּיל. פֿריהער זענען זיי כּלומר'שט גוטע שטילע קינדער, לערנען מיט התמדה און פֿאָלגען דעם טאַטען און דער מאַמען און אַלע גוטע און פֿרומע לייט. ביסלעכֿווייז אָבער פֿערקלויבט זיך צו זיי אַ וואָרים אין האַרצען און פֿון דעם גוטען קינד שיילט זיך אויס אַ רשע, וואָס ווערט פֿערשאָלטען אויף דור-דורות. אַ קאַלטען שווייס בעדעקט איהם דעם שטערן, אַ הוי-זעריגקייט כֿאַפּט זיך אַריין אין די פֿרושינעס פֿון האַרץ, עפּעטער פֿערהאַקט זיך דער אָטעם. אָבער אַז מען צינדט-אָן פֿייער, ווערט איהם לייכֿטער, און אַז ער געהט-אַראָב פֿון בעט,

דערשפירט ער זיך פלוצלונג ריין און אויסגעלייטערט, ווי נאָך
אַ קראַנקהייט. און מחיה׳דיק-אָנגענעהם ווייזט איהם אויס דער
שיין פון לאָמפּ, און ליב איז איצט זלמנ׳ס ברייט ווייבעריש
געזיכט אין ווינקעל ביים טיש און זיס איז אַפילו דער קלאַנג
פון הערבסט-רעגענדעל, וואָס פאַלט אַזוי ווי פון אַ מאַשין און
נישט פון הימעל, איינטעניג, געמאָסטען, אָהן אַנ׳אויפהער, אָהן
אַ סוף. אויף אַלץ ליגט עפּיס אַ שטילער שיין, אַנ׳אויסגעלייטער-
טער און אַשמייכלענדיגער און נעהנטער און ליבער, ווי אַלעמאָל,
זעהט איהם איצט אויס גאָט. ער האָט איהם איצט ווידער נעבען
זיך און אין זיין אויסגעמוטשעט הערצעל גיסט זיך פון ערגעץ
מנוחה און שלום און צוריק בעהעפט ער זיך מיט גאָט און
ווידער הערט ער זיין אָטעם איבער זיך און אויפּסניי שפּירט
ער זיך דערוואַרימט אין זיין פרומען געפיהל צו איהם און
איהם דאַכט זיך, אַז גאָט האָט אויך געליטען פאַר׳ן טאָג, פונקט
ווי משה׳לע:ביידע האָבען געליטען, ווי הייס-געליבטע, וואָס
האָבען זיך אַ ווײַלע נישט פערשטאַנען.

דערנאָך קומט שיינדעלע מיט טראָפּענדלעך הערבסט-
רעגען אין די האָר. די טראָפּענדלעך בלישטשען אַנטקעגען פייער
ער פון לאָמפּ און זעהען-אויס ווי קלײניטשקע פּעריל צו-
וואָרפען אין די ברוינע האָר. שיינדעלע שעמט זיך שוין נישט.
זי האָט שוין פערגעסען יענע ערב-הושענה-רבה-נאַכט מיט׳ן
אויסטערלישען קוש, אָבער צו משה׳לען געהט זי צו מיט אַ
מינע, ווי זי וואָלט מורא-געהאַט, טאָמער וועט ער זי אָבשטוי-
סען. משה׳לע האָט זיך טאַקי געענדערט צו איהר און שעמט
זיך נאָך אַלץ. קיקען איהר אַזוי פריי אין די אויגען, ווי פרי-
הער, קאָן ער שוין נישט. איהם דאַכט זיך, אַז די אויגען זע-
נען געענדערט געוואָרען און אַז עמיץ האָט איהם אומגע-
ביטען שיינדעלען. איצט איז זי שוין נישט שיינדעלע, נישט
אַ ליב שוועסטערעל, נאָר אַ יונג, שען מיידעלע, אַ טײַער האַר-
ציג קינד, אָבער אַ מיידעלע. און ער קוקט אויף איהר עפּ-
וואָס פרעמד, פערשעמט און צוריקגעהאַלטען.

איצט בעמערקט ער אין איהר דאָס, וואָס שיידט־אונטער אַ מיידעל פון אַ יונגעל. ער זעהט איהר ווייסען האַלז, איה־רע שלאַנקע פיסלעך אין הויכע זאָקען און איהר יונגע ברוסט, וואָס מאַכט זיך קיילעכיג, און איהם בעפאַלט עפּיס אַ פּחד צו־זאַמען מיט אַ נישט־ניחא'דיגקייט. זינדיגע רעיונות קאָן מען האָ־בען וועגען יעדער מיידעל, אָבער נישט וועגען שיינדעלע'ן, שיינדעלע בעדאַרף זיין בלויז אַ חבר'ל, אַ שוועסטערל, אָדער גאָר אַ ברודערל אין אַ קליידעלע. אָבער שיינדעלע האָט, קענטיג, וועגען דעם אַנ'אַנדער מיינונג און זי פרעגט איהם שטיל און ווייך, מיט אַ טאָן פון אַ האַרציגען סוד:

—משה'לע, דו האָסט מיך שוין נישט ליב?..

קוקט ער איהר נישט דרייסט אין די אויגען אַריין, זעהט ער, ווי זי ווערט קליין, ווי אַ פּינטעלע און וויל זיך אַריינ'גנב'ענען צו איהם אין האַרצען אַריין, נעהמט ער זי אָן פאַר אַ הענדטעל און שעפּטשעט מיט צראָבגעלאָזטע אוי־גען:

—איך האָב דיך ליב, שיינדעלע... איך האָב דיך ליב...

אָבער דו ביזט עפּיס אַ בייזער...—שפּרינגט זי איהם אין די אויגען, ווי אַ שטראַלענדיג פּינטעלע, וואָס וויל זיך אַריינ־גנב'ענען צו איהם אין האַרצן אַריין.

—שיינדעלע, למאי רעדסטו דאָס?—ציהט ער זי פאַר'ן הענדטעל.

—דו ביזט שטענדיג אומעטיג...

—איך בין אומעטיג...

—לייענסט שוין נישט קיין ביכלעך מיט מיר.

—ניין, איך וועל לייענען, וועסט זעהן...

—משה'לע, דו ווייסט? האָסט מיר אַמאָל געשוואָרען?..

זאָלסטו זיין אַ גוטער...

איצט ציהט זי איהם פאַר'ן הענדטעל און די טראָ־פּענדלעך רעגען פאַלען איהר אַרויס פון די האָר, ווי קליי־ניטשקע שטערענדלעך. בכלל איז איצט פאַרהאַן אַ סך שטע־רען־ליכט אין איהר: שטערען־ליכט אין די ציהן, שטערען־

ליכט אין די אויגען און אין שמייכעל. קומט זי זיך צוזאַמען מיט משה׳לען, דערשפּירט זי, ווי עס וואַקסט די פרוי אין איהרע קינדערשע בלוטען, ווי עס עפענט זיך זיס דאָס הערצעל, ווי אַ בלימעל פאַר אַ זון־שטראַהל, און איהר ווילט זיך שעפּטשען מיט משה׳לען, פליסטערן ווי אַ ווינדטעלע מיט אַ צווייגעלע, ווי אַ ווינדטעלע מיט אַ וואַסערל, שטיל, פערבאָרגען און לאַנג. אונבעוואוסטזיניג זוכט זי עפּיס אַ סוד פאַר זיך און פאַר משה׳לען און שטאַרקער און הייסער ציהט איהם פאַר׳ן הענדטעל. אָבער פלוצלונג גיט זלמן אַ הוסט און נעהמט זיך בעוועגען אויף זיין אָרט. דאָס ווייבערשע פּנים ווערט איהם בלאַסער און ברייטער און צעוואַקסט זיך פון רגע צו רגע. און זיינע קליינע וואַסערדיגע אויגלעך קויקלען זיך איהם אַרונטער אונטער׳ן שטערען. נאָכאַמאָל הוסט ער זיך אָב און הויבט־אָן גאָר אונגעריכט:

—אַמאָל, מיט טויזענדער יאָהרען צוריק, איז געווען אַ קליין מדינה׳לע, מיט אַ מלך אַ קאַרליקעל...

משה׳לע מיט שיינדעלען זעצען זיך האַסטיג צום טיש, שטעלען־אויס די אויגלעך און האָרכען זיך צו צו דעם אַלטען גוט־בעקאַנטען, וויך־נידעריגען קול, וואָס איז אינגאַנצען אָנגעזאַפּט מיט מעשה׳לעך, אָבער משה׳לע הערט נישט לאַנג: זיין הענדטעל ליגט וואַרים און בעקוועם אין שיינדעלעס האַנד, נאָר זיינע רעיונות זענען נאָך אונרוהיג און ער האָט נאָך צו טראַכטען פון אַ סך זאַכען. דאָס הערצעל צאַפּעלט נאָך אַלץ און ער פיהלט, אַז ער וועט דאָך דאַרפען אַ היבש ביסעל ליידען, ביז ער וועט זיך בערוהיגען. די ליבע, זיסע, ריינע טעג פון זיין קינדהייט ווערען ביסלעכווייז צורונען. די לעצטע שטראָמעלעך קייקלען זיך אַוועק.

—און לויטער גרין איז דאָס מדינה׳לע געווען...—גיסט זיך ווייטער זלמנ׳ס וואָרט,—און טייכעלעך זענען דאָרט געלאָפען און געזונגען און הויכע פאַלמענבוימער און טייטעלבוימער האָבען זיך געוויגט און געוויקעלט אין גאָלדענע שטראַלען...

אָבער זלמנ׳ס מעשה׳לעך בערוהיגען איהם שוין נישט. די אָנגעווערטאָגטע געדאַנקען ציהען זיך איבער׳ן מידען מח, ווי שווערע סקריפּענדיגע משא-פוהרען, און זלמנ׳ס מעשה׳לע פאַלט איהם פאַרביי אויער פרעמד און נישט-ניחא.

אויף מאָרגען פיהלט ער די אייגענע יסורים, וואָס נעכטען. די צייט געהט און די שווערע רעיונות וועגען גאָט און לעבען ווערען עהנליך צו אַ קראַנקהייט, וואָס לאָזט נישט אָב, וואָס געהט נישט אַוועק. פערקעהרט, פון טאָג צו טאָג ווערט זי אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, און דעמאָלט בעשליסט משה׳לע, אַז ער איז פּשוט אַ קראַנק יונגעל, וואָס בעדאַרף זיך נישט מעהר ווי היילען אויף דער וועלט. דערדאָזיגער געדאַנק נעהמט איהם איינגאַנצען צו דעם מוט, מאַכט איהם אָבהענדיג, פויל און גלייכ-גילטיג, און ער פיהלט, ווי עפּיס אַ ליכטיגקייט ווערט אין איהם אויסגעלאָשען און עס פּלאַצען איהם די זיסע חלומות און האָפנונגען, אַז ער בעדאַרף עפּ״ס זיין אויף דער וועלט, אַז ער טראָגט ביי זיך אין האַרצען אַ בעזונדער פּייערל, וואָס איז נישט אַלע-מען געגעבען געוואָרען. נישטאָ קיין שום בעזונדער פייערל, אַ געוועהנליך יונגעל איז ער, נאָר ער איז קראַנק און אַלע קראַנ-קע יונגלעך פיהלען זיך מסתמא אַזוי. געהן צו אַ דאָקטאָר, טראַכט משה׳לע, לוינט נישט און מען בעדאַרף קיינעם נישט אויסזאָגען. מען טאָר קיינעם נישט אויסזאָגען. בעסער שטאַרבען אין דער יוגענד, אָהן שום רפואה און הילף. וואָרום אויסוואַקסען אַ קראַנקער איז ערגער, טויזענדער מאָל ערגער.

אין דרויסען איז הערבסט, און דער גרויער הימעל מיט׳ן קאַלטען רעגענדעל, וואָס פאַלט אַזוי ווי פון א מאַשין, פער-שטאַרקען נאָך אין איהם דעם רעיון, אַז ער איז קראַנק. ער קוקט אויפ׳ן הימעל און אויפ׳ן רעגען און אויף דער נאַסער ערד און פערשטעהט זיי. ער האָט נאָך קיינמאָל אַזוי גוט נישט גע-פיהלט און פערשטאַנען דעם הערבסט, ווי איצט: זיי זענען אַלע קראַנק, זיין אייגענע נשמה בעדאַרף האָבען אַזאַ פאַרב, ווי דער הערבסט-הימעל און זיין בלוט, ווי דאָס קאַלטע מאַשין-רעגענדעל. ער אַליין איז אַ קליין חלק׳ל פון דעם גרויען קראַנקען דרויסען,

אַ קליין דראָבנע חלק׳ל, וואָס האָט צוויי אויגען און אַ מענשלי-
כע געשטאַלט.

פאַרהאַן טעג, וואָס האָבען גאָר קיין ליכט נישט, פונקט
ווי דער הימעל וואָלט בעצויגען געוואָרען מיט גרויע זעק. און
קורץ און קליין זענען זיי, און זיי שטעהען צווישען די לאַנגע
נעכט, ווי אַ שפּעלטעלע שיין צווישען הויכע, שוואַרצע בערג.

—אַ וואויל וועטער, נישט געדאַכט זאָל דאָס ווערען!—
זאָגט זלמן, אַריינקומענדיג פון דרויסען מיט זיינע גרויסע, זעל-
נערישע שטיוועל און בלייבט אַ ווייל שטעהן אין קיך—דאָס
וואַסער זאָל אָבקאַפּען פון איהם.

די מאַמע, געלב פון דער הערבסט-לופט, קוקט איהם אָן
און גיט אַ זיפץ, ווי אַ מענש אויף אַן׳אונטערגעהענדיגער שיף.

—ניש׳קשה,—בויגט זיך זלמן צו אין ווינקעל און טרוי-
סעלט אָב דאָס היטעל פון וואַסער,—יודען וועלען וועניגער רע-
דען. כאַפּט זיי דער רוח!

פון זלמנ׳ען שמעקט מיט הערבסט-ווינד און רעגען. די
מאַמע איז אומעטיג און בלאַס, דער טאַטע, וואָס האָט שוין לאַנג
נישט פערדינט און עס זעהט גאָרנישט אויס, אַז ער זאָל וועלען
פערדינען, ליגט אויסגעצויגען אויף דער קאַנאַפּע מיט די ברי-
לען אויף דער נאָז און קוקט אַריין אין אַ ספר, וואָס ער האַלט
מיט דער האַנט אַקוראַט איבער׳ן פּנים, און אין דרויסען הענגען
נידעריגע נאַסע הימלען, ווי גרויע זעק און אונטער זיי שטיקט
זיך דאָס ביסעל ליכט פון׳ם אומעטיגען הערבסט-טאָג. משה׳לע
ווייס נישט, וואָס ער זאָל טאָן מיט זיך. זיין קליין קערפּערעל
קומט איהם אויס גרויס און פויל און אַלט און שווער, און ווי
אַן׳אַלטער מאַן, וואָס איז זיך מכין צו שטאַרבען, קוקט ער אַרויס
מיט אַ בענקענדיג אויג פון קליינעם פענסטערל, אָהן פערדרוס
און אָהן חרטה און אָהן טרעהרען, ווי אַ מענש, וואָס האָט שוין
פערענדיגט אַלע חשבונות מיט׳ן לעבען. זאָל זיך זיין, וואָס עס
וויל, און זאָל זיך געהן, ווי עס געהט. פאַר דאָס ביסעל יאָה-
רען, וואָס ער האָט געלעבט, האָט ער געזעהן די זון און דעם
הימעל און דעם וואַלד און דעם טייך—און דאָס איז גענוג. דער

תענוג פון דעם אַלעם איז אַזוי גרויס, אַז דאָס ביסעל יאָהרען זעהט-אויס ווי אַנ'אייביגקייט, און איהם דאַכט זיך, אַז אפילו אַנ'אַלטער מאַן האָט נישט געזעהן מעהר זון, ווי ער.

אָבער דער תענוג איז נישט מעהר, ווי אַ הפסקה. ווידער קומט דער געדאַנק יועגען דער קראַנקהייט. ער קומט פון אַ דאָקטאָרס אַ שילד, וואָס משה'לע האָט געזעהן אין גאַס און פון די גרויע גאַסע הימלען, וואָס דעקען-צו די לופט און פון דער קאַלטער אָרימקייט אין שטוב און פון דער מאַמעס זיפצען און פון דער הייזעריגקייט, וואָס האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין די העלזער פון די אָרימע קינדער אויפ'ן נאַסען הערבסט-הויף, און פון דער אונ-היימליכער שפּירונג, אַז ער, משה'לע, געהט נישט איבער דער ערד, נאָר איבער פוילע שטרוי, וואָס וועלען זיך זיכער איבער-רייסען אונטער די טריט און ער וועט אַריינפאַלען אין אַ תהום. און שטאַרקער און עפּטערער נעהמט איהם קלאַפּען דאָס הערצעל און עס ווערט איהם משונה קלאָר, אַז ער איז קראַנק, אָבער ער ווייס נישט, וואָס דאָס איז פאַר אַ קראַנקהייט. די קראַנק-הייט מוז אודאי זיין אַ געפעהרליכע און דער טויט זיצט שוין אין זיינע בלוטען. אויף דעם נייעם בית-עולם, וואָס ליגט הינ-טער דער שטאָדט, וועט אינגיכען צוקומען אַ נייער קבר. אָבער פּלוצלונג בעשליסט ער, אַז זיין קראַנקהייט איז שווינדזוכט. ער האָט אַמאָל געליי'ענט וועגען דעם, ער האָט אַמאָל אַ שווינדזוכ-טיגען געזעהן און ער האָט דעריבער אַלע ראיות און סימנים, אַז ער איז קראַנק דערויף. עפּטער קלאַפּט דאָס הארץ, עפּטער פאַר'גנב'עט זיך אַ הייזעריגקייט אין אָטעם און די פיס ווערען אָבגעשוואַכט. נאָך דערדאָזיגער איבערצייגונג ווערט פּלוצלונג שטיל אַרום משה'לען, פּונקט ווי ער וואָלט טויב געוואָרען, נאָר אַז ער לעגט צו די האַנד צום שטערן, דערשפּירט ער קאַלטע טראָפּענס שווייס. אָבער אַז עס ווערט איהם עטוואָס לייכטער, שפּירט ער זיך בעליידיגט אויף דעם העכסטען גראַד און אַלץ זעט אים אויס קליין און נישטיג. קליין און נישטיג זיין יונג לעבען, זיין טאַטע און מאַמע, זיין משפחה, שיינדעלע, קליין און נישטיג זיין ליבע צו גאָט און קליין און נישטיג איז אפילו

גאָט אַליין. מיט דעם כּח פון אַ פּראַקטישען זקן דערגריבעלט ער זיך צו דעם געדאַנק פון טויט און צו דעם בעוואוסטזיין, אַז מיט'ן שטאַרבען הערט מען אויף צו לעבען אויף אייביג. נישטאָ קיין גיהנום, נישטאָ קיין גן-עדן. מען פאַלט מסתמא אַריין אין אַנ'אייביגער שוואַרצקייט, וואו מען ווערט אַליין אַ שוואַרצקייט. צו דערדאָזיגער איבערצייגונג קומט נאָך צו אַ געפיהל פון בושה און פון עקעל: ווי שטאַרבט עס אַוועק אַ יונגער פון שווינדזוכט? ווי דערלעבט מען דאָס נישט די מיטעלע יאָהרען? פאַרהאַן מי-ליאָנען יונגלעך אויף דער וועלט. פאַרוואָס איז איהם בעשערט צו זיין אַ קראַנקער? פאַרוואָס בעדאַרף ער שטאַרבען יונגער-הייט? דער געדאַנק דרעהט זיך ספּיראַליש אַלץ העכער און הע-כער אין דעם אָנגעשטרענגטען געוועב פון מוח און דער שטערן ווערט ווייַלעווייז בעדעקט מיט אַ קאַלטען שווייס. און בלאַסער ווערט משה'לע און די באַקען איינגעפאַלענער און די אויגען ברענען מיט יענעם טרוקענעם פייער פון אַ מענשען, וואָס ליגט אין די צוואַנגען פון אַ מאַניע. דידאָזיגע מאַניע געהט איהם נאָך, ווי אַ שאָטען, לאָזט איהם נישט אָב אויף אַ רגע, און אַ געוועהנ-הייט האָט ער בעקומען, צו טראַכטען מיט עפּיס אַ פיינליכען חוזק, בשעת ער עפענט אַ פרעמדע טהיר און געהט-אַריין אין אַ פרעמדע שטוב: „וואָס רעדט איהר מיט מיר? זעהט איהר דען נישט, אַז איך בין קראַנק? אַ טויטער שטעהט נעבען אייך.” ער הערט, וואָס מען רעדט צו איהם, ער ענטפערט און שמייכעלט און לאַכט, אָבער בעת-מעשה טרעט ער נישט אָב פון זיין מאַ-ניע. גוט איז איהם נאָר דעמאָלט, ווען ער שלאָפט. אַלע לאַסטען פאַלען-אַראָב און דאָס האַרץ אָטעמט געזונד און טיף, פונקט ווי עס וואָלט זיך איילען אָנצוזאַמלען כּחות בייצושטעהן די ווייטער-דיגע יסורים. אָבער מיט דער רגע, וואָס ער כאַפּט זיך אויף, שטעהען אויך אויף, ווי שוואַרצע ראָבען, די יסורים'דיגע רעיונות און ווידעראַמאָל דערשפּירט ער אַ פערשנעלערט קלאַפּען פון האַרץ און אַ קאַלטען שווייס אויפ'ן שטערן. דער טויט רוקט זיך נעהנטער און נעהנטער. עטליכע מאָל האָט ער זיך שוין בגנבה אויפגעהויבען אויף די ברייטע קיהלע טרעפּ פון אַ דאָק-

טאָרס וואויגונג, וואו די שטילקייט, די געמאָלטע ווענד, דער טרעטעך און דער מיט סאַמעט בעצויגענער פאָרענץ האָבען שטום פערצעהלט פון שווערע חולאת'ן און טויט, און יעדעס מאָל האָט ער זיך צוריק אַרויסגע'גנב'עט, ווי אַ רוצח פון אַ תפיסה. די האָר האָבען איהם געברענט אויפ'ן קאָפּ און די ערד האָט זיך געוויגט אונטער די פיס. קיינעם אָבער פערצעהלט ער נישט, וואָס איהם איז און וואָס ער לעבט איבער. איהם דאַכט זיך, אַז דאָס איז העסליך, ווי עס איז העסליך אַ גנבה, אַ ליגען, אַנ'עבירה.

די טעג געהען אָבער, חדשים רוקען זיך, ווי גרויע וואָלקענס און דער געדאַנק וועגען זיין געפעהרליכער קראַנקהייט ווערט ביסלעכווייז פערוואַנדעלט אין אַנ'אַלטען געדאַנק, וואָס האָט איהם אַזוי געפרעהט: אפשר איז דאָס נישט קיין קראַנקהייט, נאָר דוקא אַ פונק פון גאָט? אפשר איז ער אַנ'אויסדערוועהלטער, וואָס אויף איהם איז אַרויפגעלעגט געוואָרען אַ גרויסע געטליכע פליכט אין לעבען, און דעריבער פייניגט ער זיך, נישט פון אַ קראַנקהייט, נאָר פון אַ געטליכער וועה? האָבען דאָך אַלע נביאים געליטען יסורים און אַלע גרויסע מענשען געהען-אַרום מיט קראַנקע הערצער. אפשר איז משה'לע איינער פון זיי? דערדאָזיגער געדאַנק שטאַרקט זיך פון טאָג צו טאָג און דעמאָלט זעהט משה'לע ווידעראַמאָל די וועלט אין אַ נייעם שיין. דייטליכער דערזעהט ער די מחיצה צווישען אָרימקייט און עשירות, צווישען אמת און ליגען. אונבעוואוסטזיניג בעגרייפט ער דעם זין פון לעבען און דאָס מאַכט איהם עפּיס מוטיג און דרייסט, און גליקליך פערבאָרגען אין זיך. איצט איז ער, נאַטירליך, קליין און גישטיג אין אַלעמענס אויגען, אָבער עס וועט קומען אַ צייט, ווען ער וועט אויך ווערען גרויס און דערוואַקסען, און דעמאָלט וועט ער זיך ראַנגלען מיט עמיצען, אַ שטאַרקען, אַ פאַלשען און אַ שלעכטען. ער וועט זיך ראַנגלען אויף לעבען און טויט, ביז דעם לעצטען אָטעם, ביז דעם לעצטען שווייס. ער וועט זיין אַ פייערדיגער רעדנער, אַ געוואַלטיגער אַגיטאַטאָר, אַ מורא'דיגער קעמפער. פאַר זיינע אויגען וויגען זיך שוין טויזענדער קעפּ פון

אַ פעסט צונויפגעדריקטער מחנה און ער רעדט צו זיי פון אַ
באַרג אַראָב, מיט הויך צושפּרייטע הענד, ווי אַ נביא. ווער זע-
נען די מענשען, וואָס הערען איהם,—דערויף שטעלט ער זיך
נישט אָב. ער ווייס נאָר, אַז יעדעס וואָרט, וואָס ער זאָגט
אַרויס, איז אַ פייערדיגער אמת, וואָס צופלאַקערט זיך תיכף ומיד
אין די אויגען פון דערדאָזיגער מחנה. אין אַזוינע מינוטען ווערט
משה׳לען וואונדערליך זיס אויף דער נשמה, ווי אַ פערטרוימטער
מענש, וואָס הערט אַ פלייט אין אַ לבנה-נאַכט, אָדער ווי אַ נע-
ונד׳ניק, וואָס האָט פלוצלונג געפונען אַ וואַרימע און אַ שטילע
היים. ער פיהלט, אַז ער לעבט מיט געוואַלטיגע, אונצעהליגע
המונים מענשען, אַז ער רעדט פאַר זיי, שמידט זיי צוזאַמען אין
איין גרויסען שטיק אחדות און פּראָטעסט און פיהרט זיי אויף
די געטליכע וועגען פון אמת און גערעכטיגקייט. אמת, דידאָזיגע
המונים קאָנען איהם נישט, ווייסען נישט פון איהם, אָבער ע ר
קאָן זיי, ע ר ווייס זיי, ער זעהט זיי יעדע מיגוט, יעדע רגע
אויף די ברייטע געבלומטע פעלדער פון דמיון. און בשעת ער
געהט אין גאַס, דערקאָנט ער אפילו מאַנכע פון זיי. ער דער-
קענט זיי פונ׳ם שטייגער געהן, פון די אויגען און פון די בגדים.
על-פי-רוב הערען איהם אָרימע, געדריקטע און בעליידיגטע. נאָך
די לאַנגע רעדעס און הייסע ווערטער מאַכט משה׳לה צו די אוי-
גען און רוהט זיך אָב, אָבער קיין מנוחה געפינט ער נישט. דער
קאָפּ אַרבייט ווייטער, דאָס הערצעל צאַפּעלט צווישען אַ הכנעה-
געפיהל און אַ גאוה-געפיהל—הכנעה פאַר דער מיליאָניגער מחנה
און גאוה פאַר זיך אַליין, פאַר דעם קליינעם שוואַכען יונגעל, אין
וועלכען עס לעבט אַ פונק פון גאָט. אין די פאַרנאַכטען, וואָס
וויקלען זיך אַרום דער ערד, ווי טונקעל-זיידענע העמדער, דאַכט
זיך משה׳לען, אַז ער איז נישט קיין קעמפער און נישט קיין
אַגיטאַטאָר, נאָר אַ נביא, און ער שפירט בעשיינפערלעך, ווי עס
ציהט זיך אַ פאָדים פון ישעיהו׳ן צו איהם, אַז ער וויל, זעהט
ער גאָט. ער זעהט איהם דייטליך אין גאַס און אין שטוב, ווי
אַ שטראַהל פון דער זון, ווי די פאַרבען פון הימעל, און ער
קאָן מיט איהם ריידען. זיין שטים הערט ער בעזונדערס קלאָר 

אין שלאָף, בשעת דער קאָפּ ליגט טיף אײַנגעבוירעט אין קישען, און דידאָזיגע שטים פּערטרויט איהם גרויסע וועלט-און הימעל-סודות.

זיין מאָגער פיגורל וואַקסט צווישען דידאָזיגע שפּרונגען, ווי אַ בלאָס גרעזעל אונטער אַ פּער'שרפ'עטען הימעל. ער וואַקסט אין דערהויך, אין דער דין און נישט אין דער ברייט, דאָס שטערענדעל ווערט איהם בולט'ער און גרעסער און ער זעהט, ווי עס ווערט קליין אויף איהם דאָס רעקעל, ווי די הענד קריכען משוגה אַרויס פון די אַרבעל, ווי די הייזלעך ווערען קורץ, אָבער אַז ער גיט אַ קוק אינ'ם קליינעם שפּיגעלע, וואָס הענגט אויפ'ן וואַנד, שווימט-אַרויס פון דאָרטען אַ בלאָס מיד פּנים מיט אונרוהיג-ברענענדיגע אויגען, וואָס בעטען ביי איהם הילף און מנוחה, ווי ביי דעם איין־איינציגען, וואָס קאָן בעסער פון אַלע פערשטעהן דידאָזיגע אויגען. און משה'לען דאַכט זיך, אַז ער האָט נאָך קיינמאָל ביי קיינעם נישט געזעהן אַזאַ בלאַס, נישט-ערדיש פּנימ'ל און אַזוינע אונרוהיגע אומגליקליכע אויגען. און דעמאָלט פיהלט ער זיך ווידער קראַנק און פּער'משפּט, און נישטיג, ווי אַנ'אומזיסט-געבוירענער מענש, ווי אַ פּראָדוקט, וואָס האָט נישט בעדאַרפט בעשאַפען ווערען. אַ וואָך צייט מוטשעט איהם פון דאָסניי דער געדאַנק וועגען טויט, וואָס פּערוואַנדעלט זיך ווידער אינ'ם געדאַנק, אַז ער איז אַ נביא. אַ וואָך צייט איז ער אַ קראַנקער, אַ וואָך איז ער אַ נביא, אַ וואָך אַ קעמפער. אַ וואָך איז איהם שוואַרץ פאַר די אויגען, אַ וואָך זעהט ער פלאַמענדיגע רעגענבויגענס מיט ווייסע שווימענדיגע מלאכים אין דערמיט און ביינאַכט הערט ער אין קישען גאָטס שטים. אַ וואָך איז איהם קאַלט און אַ וואָך פלאַמט זיין נשמה'לע אין פאַרביגע אונרוהיגע בילדער. עס וועקסלען זיך אין איהם די שפּרונגען, ווי די יעריגע זאַפטען אין אַ שוואַך סאָסנעלע און פרעמד און אונפערשטענדליך ווערט ער פאַר די הויזיגע, ווי זיי ווערען פרעמד און אונפערשטענדליך פאַר איהם. די מאַמע האָט מורא פאַר איהם, דער טאַטע וויל זיך נישט בעגעגענען מיט זיינע בליקען און שיינדעלע אַנטלויפט פון איהם אַ ברוגז'ע.

—דו ביזט נישט קיין גוטער...—מאַכט זי בעליידיגטע ליפּ-
לעך.—און מיר שפּילען שוין נישט קיין ליבע,—הויבט זי אויף
איהר קול מיט אַ קריגערישען טאָן.

אָבער משה'לע ענטפערט נישט. ווען קיינער זעהט נישט,—
ווייל מען שרייט אויף איהם—שפּרייזט ער ראַש פון וואַנד צו
וואַנד און קיהלט די לויפענדיגע מחשבות און דעם הייסען שטע-
רענדעל מיט דער לופט, וואָס ער בעוועגט אַרום זיך. אַ רגע
זעצט ער זיך צו און לויפט ווייטער פון וואַנד צו וואַנד. דאָס
בערוהיגט דאָס האַרץ און דעם קאָפּ.

אין אַזאַ מינוט איז איהם איינמאָל געקומען צו די הענד-
טלעך אַ בוך פון יענעם ווייסען רוסישען קינסטלער, וואָס האָט
געקוקט אויף דער וועלט דורך דעם צאַרט-בלויען נעבעל פון
ליריק און וואָס ווייסע מיידלעך מיט גאָלדענע האָר שווימען אַרום
איבער די שוואַרצע שורות'לעך פון זיינע ווערק. און דאָ ווערט
אַלץ מיט אַמאָל פערענדערט. משה'לעס הערצעל גיסט זיך אָן פון
דאָסניי מיט געזונדטען בלוט, די אויגען לייטערן זיך אויס, ווי
דער הימעל נאָך אַ רעגען, די שווערע רעיונות טרעטען-אָב, ווערען
צורונען און מעהר איז נישט צו בעמערקען אין דרויסען דעם
הערבסט און די גרויע לופט אין שטוב. עס איז גאָר קיינמאָל
קיין הערבסט נישט געווען. דרויסען בליהען די בוימער, דער הי-
מעל איז טונקעל-בלוי און אין דערלופטען שפּירט זיך דער צאַר-
טער אַראָמאַט פון מאַי-בלומען. אָט ציהט זיך אַ לאַנגע ליפּען-
אַלעע מיט שווערע געפלאָכטענע בענק און בעשאָטען מיט געלען
זאַמד און פון ווייטען שלייכט-דורך דידאָזיגע אַלעע אַ הויך מיין
דעל אין ווייסען. נישט ווייט פון דער אַלעע ליגט אַ שפּיגעלע
וואַסער, איינגעפּאַסט אין גרינע ברעגען און אויפ'ן זילבערנעם
וואַסער זיצט אונבעוועגט, ווי פערגליווערט, אַ שניי-ווייסע שוואַ-
נע מיט אַ הויכען געטאָקטען האַלז. דערביי ליגט איהר זיידענער
שאָטען, וואָס ווערט טיילמאָל עטוואָס אָנגעריסען דורך אַ שטיפּע-
רישען זילבערנעם פישעלע. דאָס הויכע מיידעל אין ווייסען בע-
ווייזט זיך ווידער אויף אַ צווייטער אַלעע פון אַלטע בעראָזעס,
וואָס שטעהען, ווי זיידעס, און קוקען אַרום זיך מיט אַלטע

אַראָבגעלאָזטע צווייגען. אַמאָל לויפֿט-דורך אַ קליין ווינדטעלע און
אַן'אַלטער בעראָזע-צווייג פֿערנויגט זיך פֿאַר'ן הויכֿען מיידעל אין
ווייסען, ווי אַ זיידע פֿאַר אַן'אייניקעל. דאָס מיידעל שלייכט ווייד
טער לאַנגזאַם, שטיל און לייכט איבער דעם געלען זאַמד, פּונקט
ווי זי וואָלט נישט בעריהרט די ערד און ווערט דערנאָך פֿער-
שוואונדען אין אַלטען ווייסען שלאָס, וואָס איז שוין געל געוואָ-
רען און וואָס קוקט אָבער מיט יונגע פֿרעהליכע פֿענסטער-אויגען
אין דער זוניגער ווייטקייט אַריין. פֿאַרהאַן עפּיס עהנליכעס צווי-
שען מיידעל מיט דער שוואַנע און צווישען די ביידע מיט'ן
שלאָס. עס דאַכט זיך, אַז זיי זענען אַלע דריי אין איין שעה
געבוירען געוואָרען. נאָר דאָס מיידעל מיט דער שוואַנע זענען
פֿערבליבען יונג און בלויז דער שלאָס האָט זיך פֿערעלטערט.
אָדער דאָס מיידעל מיט דער שוואַנע זענען שוין לאַנג געשטאָר-
בען, נאָר זייער לעבען האָט זיך איבערגעגאָסען אין אַן'אַנדער
שוואַנע און אַן'אַנדער מיידעל?

משה'לע שלינגט דאָס בוך און דאָס בוך שלינגט איהם.
ביידע ראַנגלען זיך איבער'ן נצחון, נאָר דאָס בוך איז גובר. ער
פֿערזינקט זיך טיפֿער און טיפֿער אין איהם, ווי אין אַן'אָבגע-
צוימטען שטיק לעבען, וואוהין עס איז קיינעם נישט דערלויבט
אַריינצוגעהן און וואָס איז שטענדיק בעגאָסען מיט זון און שטי-
לע לידער. אַלץ זינגט דאָ: דער בוים און דאָס גראָז און אפּילו
די געלע זעמדעלעך פֿון די אַלעען. אָבער דאָס געזאַנג דערגרייכט
קוים צום אויער, ווייל די שטילקייט איז כמעט אַזוי שטאַרק, ווי
דאָס געזאַנג. ביידע גיסען זיך איבער אין איינאַנדער אומבעמערקט:
דאָס געזאַנג אין שטילקייט און די שטילקייט אין געזאַנג. און
משה'לע לייענט נישט מיט די אויגען, נאָר מיט'ן געהער און ער
האָט מורא דורכצולאָזען אַ טאָן, אַ קלאַנג, אַ ברום פֿון אַ גרעזעל.
נאָך קיינמאָל האָט ער אַזוי פֿריי נישט אָבגעצויגען דעם אָטעם,
ווי איצט און ער פֿיהלט, אַז אָט דאָס בוך וועט איהם ברענגען
מעהר פֿערלייכטערונג, ווי די שפּירונג פֿון נבואה. די וועלט פֿון
נבואה איז צו־גרויס און אונענדליך, אָבער דאָס לעבען אין בוך
איז קליין און אַרומגעצוימט און איז אַקוראַט צוגעפּאַסט צו זיינע

כוחות. ער בעדאַרף בלויז נאָכגעהן נאָך דאָס ווייסע מיידעל אויף דער ברייטער גאָלדענער ליפען־אַלעע. דאָס ווייסע מיידעל געהט לאַנגזאַם, פונקט ווי דער בלויער הימעל, וואָס הענגט איהר איבער׳ן קאָפּ, וואָלט זי פון אויבען געפיהרט איבער׳ן, זאַמד און עס איז אַזוי אָנגענעהם און זיס זיך צוגנב׳ענען הינטער איהר איב׳ם ויידענעם שאָטען פון איהר ווייסען קלייד און איינאָטעמען דעם אַראָמאַט פון איהרע גאָלדענע האָר און איינזויגען דעם צאַרטען קלאַנג פון איהרע טריט. דאָס מיידעל האָט אָבער אַ בעשטימטע צייט צו שפּאַצירען און באַלד בעדאַרף זי פערשווינדען אין שלאָס. דעמאָלט דאָפּעלט משה׳לע די צייט, און ווי א מענש, וואָס האָט אַ מאַכט איבער׳ן לעבען פון בוך, ענדערט ער די איינגעשטעלטע אָרדנונג פון דער בוך-ממשלה און טראָגט-אַריין אייגען ליכט דערין. דאָס מיידעל שפּאַצירט שוין לענגער, און נישט דער אוי־טאָר, נאָר משה׳לע פיהרט זי אַרום אין זייטיגע אַלעען, וואָס דרעמלען אין אַ בשמים־אָנגעזאַפּטער, ווייניגער לופט. דאָס גאַנצע שטיק לעבען פון בוך געהערט שוין נישט צום אויטאָר, נאָר צו משה׳לען, פונקט ווי דער אויטאָר, דער גרויסער ווייסער רוסישער קינסטלער, וואָלט איהם איבערגעגעבען דעם פּאַרק צוזאַמען מיט די שליסלען. און אַז משה׳לה דערשפירט, אַז דאָס מיידעל איז שוין מיד, לאָזט ער זי פערשווינדען אין שלאָס און קוקט זיך אַרום מיט אַ פליהענדיג האַרץ פון שמחה. אַ האַלבער הימעל איז פערגאָסען מיט פורפור און ווייט, איבער׳ן פּאַרק, קושט אַ רויטע זון דעם טונקעלען ראַנד פון דער ערד. לאַנגזאַם לעשט זיך דער פורפור פון הימעל, און משה׳לע מאַכט האַסטיג צו דאָס בוך, ווי מען פערשליסט די טיר פון אַ פּאַרק, לויפט שנעל צו זלמנ׳ען און רוימט איהם איין אויפ׳ן אויער:

—ר׳ זלמן, פאַרהאַן שענע ערטער אויף דער וועלט. שע־נערע ווי אין אייערע מעשה׳לעך...

און זלמן הויבט-אויף זיינע מוטנע וואַסערלעך, אָנשטאָט אויגען, און פרעגט מיט זיין פערגליווערטען ווייבערשען פּנים:

—וואָס רעדסטו? איך פערשטעה דיך נישט.

—אויף דער ערד, זאָג איך, זענען פאַרהאַן אַזוינע ערטער,

וואָס זענען נאָך שענער ווי אין אייערע מעשה׳לעך...

זלמן ציטערט-אויף ווי פון אַ פלוצלעכן שטאָך, אָבער ער בעליידיגט זיך נישט. פונדעסטוועגן גיט ער אַ ברום מיט עקעל:

—און דו האָסט געזעהן אַזוינע ערטער, איך פרעג דיך?

—געזעהן...

און אַ שטילער שמייכעל שיינט-אויף, ווי אַ פייערל, אויף זיין בלאַס פּנים׳ל.

אויף אַ הויפעל פון דער אָרימער טאָטערשער גאַס איז אַריבערגעטראָגען געוואָרען דער אַלטער פּאַרק מיט׳ן פער׳חלומ׳טען שלאָס פון אַ פערצייטיגען רוסישען גוטסבעזיצער און משה׳לע וואוינט אין דעמדאָזיגען פּאַרק און געהט נאָך דער ווייסער פערטראַכטער מיידעל, וואָס שלייכט מיט שטילע טריט איבער אַ לאַנגער ליפּען-אַלעע, אינ׳ם פורפור פון זון-אונטערגאַנג, ווי אַ גרויסער ווייסער פויגעל, וואָס איז, אַנ׳איינזאַמער, געקומען אַהער פון אַנ׳אַנדער וועלט. און נאָכגעהן וועט ער איהר לאַנג, דאָס גאַנצע לעבען, כּל־זמן זיינע אויגען וועלען זיין אָפען, כּל־זמן זיין אָטעם וועט איהם דינען. טיילמאָל פאַלט שיינדעלע רושיג אַריין אין זיין אָבגעצוימטער ממשלה און רייסט איהם איבער זיין תּענוג. בייזערט זיך נישט משה׳לע, נאָר ער קוקט זי אָן גוטמוטיג, ווייך און פריינדליך, אָבער אָהן ליבע. שיינדעלע איז בלא שום ספק אַ שען און ליב מיידעל, אַ האַרציג קינד, אָבער דאָס איז נישט דאָס ווייסע מיידעל פון פער׳חלומ׳טען פּאַרק, וואָס איז אַזוי עהנליך צו דער פערגליווערטער געטאָקטער שניי-ווייסער שוואַנע אויפ׳ן רוהיגען זילבערנעם וואַסער. על־פּי־טעות איז ער געבוירען געוואָרען נישט דאָרטען, אין אַלטען שלאָס, מיט די שוויגענדיגע טיפע אויגען־פענסטער, אונטער יענעם פערבענקטען הימעל, וואָס רוהט אויף הונדערט־יעהריגע פּאַרק־בוימער. און איהם דאַכט זיך אַז ער קען שוין פון לאַנג דאָס ווייסע פּאַרק־מיידעל, אַז ער האָט זי שוין געזעהן גאָר אַמאָל־אַמאָל, נאָך איידער ער איז געבוירען געוואָרען, אין דעם אייגענעם פּאַרק, אויף דער אייגענער אַלעע, און איהר לייכט שיכעלע האָט דעמאָלט ווייך געשטעמפּעלט דעם געלען זוניגען זאַמד. פון יענער צייט איז ער, משה׳לע,

פערבלאָנזשעט געוואָרען, אַ מכשף האָט איהם פער׳כשופט און אַריבערגעוואָרפען אין דער לאַנגער גרויער טאָטערשער גאַס.

—ווייסט, משה׳לע, איך האָב היינט שפּאַצירט מיט אברהמ׳לען—זאָגט שיינדעלע און פון די גרויע אויגען שפּריצט איהר נקמה צוזאַמען מיט געמאַכטען גליק, ווי ביי אַ גרויס מיידעל.—אַ וואויל יונגעל איז ער, אַ פרעהליכער...

—מיט אברהמ׳לען—שטאַמעלט משה׳לע אָהן פאַרדרוס.—ער איז אַ פרעהליכער...

שיינדעלע דערפיהלט אָבער, אַז משה׳לעס הארץ איז אָנגעפילט מיט גליק, מיט אונבעקאַנטען, נישט-געטיילטען-גליק, וואָס זי האָט עס איהם נישט געגעבען און פון וועלכען זי קאָן אויך נישט נעהמען. ווערט זי פּלוצלונג איינפערזיכטיג און בייז.

—אַ שווערער מענש ביזטו... פונקט ווי אַ וואָלף...—שטעכט זי זיך, אָבער די ווערטער קלעפּען זיך איהר צו דער צונג, ווייל זי איז שטענדיג געוואוינט צו לאַכען און צו שעפּטשען זיס.— אַמאָל ביזטו געווען גוט צו מיר... פלעגסט מיר דערצעהלען מעשה׳לעך און מיר פלעגען געהן צוזאַמען...

נעהמט זי משה׳לען אָן פאַר דער האַנד און זעצט זי אַוועק נעבען זיך און לעגט-אַרויף זיין הייס בעקעל אויף איהר אַקסעל.

—שיינדעלע... — שמייכעלט ער און שעפּטשעט עטוואָס משוגע, מיט האַלב-צוגעמאַכטע אויגען, ווי אַ מענש, וואָס איז אַרויס פון דער געוועהנליכער לעבענס-ליניע און לעבט מיט אַ שענעם ווארימען חלום.—שיינדעלע, מיר איז איצט גוט... זיי נישט בייז אויף מיר...

—וואָס איז דיר גוט?—פרעגט שיינדעלע מיט אַ פיינליכער נייגיריגקייט, אַרויסשלעפּענדיג דעם אַקסעל פון אונטער זיין בעקעל. אין האַלז שטעהען איהר טרעהרען.

—פרעג מיך נישט. איך וועל דיר אַמאָל דערצעהלען.

—דערצעהל איצט.

—איך קאָן נישט...

—פאַרוואָס קאָנסטו נישט?

—איך קאָן נישט...

—אָבער דו ביזט אַ שלעכטער! אַ שלעכטער! אַ שלעכטער! אַ וואָלף... — רייסט זי זיך האַסטיג אויף פון אָרט און לויפט אַרויס פון שטוב.

און משה'לע זעצט זיך אַוועק אין ווינקעל שטוב, פער-דעקט מיט די הענדטלעך די אויגען און אָטעמט-אָב, פונקט ווי ער וואָלט געוואָלט אַראָבוואַרפען פון זיך דאָס ערדישע, דאָס גופ'ל און אַוועקפליהען בלויז מיט דער נשמה אַהין, אין פאַרק אַריין, אין זיין פאַרק, צו דעם ווייסען מיידעל אין שלאָס.

אָבער פלוצלונג טהוט איהם דאָס ערשטע מאָל אַ ציטער דאָס האַרץ:

—און גאָט?

און ער פערגראָבט זיך טיפער אין ווינקעל, אַז גאָטס שטראָף זאָל איהם נישט דערגרייכען.

ערשט שפעטער קומט ער צו זיך און פאַלט ווידער אַריין אין דער ממשלה פון בוך: רויטע וואָלקענדלעך ליגען, ווי גאָל-דענע שלאָפענדיגע פישעלעך אויף די בלויע פערטראַכטע וואַסערן פון הימעל, די זון דעקט זיך איין אין אַ פורפור-מאַנטעל און פאָהרט אויף אַ רויטער שיף אַהיים; די פענסטער פון אַלטען שלאָס טרינקען וויין, דער פאַרק שטעהט אַ פערטראַכטער און הערט זיך צו צו דער פאַרנאַכט-שטילקייט, ווי אַ גרויסע ריזען-עדה וואָלט צו-געבויגט צו איינאַנדער די קעפ; די גאָלדענע שטיפערישע שטע-געלעך ציהען-אַרויף אויף זיך טונקעלע זיידענע מאַנטעלעך; די שוואַנע זיצט אויפ'ן רוהיגען שפיגעלע וואַסער, אָהן שום בעווע-גונג, פונקט ווי אויסגעקנאָטען פון ערשט-געפאַלענעם שניי, און הויך און שלאַנק שלייכט-דורך דאָס ווייסע מיידעל די ליפען-אַלעע, ווי אַנ'איינזאַמער פויגעל, וואָס איז געקומען אַהער פון אַנדערע וועלטען.

אָבער איינמאָל, אין סאַמע רעכטען רייץ פון פאַרנאַכט, ווען משה'לע געהט-נאָך דער ווייסער מיידעל, דורכגענומען פון שטילקייט און קדושה און צעהלט די צייכענס פון איהרע ווייסע שיכעלעך אויפ'ן גאָלדענעם זאַמד, דערזעהט ער, אַז ער ליגט אויפ'ן

געלעגער, מיט קאַלטע קאָמפּרעסען אויפ׳ן קאָפּ, און די מאַמע דרעהט זיך אַרום, אַ צומישטע, מיט פערקוועטשטע ליפּען און מיט וואַקעלדיגע מידע טריט. דער טאַטע ליגט אויף דער קאַנאַ־פּע און לייענט אַ בוך, אָבער אויך אויף איהם איז קענטיג, זאָרג און עגמת־נפש. זלמן זיצט אין ווינקעל און שווייגט מיט ברייט־אויפ־געריסענע מוטנע ווייסלעך. אין שטוב איז גרוי און שטיל און קאַלט, פּונקט ווי דער טויט וואָלט זיך גע׳גנב׳עט ביי די ווענד. פּרובט משה׳לע אויפהויבען דעם קאָפּ, אַ האַנד, אָבער ער קאָן נישט, זיין גאַנצער גוף זעהט איהם אויס משונה גרויס און אַזוי ווי אָנגעגאָסען מיט בליי. ער ווייס נישט, אַז ער איז קראַנק, דאָך אָבער זעהט ער, וואָס מען טוט אין שטוב און פערשטעהט די מענשען, וואָס דרעהען זיך אַרום איהם. אויב מען זאָל נישט ריהרען מיט אַנ׳אבר, איז אפילו נישט שלעכט, פּונקט ווי אין אַ מידען שלאָף. ריהרט מען אָבער מיט אַנ׳אבר, הויבט־אָן ציהען דעם גוף צו דער ערד, עס ווערט משונה הייס און דאָס האַרץ נעהמט קלאַפּען ווי מיט אַנ׳אייזערנעם העמערעל אין אַ דין ווענד־טעל. משה׳לען ווילט זיך דאָך וויסען, פאַרוואָס ליגט ער און געהט נישט אַרום, הויבט ער אויף פּאַוואָליע די רעכטע האַנד, נאָכדעם דעם קאָפּ און וויל זיך אָנשפּאַרען מיט׳ן עלענבויגען אויפ׳ן קישען. אָבער אין דער אייגענער רגע פערלירט ער דאָס גלייכגעוויכט און פאַלט־אַריין אין אַ הייסער שוואַרצקייט. עס הערט זיך דער מאַמעס אַ קוויטשיג אויסגעשריי, זלמנ׳ס באַסען־טריט פון די זעלנערישע שטיוועל און דעם, טאַטענס מיט זאָרג אָנגעזאַפּטע, ווערטער:

— ער איז קראַנק, דער יונג, ער איז שטאַרק קראַנק... מען מוז לויפען נאָך אַ דאָקטאָר...

---

# אונטער אַ ווייטען פאָרהאַנג.

## זעכצעהנטעס קאפיטעל.

אַז משהלע געהט־אַרויס צום ערשטען מאָל אין דרויסען אויף
פֿשוואַכע, נאָר לייכטע פיס, שלאָגט פון אַלע זייטען דאָס
ליכט פון טאָג, און די זון ציהט גרינע בלעטער פון די בוימער
און גאָלד פון די פענסטער. אין דעם גערויש פון די רעדער,
אין דער טופעריי פון די פערד, אין דער באַוועגונג פון מענשען
און אין זייערע קולות הערען זיך טויזענדער קלאַנגען, אָנגעזאַפט
מיט שמחה און זון. פון אַלץ געהט־אויף אַ פרייד, אַ'אייגעהאַל־
טען געלעכטער, וואָס בעדאַרף זיך אויסלאכען, אַ זוניגער שמייכעל,
וואָס בעדאַרף זיך צוציהען ברייטער. בעזונדערס גיסט זיך שמחה
און זון פון די אויגען־שפּעלטעלעך ביי קינדער, ביי עלטערע און
אַפילו ביי זקנים. אַלע געהען מיט גאָלדענע שפּעלטעלעך אונ־
טער די שטערענס, און עס־דאַכט זיך, אַז די ערד האָט זיך פיר־
נאַנדערגערוקט און פונאַנדערגעצויגען און אַז דער הימעל איז
אַרויס פון די ברעגען, ווי אַ טייך־געוויסער, און זיך צוגאָסען
אויף טויזענדער הימלען, וואָס האָבען קיין אָנהויב און קיין סוף
נישט און אַז די זון האָט זיך געטאָפּעלט און האַלט גאָלדענע

הויפענס זונשטויב און שיט זיי און שפּרייט זיי איבער דער וועלט.
און דערדאָזיגער זונשטויב פאַלט־אַריין אין משה׳לעס הערצעל און
אין די אויגען און די בלוטען, און די פיס בעוועגען זיך איהם
אַלץ לייכטער און לייכטער און אַ געזונדטע וואַרימקייט פילט אים
אויס די חוט־השדרה און דער קאָפּ הויבט זיך אויף העכער און
די אַקסלען ווערען ברייטער און די הענד ווילען זיך פונאַנדער־
שפּרייטען, ווי פליגלען, פּונקט ווי ער וואָלט אויך אַרויס פון די
ברעגען, ווי אַ טייך. עס איז ניי די גאַס און ניי די הייזער און
ניי די מענשען, און דאָס, וואָס איז געווען ביז אַהער, ביז אָט
דער שעה, ביז אָט דעם טאָג און אָט דעם הימעל און אָט דער
זון און אָט די אויגען־שפּעלטעלעך אונטער די שטערענס—איז גע־
ווען אַלט און קראַנק און שוואַרץ און טויט, און מען קאָן עס
שוין נישט געדענקען, ווייל דאָס ווישט זיך אויס אין זכרון, ווי
עס ווישט זיך אויס די נאַכט פאַר דער אָנקומענדיגער זון. איצט
שפּירט זיך משה׳לע לופטיג און ריין און גע׳טובל׳ט אין די בלויע
כוואַליעס פון הימעל און ער געהט נישט בלויז מיט די פיס, נאָר
מיט׳ן געהער, מיט די אויגען און מיט׳ן בלוט, און פונ׳ם געהער ווערט
נישט פערפאַלען קיין איין קלאַנג און פון אויג ווערט נישט פער־
לאָרען קיין איין פאַרב און פונ׳ם בלוט—דער תענוג פון געהן
און הערען און זעהן. יעדער שפּרייז ווערט ברייטער, יעדער
טראָט ווערט איילינגער און אַ צאַרטע ראָזקייט, ווי אַ בעגינען־
וואָלקענדעל, לעגט זיך איהם אויף די בעקלעך. און טיפער קוקט
ער אין גאַס: פריהער פאָהרט אַ פאַס וואַסער מיט אַ ווייס־שמוצי־
גער שקאַפע, נאָכדעם אַ גלח, נאָכדעם אַ פויער מיט אַ וועגעל
האָלץ, נאָכדעם אַ וואָגען מיט ציגעל, נאָכדעם פייערלעשער און
נאָכדעם אַ הויכער וואָגען מיט פאַראַיאָהריגען אַלטען היי. און
אויפ׳ן טראָטואַר: אַ יונגע גימנאַזיסטין מיט אַ קראַגענדעל אַרום
אַ דינעם האַלז, אַן׳אַלטער יוד מיט צוויי קאַנען מילך, אַ יודענע
מיט אַ קינד אויף דער האַנד, אַ טשינאָווניק, אַ תלמוד־תורה־יונגעל,
אַ פּאָליציאַנט, אַ גרויסער געלער הונד מיט אַן׳אויפגעהויבענעם עק,
און אָט איז גאָר שיינדעלע. ווי הויך זי איז געוואָרען. ווי שען
זי איז. און וויפיל פרעהלין גאָלד עס גיסט איהר פון די אויגען־

שפּעלטעלעך. אַ גאָלדענער שמייכעלע עפנט איהר די ראָזע אויס־געשאָרענע ליפּלעך און עפּעס שעמדיג איז זי און אַ לאָק פאַלט איהר אַרויס פון הינטער אַנ'אונבעקאַנטען היטעלע און די ברוסט בעוועגט זיך איהר העפטיגער אונטער אַנ'אונבעקאַנטער ווייסער בלוזקעלע און אַ האַנד שטרעקט זי אויס און די צאַרטע הויט צווישען דעם גראָבען־און ווייזפינגער לייכט זיך דורך אויף דער זון, ווי אַ צאַרט ראָז גלעזעל און זי ווייס נישט וואָס צו ריידען און וויל ריידען און לאַכען וויל זי און האַלט זיך, קענטיג, איין און צוגעהן נעהנטער וויל זי און מאַכט אַ טריט צוריק, און די זון פאלט אויף איהר מיט גאָלד און דער הימעל פאַלט אויף איהר מיט בלויע כוואַליעס און העלער און ליכטיגער ווערט זי, פונקט ווי זי וואָלט זיך צושמעלצען אין גאָלד, נאָר דאָס גאָלד האָט אַ האַנד און ער דערפיהלט די האַנד אין זיינער און זי מאַכט דאָך אַ טריט נעהנטער און ער הערט איהר קול, וואָס קלינגט ווי אַ פערציהרונגס-קלאַנג איג'ם געפלאָכטענעם, געדיכט־פערוועבטען 'גע־רויש פון גאַס:

—וואוהין געהסטו, משה'לע!

און משה'לע ענטפערט איהר לופטיג, ווי אַ וואָלקענדעל וואָלט גערעדט צו אַ וואָלקענדעל:

—איך געה... איך ווייס נישט... אין ליודאַמענט...

מאַכט שיינדעלע אַ נעהנטערן טריט מיט אַ פראַגע:

—אָהן מיר?

און משה'לע ענטפערט:

—אָהן דיר...

און משהלעס ענטפער צושיידט זיי לייכט, ווי אַ דורכזיכ־טיגער פאָרהאַנג וואָלט געפאַלען צווישען זיי און שיינדעלע ווערט שעמעדיגער, אָבער נישט דערשראָקען און נישט אַראָבגעפאַלען ביי זיך, פונקט ווי איהר דערוואַקסענקייט און איהר ניי אונבע־קאַנט היטעלע און אונבעקאַנטי בלוזקעלע וואָלטען זיך אָנגענומען פאַר איהר און זיך שטאָלץ געשטעלט געגען משה'לען. און משה'לע פיהלט זיך אַזוי לופטיג און אַזוי גע'טוב'לט, אַז ער זעהט נישט, אַז עס קאָן ווערען אַ ברוגז פון זיין ענטפער, און שטעהן שטעהט

ער נעבען איהר, ווי אַ מחילה׳דיגער מענש, וואָס בעדאַרף גאָר־
נישט און וואָס מאָהנט גאָרנישט און וואָס קאָן אפילו אַ קוש טאָן
פּאַר פּאַטש. אָבער די דערוואַקסענקייט שטייגט אין שיינדעלע׳ן
און זי פּאַנצערט זיך אין דער ווייסער בלוזקע און אינ׳ם נייעם
היטעלע און די שעמענדיגקייט ווערט אָבגעווישט אין איהר און
אַ געשיידט שמייכעלע ווייזט זיך איר אויף די ליפּלעך און מיט
אַ געשיידטען קול וואַרפט זי צו די ווערטער, ווי קליינינטשקע
בריהענדיגע שטיינדעלעך:

—נו, געה דיר אַליין... פאַרנאַכט שפּאַציר איך אין דעם
גובערנאַטאָרס גאָרטען. אין וועלדעל. מוזיק שפּילט דאָרט... און
איך בין געווען אין זומער־טעאַטער...

און גלייכצייטיג דרעהען זיך ביידע קינדער אויס אויף
דער העלפט און קוקען זיך אָן אַזוי, פּונקט ווי דער עבר און די
קינדהייט וואָלט זיך צעוויינט אין זיי אויף אַ רגע און זיך נאָכ־
דעם פערשלאָסען אויף אייביג, און משה׳לע שאָקעלט איהר לייכט
מיט׳ן קאָפּ און רעדט צו איהר מיט אַ ליידיג גליקליך הערצעל:

—גריס דיין מאַמען, שיינדעלע... וועט זיך אַמאָל מאַכען אַ
גוט ביכעלע, וועל איך אַריינקומען צו אייך...

און שיינדעלע שאָקעלט אויך צו מיט׳ן קאָפּ און ביידענס
הענדטלעך פעראייניגען זיך, אָבער פרעמד און פריינדליך, און שיינ־
דעלע ענטפערט מיט אַ מעהר געשיידטען קול:

—זעהר גוט. דו וועסט אַריינקומען מיט אַ ביכעלע. זעהר
גוט...

און אָט שפּאַנט משה׳לע ווייטער און פון דאָסניי פּאַלט
איהם אַריין אין אויער דער גערויש פון גאַס, פּונקט ווי אַ מעכ־
טיגער אָרקעסטער און ווידער גיסט זיך איהם אין די אויגען די
בלויקייט פון הימעל און דאָס גאָלד פון דער זון און זיכער בע־
שליסט ער, אַז ער געהט אין ליודאַמענט, כאָטש די מאַמע האָט
איהם אָנגעזאָגט, ער זאָל ווייט נישט געהן, ווייל ער איז שוואַך
און ער מוז עסען צו דער צייט. אָבער ער איז גאָרנישט שוואַך,
פערקעהרט, ער איז גאָר קיינמאָל נישט געווען אַזוי געזונד, ווי
איצט און דאָס ערשטע מאָל אין לעבען פיהלט ער, ווי די כוחות

שטייגען אין איהם און אַז עס איז פֿאַרהאַן אַ געזונדטער צוזאַ-
מענהאַנג, אַ פעסטע קרובה׳שאַפט צווישען די פיס און די הענד
און דעם קאָפּ. און ער געהט ווייטער אין דעם פלאָנטער פון
גאָלדענע זונבענדער, אינ׳ם גערויש פון גאַס, וואָס הילכט ווי
אַנ׳אָרקעסטער פון מעשענע כלים און פויקען, און אָט איז שוין
דער טייך און דעם גלח׳ס גאָרטען און פון הינטער׳ן גאָרטען
שווימט פלוצלונג אַרויס אַ שטילקייט מיט אַ גרינער לאָנקע און
פון דער לאָנקע קוקען-אַרויס טויזענדער אויסגעשאָרענע אויגע-
לעך פון ווייסע, געלע, רויטע און בלויע בלימעלעך און פון אויי-
בען וויגט זיך דער הימעל פון זיין בלויקייט-משא און זונגאָלד,
און די גאַנצע רחבות׳דיגע לאָנקע מיט׳ן אונענדליכען הימעל פאַלען-
אַריין משה׳לען אין אויג אַריין, אָבער ער ווערט נישט שווער
דערפון, נאָר פערקעהרט, לייכטער און לופטיגער ווערט ער,
אונקט ווי זיין גאַנצער גוף וואָלט זיך צוזאַמענגענומען און וואָלט
זיך פערקליבען צו איהם אין דער נשמה, און אַז ער לעגט זיך
אַנידער אינ׳ם הויכען וואַרימען גראָז, וואו עס פייפט אַ שוועל-
בעלע און עס טשיריקעט אַ גרויער ווערעבייטשיק און עס זשומט
אַ ביהן און עס פלאַטערט אַ שמעטערלינג און גאָט׳ס בהמה׳לעך
זכען געניט און קלוג אינ׳ם גראָז זייער קליינטשיק גליק—מאַכט
ער צו די אויגען און לאָזט זיך שווימען אין זיסע רעיונות און
שפּירונגען, וואָס זענען אַזוי ווי עהנליך צו דער לאָנקע און צום
הימעל. דאָס זענען רעיונות און שפּירונגען פון ריינקייט און
בע׳טובל׳טקייט, פון איבערקומען אַ קראַנקהייט און אַ שווערען
קאַמף מיט זיך און פון אַ קינדהייט, וואָס איז אַריבער איהר טונ-
קעלע גרענעץ און איז אַרויף אויף די ערשטע ברייטע גלאַטע
וועגעלעך פון דער יוגענד. און אַזוי ווי צוויי פאַרבען וואָלט ער
געפיהלט: שוואַרץ און ווייס. שוואַרץ איז דאָס, וואָס איז געווען
זיין קאַמף און זיין ראַנגלעניש, זיין נאַרישקייט און זיינע ליי-
דען און ווייס איז דאָס, וואָס ער איז איצט און וואָס ער וועט
זיין און אַלץ, וואָס רינגעלט איהם אַרום. און די ווייסע פאַרב
פערגיסט די שוואַרצע פאַרב און דאָס שוואַרצע ווערט ווייס, ווי
שניי. זיין קליינטשקער עבר, וואָס זעהט איהם אויס אַזוי לאַנג, ווי

אַ זיבעציג-יעהריגען מענשען זיינע זיבעציג יאָהר און זיין גאַנ-
צע קינדהייט, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט פרייד און טרעהרען, אָנ-
מעט און גליק, ווערען איצט עהנליך צו אַ ברייטען ווייסען
פעלד מיט שניי.

איינציגע קעפּ הויבען זיך פון דערדאָזיגער ווייסקייט: דער-
טאַטע, די מאַמע, זלמן, די פעטערס, שיינדעלע, רבקה׳לע, מע-
מעלע. מיט אַלעמען איז געענדיגט, דאָס הייסט איין קאַפּיטעל,
אַ קינדהייטס-קאַפּיטעל איז געענדיגט. דעריבער איז נישטאָ קיין
האַס און קיין שלעכטס אין די אויגען, מיט וועלכע דידאָזיגע
קעפּ קוקען אויף משה׳לען. גוט און שטיל און אויסגעלעבט זע-
נען די אויגען, ווי די אויגען פון אַנ׳אַלטען טייערען בילד. קיי-
נער האָט צו איהם נישט קיין טענות און אַלע חשבונות זענען
אויסגעגלייכט.

און משה׳לע עפענט די אויגען: דער הימעל גיסט בלויקייט,
די זון גיסט גאָלד, די לאָנקע גיסט גרינקייט און דער טייך —
זילבער. און אין דידאָזיגע פאַרבען קלינגט דער אָרקעסטער פון
שוועלבעלעך און שטשיגלעס און ווערביטשיקעס און ביהנען און
שפרינגערס און אונטער דידאָזיגע קלאַנגען שפרייט-אויס די ערד
מאַמעדיגע וואַרימע הענד און גלעט די גרעזעלעך און די בלי-
מעלעך און משה׳לען און די טייך-וועלכעלעך און די הויכע לי-
פּעס, וואָס וועגען זיך אַריבער, ווי מידע ריזען, איבער׳ן פאַר-
קאָן פונ׳ם גלח׳ס גאָרטען. און די גרויסע וועלט ווערט פלוצלונג
אַ קליינינקע און זי גיסט זיך אַריין איינגאַנגען צו משה׳לען
און משה׳לע גיסט זיך אַריין אין דער וועלט און ביידע וויגען
זיך און טראָגען זיך אין נייע אונבעקאַנטע לופטענס, אין נייע
ליכטיגקייטען און זונגען און משה׳לע דערשפּירט מיט אַמאָל דעם
אָטעם פון גאָט. מיט גאָט איז נאָך דער חשבון נישט געענדיגט.
און דער חשבון איז אַ זיסער און אַנ׳אייביגער. די אפּיקורס׳ישע
רעיונות צושטערען נישט משה׳לען גאָט׳ס הימעל-בנין און ער
פיהלט אינסטינקטיוו און מיט אַ בעזונדער טיף-שפּראָצענדיגער
הנאה, אַז דערדאָזיגער בנין וועט לעבען אַזוי לאַנג, כל-זמן
משה׳לע וועט לעבען. מיט גאָט קאָן מען זיך נישט שיידען, ווי-

מען קאָן זיך נישט שיידען מיט דער זון און מיט'ן הימעל. פאַרהאַן גאָט-פעדעם, וואָס בינדען איהם צאַרט דאָס האַרץ אויף אייביג.

און פּאַמעליך דרעמעלט ער איין אינ'ם ווייכען גראָז, אין די וואַרימע הענד פון דער ערד, און פון גוטסקייט און שוואַכ-קייט פאַלט ער אַריין אין אַ חלום און אין חלום זעהט ער אַ וואַלד און אַ הייזעל. געהט ער אַריין אינ'ם הייזעל, בעווייזט זיך אַנ'אַלטער מאַן מיט אַ ווייסער באָרד, וואָס פערדעקט איהם די ברוסט. נעהמט איהם אָן דער אַלטער ביי דער האַנד און קוקט איהם אָן מיט אויגען, וואָס זעהען נישט דאָס אויסערליכע, נאָר דאָס אינערליכע, און מיט אַ קול פון אַ מענשען, וואָס האָט דאָס גאַנצע לעבען געשוויגען, שעפּטשעט ער:

—דו שרעקסט זיך?

און משה'לע שרעקט זיך און שרעקט זיך נישט און געהט מיט'ן אַלטען, און דער אַלטער פיהרט איהם אַריין אין אַ הייל און אין הייל ווערט מיט אַמאָל ליכטיג און מיט אַמאָל פינסטער. געהען זיי טאַפּענדיג אינדערפינסטער, לאָזען זיי זיך אַראָב טיפער אין דער ערד, דערזעהען זיי צווערשט אַ שיין און באַלד דערויף אַ טיר. עפענען זיי די טיר, ווערען זיי אָבגעגאָסען מיט אַ ים פון בלויען הימעל-ליכט און משה'לע זעהט אַנ'אויסטערליש צימער: די ווענד זענען בעצויגען מיט בלויען הימעל, דער באַלקען—מיט בלויען הימעל,—די פאָדלאָגע—מיט בלויען הימעל, און ביי אַ לאַנגען טיש, בעדעקט מיט ווייסע מאַי-וואָלקענדליך, זיצען אַכציג זקנים מיט ווייסע פנים'ער אָהן אַ טראָפּען בלוט, מיט ווייסע בערד און מיט אויגען, וואָס זעהען נישט דאָס אויסערליכע, נאָר דאָס אינערלי-כע און דער עלטסטער פון זיי, וואָס שיידט זיך נישט אונטער פון די זקנים, נאָר וואָס זיצט עטוואָס העכער פון זיי, גיט אַ וואונק מיט אַ פינגער צו משה'לען, און משה'לע דערנעהנט זיך אַליין, אָהן דעם אַלטען, צום טיש און דער עלטסטער קוקט איהם אָן מיט באָרד און אויגען צוזאַמען און גיט אַ פרעג מיט אַ קול פון אַ מענשען, וואָס האָט דאָס גאַנצע לעבען נישט גערעדט:

—נו, מיין קינד, ווי אַזוי רעכענסטו ווייטער צו לעבען?

און באַלד, נאָך דערדאָזיגער פראַגע, רייסט זיך איבער דער חלום און משה׳לע הויבט זיך אויף פונ׳ם וואַרימען איינגע-לעגענעם גראָז. אַ רויטער הימעל קייקעלט רויטע וועלכעלעך אין טייכל, אַ רויטע זון וואַרפט הויפענס פורפורשטויב אויף דער לאָנקע און משה׳לע קוקט זיך אַרום און ווישט זיך איבער דעם שטערען און דרעהט זיך אויס צו דער שטאָדט.

און אונטער דער רויטער זון געזעגענט ער זיך מיט דער לאָנקע און אין אַ לייכטער פרומער שכרות פון גראָז-ריחות און פון ערד און פון הימעל און פון גאָט מאַכט ער די ערשטע שריט אַהיים. אָבער דאָס איז נישט אַהיים. ער ווייס, אַז אין דעם טאָג זענען נייע סטרונעס געבוירען געוואָרען אין זיין הער-צעל אָדער ער איז אינגאַנצען פון דאָסניי געבוירען געוואָרען נישט ביי עלטערן, נאָר אין דער לופט, אין דער לופט פון זון און ליכט, אַז אין איהם האָט זיך געוועקסעלט דאָס בלוט און אַז די ביינער האָבען בעקומען אַנ׳אַנדער צעמענט, און מיט טי-פע, אַלץ-זעהענדיגע אויגען שטעלט ער זיך צו און קוקט זיך אַרום, און איהם דאַכט זיך, אַז אַ ווייסער פאָרהאַנג האָט זיך לאַנגזאַם אַראָבגעלאָזט איבער דעם פריהערדיגען משה׳לען און זיין קינדהייט...

# קינדער־ביבליאָטעק

◁○○▷ פערלאַג „יודיש" ◁○○▷

אונטער דער רעדאַקציע פון דוד קאַסעל.

ביטשער סטאָאו . . . . . . . . . פעטער טאָם *)
רפאל גוטמאַן . . . . . . . . . . . . הלל הזקן
רפאל גוטמאַן . . . . . . . . . . . ר' עקיבא
רפאל גוטמאַן . . . . . . . . . . . חוני המעגל
רחל שאַבאַד . . . . . . . . . . . . גור אריה
רחל שאַבאַד . . . . . . . . פאַר'כשופ'טער שלאָס
רחל שאַבאַד . . . . . . . . . . . . מאי־זשוק
דוד קאַסעל . די קינדהייט פון אַ גרויסען מענשען *)
ס. ק. אַקסאַקאָוו . . . . . . דאָס רויטע בלימעל
ברידער גרים . . . . . . . . ברעמענער כלי־זמר
שרה רייזען . . . . . . . . . דער האָלץ־העקער
שרה רייזען . . . . . . . . . . . רבקה און גיטל
י. סוויפט . . . . . . . . . . . קליינע מענשעלאַך *)
הערבערט ספענסער . . . . . . . . תחית המתים *)

---

**בעמערקונג:**

די נעמען, וואָס זענען בעצייכענט מיט אַ שטערענדל, זענען בעשטימט פאַר עלטערע קינדער.

אין דער „קינדער־ביבליאָטעק" פונ'ם פערלאַג „יודיש" ווערט צוגעגרייט אַ נייע סעריע, אין וועלכער עס געהען אריין מעשה'לעך פון אַנדערסען, בר. גרים, לאַנג, פאָלקס־מעשה'לעך און לעבענס־בעשרייבונגען פון גרויסע מענשען, איינאַקטערס פאַר קינדער און לייכטע וויסענשאַפטליכע ביכלעך.

יעדעס מעשה'לע האַלט פון 1 ביז 4 בויגען.

איננילען דערשיינען פון דרוק:

## אָריגינעלע ווערק:

סעריע: „לענדער און פעלקער", II־טער באַנד.

**אפריקע,** צוזאַמענגעשטעלט דורך **ד. קאַסעל** און **מ. בירנבוים**
(בעהאַנדעלט אויספיהרליך די געאָגראַפישע לאַגע, קלימאַט, בעפעל־קערונג און מדינות פון אפריקע. צוגעפאַסט אויך פאַר קינדער).

**סאָציאָלאָגישע עטיודען** . . . . . **ב. מיכלעוויטש**

**דאָס טעאַטער און זיין בעדייטונג** . . **ד"ר מ. ווייכערט**

## איבערזעצונגען:

**שיר־השירים** (גרויסער, ראָמאַן 3 בענד) . . **ה. זודערמאַן**

**טויזענד און איין נאַכט** (נייע דריי בענד) . . . . .

**געקליבענע ווערק** . . . . . . . . . **ל. בערנע**

**דאָס טעאַטער** . . . . . . . . . . . **ה. באַר**

**די פרינצעסין פון קלאַריד** . . . . . . **א. פראַנס**

**אהין און צוריק** (באַשרייבונג פון אַ נסיעה) . **ל. טראָצקי**

עס ווערען צוגעגרייט צום דרוק:

**ל. בעטהאָווען** (מאָנאָגראַפיע) . . . . . . . . . .

**וו. מאָצאַרט** (מאָנאָגראַפיע) . . . . . . . . . . .

**מיקעל אַנזשעלאָ** (מאָנאָגראַפיע) . . . . . . . . . .

**ע. קאַנט,** זיין לעבען און פילאָזאָפישע שיטה. . . . .

**געאָרג־ווילהעלם העגעל,**
זיין לעבען און פילאָזאָפישע שיטה

**פ. ניצשע,** זיין לעבען און פילאָזאָפישע שיטה . . . .

---

**בעמערקונג:**

יעדער נומער פונ'ם פערלאַג „יודיש" האַלט פון 10 ביז 20 דרוק־בויגען.